# יונגע יאָהרען

## און אנדערע ערצעהלונגען

פון

## שלום אַש.

---

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
175 איסט בראדוויי, ניו יארק
1918



# אינהאלטס-פערצייכנים:

---



---

## 1

**אז מען איז ארויסגעפאהרען פון שווארצען דאמבראווער וואלד,** פלעגען זיך שוין בעווייזען ווי אויס א ווייטען חלום, די צוויי בלישצענדע ליכטלאך פון די ווינד־מיהלען. און ווען די פוהרמאנען און די פויערים האבען דערזעהן די ליכטלאך, וואס ראנגלען זיך צווישען די נאכט־וועללען און ווינקען נאך הילף — איז זיי גרינגער געווארען אויפ'ן הארצען, וואס זיי זיינען שוין דורכגעקומען דעם וואלד, אין וועלכען עס האלטען זיך אויף די דאמבראווער גזלנים, און עס ווייזען זיך שוין די ווינד־מיהלען אויף דעם בערגעל פאר דער שטאדט...

לאנג זיינען שוין די צוויי ליכטלאך אויסגעלאשען געווארען, און קיין פוהרמאנעס פאהרען שוין ניט. אויף דעם וועג פון דעם שטעדטעל ז. קיין ג. לויפט שוין יעצט א באהן, און די פאסאזשירען וואס פאהרען אויף די באהן פאלט גאר ניט איין ארויסצוקוקען פון די פענסטער און צו זוכען די ליכטלאך. נאר נאך ביז היינטיגען טאג זעהט די ליכטלאך רחל'ע, דעם מילנער'ס איניקעל. ווייט, ווייט אויף יענער זייט ים, פערווארפען, אין א גרויסער שטאדט, צווישען פרעמדע מענשען, — דערזעהט רחל'ע יענע צוויי ליכטלאך, וואס ווינקען ארויס פון די נאכט־וועלען, ווי זיי וואלטען געטרונקען זיך און געבעטען הילף. דארטען, וואו די ליכטלאך לייכטען זיך, געפינט זיך א בערגעל און אויף דעם בערגעל שטעהען דריי ווינד־מיהלען, און כאטש אין היינטיגען טאג איז שוין פון זיי קיין זכר ניטא, און אויף זייער ארט שטעהט היינט א גרויסע קאזארמע פאר זעלנער, דאך זעהט רחל'ע אליץ אין דעם פרעמדען לאנד דאס בערגעל און די דריי ווינד־מיהלען, וועלכע איז איהר היים געווען, און צווישען וועלכע זי האט פערבראכט איהרע יונגע יאהרען...

---

די מוטער איז רחל'ען געשטארבען פריה — זי האט זי ניט געקענט —און דער פאטער איז אוועק אין אן אנדער שטאדט און האט חתונה גע־האט און געמאכט זיך א נייע פאמיליע. זי האט זיך אויפגעצויגען ביים זיידען אין די ווינד־מיהלען — דארט וואו די מאמע איז געשטארבען. זי געדענקט ווי פון חלום, אז דער זיידע, וואס האט זיך תמיד געקלאגט אויף די פיס, האט זי דאך געהאלטען אויף די קראנקע פיס די גאנצע צייט ביים עסען, און זי האט געמוזט עסען מיט איהם פון איין טעלער ארוים — זיך א לעפעלע און דעם קינד א לעפעלע. און די באבע, וועלכע איז געווען אייפערזיכטיג אויפ'ן זיידען, וואס דאס קינד געהט ניכער צו איהם ווי צו איהר — האט זיך געהאלטען אין איין בייזערען ביים טיש: דו מאכסט קאליע דאס קינד.... דאס קינד קען ניט עסען צוליעב דיר... דו צושטעכסט איהר דאס פנים מיט דיין בארד... און זי האט אזוי לאנג געברויעט, ביז דער זיידע האט געמוזט דאס קינד אראפזעצען פון דער קניע אויף איהר הויכען בענקעל. נאר קוים איז דאס קינד אראב פון זיידענ'ס קניען, האט די באבע עס באלד געכאפט אויף איהרע קניען און געפרואווט איהר געבען עסען פון איהר טעלער. דאס קינד האט אבער בעסער געוואלט זיין ביים זיידען, האט עס זיך צואווינט — און די באבע האט עס געמוזט אבלאזען מיט א געבייזער. האט זיך דער זיידע צולאכט:

— זעהסט דאך, יענטעלע, אז זי וויל זיין בעסער ביי מיר מיט א בארד, ווי ביי דיר אהן א בארד.

האט זיך די באבע צובייזערט, און זיך אנגערופען מיט פארוואורף:

— פונקט אזוי ווי איהר מוטער. שרה'לע איז אויך געווען א קאפ־ריזנע — זאל איהר טאכטער ניט זיין א קאפריזנע?

איז מיט אמאל אלעס שטיל געווארען ביים טיש. דער זיידע מיט דער באבע האבען זיך דערמאהנט אן זייער יונגער טאכטער שרה'לע, זייער איינציגע טאכטער, וואס זיי האבען אויסגעגעבען פאר'ן זשאכלי־נער רבי'נס זוהן, און וועלכע פוילט יונגערהייט אין דער ערד. האט זיך די באבע אנגעהויבען ווישען די אלטע אויגען מיט דער שירץ, אוועק־גערוקט דעם טעלער און שוין ניט געוואלט עסען.

איז דער זיידע צוגעגאנגען צו איהר און געקלאפט איהר מיט דער האנד איבער'ן פלייצע און געזאגט:

— שא־שא, לאז זי רוהען אין ליכטיגען גן־עדן, דאס קינד האט זי אונז איבערגעלאזט.

האט רחל'ע דאן איהר מאמע געזעהן. רחל'ע האט געזעהן, ווי איהר מאמע, א יונגע און א שעהנע, אויסגעציערט אין זיידענס, מיט גרויסע בריליאנטענע רינגלאך אין די אויערען און מיט טייערע שנירלאך פערל אויפ'ן האלז דרעהט זיך ארום אין גרויסע, גרויסע סאלעס, אין די סאלעס איז אזוי ליכטיג, אז די אויגען ווערען פערבלענדעט פאר ליכטיגקייט. אין יעדער סאלע שטעהט א גרויסער געדעקטער טיש, מיט ווייסע ציזעלען, מיט זילבערנע לייכטער, און גרויסע ליכט ברענגען אין חנוכה־לייכטער — דאס איז דער גן עדן. און איהר מאמע, א יונגע און א שעהנע, דרעהט זיך ארום פון איין סאלע אין די צווייטע און בענשט די שבת־ליכט. קיינער איז אין די סאלעס ניטא. נור איהר מאמע אליין. מען האט זי דארט אריינגעזעצט, און זי ווארט דארט, די מאמע, אויף דער באבע'ן מיט דעם זיידע'ן, אויפ'ן פעטער, אויף איהר — זי ווארט שוין אזוי לאנג, יעדען אבענד ווארט זי אז מען זאל אהין קומען צו געהן. און קיינער קומט ניט צו דער מאמען. און זי פיהלט זיך נעבאך אזוי איינזאם אין דעם ליכטיגען גן עדן איינע אליין...

האט זיך רחל'ע אנגערופען:

—באבעשי, ווען וועלען מיר געהען צו דער מאמען אין גן עדן אריין?

— איבער הונדערט־און־צוואנציג יאהר, קינד לעבען, וועלען מיר אלע געהן צו דער מאמע אין גן־עדן אריין.

— איבער הונדערט־און־צוואנציג יאהר! א יאהר איז אזוי לאנג — פון איין פסח ביז צום צווייטען, און הונדערט יאהר איז אזוי פיעל, און אזוי לאנג צו ווארטען — און די מאמע וועט די גאנצע צייט זיין אליין — איז רחל'ע טרויעריג געווארען איבער דער מאמע'ס איינזאמקייט...

דעם זיידען האט זי שטענדיג ליעבער געהאט ווי דער באבען. א הויכער איז ער געווען און א בלייכער, מיט א מאגער געזיכט. די לאנגע ווייסע באָרד האָט פערשטעלט זיינע דארע באקען און זיין דינעם האלז, און שטענדיג איז ער געגאנגען אנגעטהאן אין ווייסע כאלאטען, אזוי אז די גוים האבען איהם גערופען „דער ווייסער איד". אלע האבען פאר איהם דרך־ארץ געהאט, ווי א ביסעלע מורא. ווען ער איז געגאנגען איבער'ן וועג פון שטוב אין מיהל אריין, אין זיין ווייסען כאלאט, מיט

זיין לאנגע ווייסע בארד, האט זיין הויכע מאגערע געשטאלט א שרעק אנגעווארפען. אלע האבען אפגעטראטען איהם דעם וועג. און קוים פלעגט ער אריינקומען אין די מיהלען, האבען אנגעהויבען די פליגלען זיך צו בעוועגען, און עס האט זיך געהערט דאס רוישען פון ווינד אין די פליג־לען פון דער מיהל. איין פליגעל האט דעם אנדערען געיאגט, און א שטילער ווינד־געשפרעך איז אנגעגאנגען צווישען די פליגלען, און אי־בער די גרינע לאנקע אויף דעם בערגעל, אויף וועלכען עס זיינען געשטא־נען די מיהלען, האבען זיך אנגעהויבען צו יאגען שאטענס, ווילדע שא־טענס, מענשען מיט אבגעריסענע קעפ. איין שאטען איז דעם אנדערען נאכגעלאפען, נאכגעיאגט און דערגרייכט איהם, איז אריין אין איהם און האט אויפגעגעסען אן אנדערען שאטען... און עס איז אזא אימה אנגע־פאלען צו זעהן ווי שאטענס יאגען זיך נאך די פליגלען פון די מיהלען...

און רחל'ע האט ליעב געהאט צו הערען דעם רעש פון ווינד צווישען די פליגלען פון די מיהלען... קוים איז נאכט געווארען, איז דער זיידע אין דער מיהל אריין. עס האבען זיך באלד דערזעהן די צוויי ליכטלאך ארויסשימערען פון די מיהל־פענסטערלאך, און באלד האט זיך דער־הערט דאס געוויין פון ווינד, ווי עס קלאגט ארויס פון די פליעגלען. טיילמאל האט זיך רחל'ען געדאכט, אז עמיץ וועך, א לעבעדיגע זאך, א פרוי צי א מיידעל, האט זיך אנגעטשעפעט מיט איהרע לאנגע צעפ צווי־שען די פליגלען פון מיהל, און דאס קלאגט אזוי ארויס פון די מיהל ארויס — וואס זי מוז זיך יאגען מיט די ווינד מיהלען, און די אלע שאטענס זיינען די טויטע פרויען, וואס קלאגען אזוי צווישען די מיהלען. און דאס יאנט זיי דער זיידע אזוי, אז זיי זאלען די פליגלען פון זיין מיהל יאגען.

און ווען דער זיידע איז צוריקגעקומען פון מיהל האט זי מורא גע־האט פאר איהם... עס האט זיך איהר געדאכט, אז איהר מוטער איז אויך דארט צווישען די פליגלען פון מיהל. און אז דער זיידע קומט אריין אין דער מיהל אריין, מוזען זיי יאגען די פליגלען. זיי מוזען איהם זיין מעהל מאהלען — ער הייסט זיי, ער יאגט זיי, דורך דעם קלאגען זיי...

און נאך מעהר האט זי מורא געהאט פאר איהר פעטער, איהר זיי־דענ'ס איינציגען זוהן, וועלכער האט געוואהנט אין שטאדט. א שוחט איז ער געווען אין שטאדט און א וואויל־לערנער, נור ער איז קראנק געווען. ער האט א שוואכע ברוסט געהאט, פלעגט ער אויף א גאנצען

זומער ארויסקומען אין די מיהלען. דער פעטער ברוך איז געווען א שווייגענדער, קיינמאל האט ער קיין ווארט ניט ארויסגערעדט, אזוי, אז מען האט געמיינט אז ער איז א שטומער. נור טהיילמאל פלעגט ער ענטפערען אויף א פראגע — איז דאס געווען אזא וואונדער, ווי א שטומער וואלט פלוצלינג אנגעהויבען צו רעדען... דער פעטער איז שטענדיג געגאנגען איינער אליין שפאציערען ווייט אוועק אין פעלד אריין און פלעגט צוריקקומען א טרויעריגער. און ער האט זיך אפט בע־האלטען אין זיין שטיבעל און פלעגט אבזיצען שעה'ן לאנג, אדער קוקען א פער־מרה־שחורה'טער. פאר איהם האבען די באבע און דער זיידע אויך מורא געהאט און זיי האבען צו איהם גערעדט זעהר עדעל, און די אידען פון שטאדט האבען איהם געהאלטען פאר א הייליגען. ווי אלע וואלטען געוואוסט אז ער וועט באלד שטארבען.

און טאקע איז ער באלד געשטארבען. ווען זי איז נאך געווען א יונג קינד. ער איז אוועקגעגאנגען און איז שוין מעהר ניט צוריק־קע־קומען. און רחל'ען האט זיך געדאכט, אז ער איז אהין געגאנגען צו דער מאמען אין די ליכטיגע סאלעס, אין גן־עדן אריין, און דער מאמען איז שוין ניט טרויעריג צו זיצען אליין...

דערנאך איז דער פאטער געקומען נאך איהר. זי געדענקט, אז זומער איז עס געווען, איינמאל ווען זי האט זיך געשפילט אויף דער לאנקע פאר די מיהלען און אבגעריסען געלע גאלד־בלומען, האט זי די באבע אין שטוב אריינגערופען. ביים טיש איז געזעסען א איד, א פרעמ־דער איד, אין א סאמעטען היטעל, מיט א שאל אויפ'ן האלז, און די באבע האט זי צוגעפיהרט צום פרעמדען אידען און האט איהר געזאגט:

— רחל'ע, דאס איז דיין טאטע. ער איז געקומען דיך אהיים נעה־מען.

דער איד האט געוואלט זי אויף די הענד נעהמען, האט זי זיך צו־וויינט, בעהאלטען זיך ביי דער באבען אונטער'ן פארטוך, און געוויינט מיט ווערטער:

— איך וויל ניט קיין פרעמדען טאטען...

איז דער פרעמדער איד אוועקגעפאהרען און איז שוין קיינמאל מעהר ניט צוריקגעקומען. און פון דענסטמאל אן האט זי איהר פאטער נים

גנזעהן. א, ווי זי וואלט איהם היינט געוואלט זעהן. ווי זי וואלט היינט געוואלט וויסען, וואו דער איד געפינט זיך, וועלכער האט אזעלכע צוויי שווארצע אויגען ווי זי; וועלכער האט איהר מוטער געקענט, און איז מיט איהר משפחה, איהר פאטער. פאר וואס האט זי ניט געוואלט געהן צו איהם? אפשר וואלט איהר לעבען אנדערש געווען?

נור פון דענסטמאל אז האט זי איהר פאטער ניט געזעהן. זי איז איבערגעבליבען ביים זיידען און דער באבען, זיך אויפגעצויגען צווישען די שאטענס פון די מיהלען; ווינטער, ווען דער שנעע איז אנגעפאלען און די מיהלען זיינען שטעהן געבליבען, איז זי אין איינעם מיט'ן זיידען און דער באבען געבליבען איינגעשלאסען אין שטיבעל; אין פריהלינג, ווען פריהלינגס־ווינדען האבען אנגעהויבען צו בלאזען און דער זיידע איז געגאנגען אין מיהל אריין, האט זי זיך אנגעהויבען איינצוהערען צום גזאנג פון ווינד צווישען די פליגלען פון די מיהלען. אזוי האט זי אבגעלעבט איהרע קינדערשע יאהרען צווישען באבען און זיידען. די באבע מיט דעם זיידען זיינען אפט ברוגז געווען, ניט גערעדט צווישען זיך, און אז זיי האבען זיך געזעצט צום עסען ביים טיש, איז רחל'ע געווען זייער פאר־מיטלער.

— רחל'ע, זאג דער באבען, אז דער זיידע פרעגט, אויב די באבע האט נעקאכט באבעלאך אויף מיטאג.

— באבע, דער זיידע פרעגט, אויב די באבע האט געקאכט באבע־לאך אויף מיטאג,—האט רחל'ע איבערגעגעבען נאכאמאל דעם זיידען'ס ווערטער, פונקט אזוי ווי דערפאר וואס זיי זיינען ברוגז קען די באבע ניט הערען דעם זיידענס ווערטער.

— רחל'ע, זאג דעם זיידען: דער זיידע וועט עסען וואס מען וועט איהם געבען, — האט די באבע אבגעענטפערט.

— זיידע די באבע זאגט: דער זיידע וועט עסען וואס מען וועט איהם געבען, — האט רחל'ע איבערגע'חזר'ט דער באבע'ס ווערטער.

און די אלטע זיינען אזוי לאנג ברוגז געווען, ביז רחל'ע האט איינעם צום אנדערען צוגעשטופט און זיי איבערגעבעטען.

נור היינט, ווען רחל'ע זיצט אין איהר קליין שטיבעל, אויף א הוי־כען שטאק און קוקט אראב אויף די פרעמדע גרויסע שטאדט, אין וועל־כער זי איז פערווארפען געווארען מיט טויזענדע אנדערע, ראכט זיך

**איהר, אז דאס אלעס — איהר יוגענד, איהר קינדהייט איז שוין לאנג צוריק געוועז, ווי דאס וואלט זיך געוועז געטראפען מיט איהר ניט אויף דער וועלט, נור אין יענעם לעבען...**

---

.2

## פריהלינגס ווינדען.

עס איז געוועזן א לאנגער, לאנגער ווינטער. מען האט געמיינט אז ער וועט זיך קיינמאל שוין נישט ענדיגען. שטענדיג איז בעלעגען דער שנעע אויף די פעלדער. וואו מען האט זיך געקעהרט איז געוועזן שנעע. דער טייך איז געוועזן פערפראהרען. די מיהלען זיינען גע־שטאנען, קיין וואגען האט זיך נישט געוויזען. עס איז אנגעקומען פורים — עס האט שוין געהאלטען פאר פסח. נאך שנעע, שנעע און שנעע — און מיט אמאל איז דאס אלעס נישט געווארען. קיינער ווייסט ניש ווי אזוי דאס איז געשעהן — עפעס האט אנגעהויבען צו בלאזען א ווינטעל, אן אלט בעקאנט ווינטעל, וואס אז מען דערפיהלט עס, דערמאהנט מען זיך, אז עס האט שוין אמאל א לאנגע צייט צוריק גע־בלאזען, ווען מען איז נאך א קינד געוועזן.

און דאס ווינטעל האט אראבגעבלאזען די ווייסע שנעען פון די פעלדער אראב. דער שנעע איז צוטאפעט געווארען, צורונען, פערשוואונ־דען און מיט אמאל האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען גאנצע שטיקער שווארצע ערד, וואס האבען אנגעהויבען ארויסצוקריכען פון שנעע ארויס, און אז מען האט דערזעהן די שווארצע ערד איז אזא פרייד געוועזן ווי מען וואלט בעגעגענט צוריק אן אלטען גוטען פריינד, וואס איז געוועזן אב־געשטארבען און צוריק לעבעדיג געווארען. מיט אמאל איז אויך דאס אייז פערשוואונדען און דאס וואסער אין טייך איז פרישער געווארען, קלעה־רער און מעהר שטראמדיגער, ווי עס וואלט גאר א נייע וואסער גע־ווען, ערשט פון גאט בעשאפען.

און די פויערשע וועגען האבען אנגעהויבען צו קומען צו די מיהלען מיט די לעצטע ביסעל ווייצען, דאס לעצטע ביסעל ברויט אויסצומאה־לען, אז עס זאל סטייען ביז צום נייעם שניט. דער זיידע איז געווען

זעהר פערנומען אין די מיהלען. א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט האבען זי די פליעגלען געהאלטען אין איין דרעהען. און אלץ שנעלער האבען זיך די פליעגלען פון די מיהלען געדרעהט, וואס פרייער די וועלט איז געווארען, און וואס ליכטיגער עס איז פאר די אויגען געווא־רען....

אין די טעג פאר פריהלינג פלעגט רחל'ע, דעם מילנער'ס אייניקעל, ארומגעהן איבער די אויפגעוואכטע פעלדער און איינהערען זיך צום גערויש פון דעם פריהלינג־ווינד וואס האט געיאגט איבער דער וועלט.

דער ווינד וואס האט אראבגעטרייסעלט דעם לעצטען שנעע פון די צווייגען אראב, און אויפגעוועקט די שווארצע בוימער און אויס־געצויגען זייערע ארעמס, און שטארק געמאכט די רעהרעלאך פון די פאר־א־יאהריגע קשאקעס און גרינסען, האט אויך דורכגעבלאזען דורך רחל'עס קערפער, די האאר איהר צופלאטשעט, פערשיט איבער איהר קערפער, און מיט די ערשראקענע גרויסע שווארצע אויגען — גאר ניט מעהר אין איהר פנים, נאר אויגען — איז זי ארומגעגאנגען איבער די פעלדער א פער'חלום'טע און זי האט געוויינט. דער ווינד האט געיאגט די גרויסע פיעלע טרעהרען וואס זיינען געפאלען ווי דורכזיכטיגע פע־ריל פון איהרע פולע גרויסע אויגען איבער איהר פנים.

איבער וואס האט זי געוויינט? איבער אלעם האט זי געוויינט, איבער דעם, וואס זי איז שוין אלט פופצעהן יאהר און ווייס נאך ניט וואס וועט פון איהר דער סוף זיין; איבער דעם וואס דער פריהלינג־ווינד יאגט אזוי איבער די פעלדער, איבער די בוימער און זאגט אז, אז דער פריהלינג געהט און זי איז נאך נישט גרייט צום פריה־לינג. איבער דעם, וואס איהר מוטער זיצט איינע אליין אין גן־עדן, איבער דעם וואס דער זיידע ווערט וואס אמאל אלץ דינער... די־נער... אז גלייך וועט איהם דער ווינד כאפען אין איינעם מיט די פליעגלען פון דעם מיהל און אוועקטראגען... זי האט געוויינט און אבגעשטעלט זיך אין מיטען פעלד, און געזעהן ווי דער שנעע טאפיעט און לאזט זיך אראב איבער די ברעגעס אין טייכעל אריין, און די שטראמען שלעפען איהם ווייט אוועק איבער'ן לאנד.

זי האט געוויינט נישט וויסענדיג אליין פאר וואס, און עפעס איז איהר געווארען ווי זי וואלט געביינקט פליעגלען צו קריגען. זי וואלט געוואלט פליעגלען האבען און אויפהויבען זיך אין דער הויך צום

בלאָזן הימעל און פליהען איבער דער וועלט און זי האָט געוויינט פאַר וואָס יעדעס פויגעלע קען פליהען און זי האָט קיין פליגעלען ניט.

דערנאָך האָט זי געוואָלט וויסען, ווער איהר „בעשערטער“ וועט זיין, איז זי אהיים געגאַנגען און גענומען אַ קייבעריל און איז אריין צו די היהנער אין קאַמער אריין, און אריינגעלעגט אויער אין קייבעריל מיט אַ יונגע פעטע הוהן און איז אַוועקגעגאַנגען צו די אנטאָשע די כשוף־מאַכערין, וואָס זיצט אין עק דאָרף, אז די אנטאָשע, די כשוף־מאַכערין, זאָל איהר זאָגען, וואָס פון איהר וועט דער סוף זיין, און ווער איהר „בעשערטער“ וועט זיין.

די אנטאָשע האָט צוגענומען פון איהר די הוהן מיט די אויער און האָט איהר געהייסען קוקען אין אַ שפּיגעלע אריין, אין וועלכער עס זאָל זיך ווייזען דאָס געזיכט פון איהר „בעשערטען“. אין שפּיגעלע האָט זי קיינעם ניט געזעהן אַ חוץ איהרע גרויסע, ערשראָקענע אויגען — נאָר דאָך האָט זי געזעהן איהר „בעשערטען“. זי האָט איהם שטענדיג געזעהן. זי האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אַ יונגען און שטאַרקען, וועלכער וואַנדערט איבער דער וועלט און זוכט זי. און טהיילמאָל האָט זי זיך פאָרגעשטעלט איהם אַלס אַ שוואַכען און קראַנקען, מיט סוכאָטע און הוסט שטענדיג, אז קיינער זאָל ניט וויסען, אז ער איז אזוי שעהן און יונג. נאָר זי איינע אליין ווייסט עס. און ווייסט אויך, אז ער געהט איבער דער וועלט ארום צו געפינען וואָס די מענשען האָבען פערלאָרען. און ער וועט עס געפינען, און ער וועט עס צוריק ברענגען די מענשען. און דאן וועט ער מיט אַמאָל געזונד און יונג ווערען, און ער וועט זיך געבען צו דערקענען אַלס איהר התן.

און ווען זי האָט געקלעהרט וועגען איהם, האָט זי זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעל פון שטוב, אָדער זי איז געגאַנגען איינע אליין אין פעלד ארויס, ווייט אַוועק און געוואַרט אויף איהם, און טהיילמאָל האָט זיך איהר געדאַכט, אז אָט געהט ער, איהר „בעשערטער“, אָט הערט זי זיינע טריט איבער דער פייכטער ערד — און איהר האַרץ האָט אָנגעהויבען צו ציטערען... און זי האָט געוואַרט...

און שטענדיג איז געקומען דאָס געשטאַלט צו איהר ווען די פריהלינגס ווינדען האָבען אָנגעהויבען צו בלאָזען איבער דער וועלט. דענסטמאָל האָט זי מעהר געוואַרט אויף איהם ווי אַן אנדערס מאָל, און זי האָט

אזוי לאנג געווארט אויף דער געהיימניספולער געשטאלט ביז אמאל איז ער געקומען...

דאס איז געווען אין א פסח צייט. טאקע דער פסח פון דעם לאנגען, לאנגען ווינטער. די באבע האט שוין ניט געלעבט. זי איז אוועקגעגאנגען א שטילע פון דער וועלט און קיינער פון זיי האט זיך דעריבער נישט געוואונדערט. זי איז איבערגעבליבען מיט'ן זיידען. דער זיידע איז וואס אמאל דינער געווארען, וואס עלטער ער איז גע־ווארען, זיין לייב איז איינגעשרומפּפּענער געווארען, אלץ דארער זיינען זיינע הענד געווארען, אלץ איינגעצויגענער איז דער גארגעל געווארען, נור די אויגען זיינען איהם גרעסער געווארען, און דאס גאנצע פּנים איז אויגען געווען... און שווייגענדיג איז ער געווארען ווי דער פער־שטארבענער פעטער. א גאנצען טאג איז ער געווען איינגעשלאסען אין זיינע ווינד מיהלען, כאטש קיין ווינד איז נישט געווען און די פליגלען זיינען שטיל געשטאנען, ווייל דער שנעע האט אלעס צוגע־דעקט. אין אבענד איז ער אהיים געקומען, אין שטיבעל אריין און זיך אוועקגעזעצט און געקוקט פון דער ווייטען אין דרויסען אריין. זי איז געזעסען אין א צווייטען ווינקעל און האט געשוויגען. אזוי האבען זיי אבגעלעבט א גאנצען ווינטער אין שווייגען... ביז עס איז געקומען דער פאר־פּסח. ווען די גוים האבען זיך מיט אמאל געלאזט מיט די זעקלאך ווייץ צו די מיהלען און דער זיידע איז א גאנצע טאג און א גאנצע נאכט געזעסען אין דער מיהל און געיאגט ווי די מכשפות זיינע פליגלען. דערווייל איז אלעס פערטיג געווארען צום זומער. דער שנעע איז אוועק און די ערד האט זיך בעפרייט און שווארץ געווען אין גאנצען. גרויסע שטיקער אבגעוואשענע גרינס האבען זיך גענומען בע־ווייזען איבער דער ערד, און די בוימער זיינען אבגעצוואגען געווארען, זייערע צווייגען — ווי מען וואלט זיי אויסגעקעמט, אויסגערייניגט און צוטהיילט. די קשאקעס האט דער ווינד דורכגעבלאזען און אבגעטריי־סעלט פון זיי דעם ווינטערדיגען געמויזעכטס. גרויסע שטיקער שווארצע ערד זיינען געלעגען פריי און האבען נור געווארט אויף א האנד, וואס זאל זיי קומען בעארבייטען. ווען עס איז געקומען דער פּסח איז אלעס שוין געווען אויפגעראמט צום יום־טוב. די גאנצע וועלט איז פערטיג געווען, נאר ניט זיי. קיינער האט ניט אנגעגרייט פּסח, האט דער זיידע גענומען און האט פערשלאסען די ווינד־מיהלען אויף פּסח,

איבערגעלאָזט די פעלדער, רעם וואלד און די קשאַקעס, אז זיי זאָלען זיך אָנגרייטען צום פריהלינג אָהן איהם, און ער איז געפאָהרען מיט רחל'ען אויף גאנצע אכט טעג פסח אין שטאָדט אריין. דאָרט האָבען זיי געוואָהנט ביי דער מומע הינדע־לאה, דעם זיידען'ס א שוועסטער, די נגיד'סטע פון דער שטאָדט, און דאָרט האָט זי זיך חול המועד פסח בעגעגענט מיט איהר „בעשערטען“, וועגען וועלבען זי האָט אזוי לאנג געטרוימט אין דרויסען, אויף די פעלדער, אז ער וועט קומען און וועט דער וועלט צוריק געבען דאָס, וואָס זי האָט פערלאָרען.

---

.3

## אַ פאַרצייטיגע שטוב.

די מומע הינדע־לאה האָט געוואָהנט אין דער שטאָדט אין אלטען הויז, אין וועלכען דער זיידע איז געבוירען און אויפגעצויגען געווארען. עס איז געווען דאָס אלטע הויז פון די לענטשיצקים, אין לענטשיץ, און דרינען האָבען זיך נאָך געפונען די מעבעל פון מלך סאָבעצקי, — די ברייט־בייכיגע זאָפע מיט גרינעם צייג בעשלאָגען, די הויכע פאָטערשטוהל און דער שווערער קאמאָד מיט די בראָנזאווע זאוויעסעס, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אויסגעשטעלט די „מערקווירדיגקייטען“ פון דער משפחה: די מייזנער פארצעלאן, קאפע־טאצען מיט דעם הימלישען מיעפען בלאָען, מיט די גאלדענע בעשלעג, וועלכע האט ארומגעהאלזט דעם אויסגעאיידעלטען ראנד פון טאץ; די גאָלדענע פאָרקאווע וואָס אן אלטער זיידע האָט אַמאָל געזאָלט געפינען אויפ'ן וועג (די גאָלדענע פאָדקאָווע האָט געזאָלט קומען פון'ם מלך'ס אַ פערד); די רויטע גלעזערנע געשניטענע קארוויאנקע, אין וועלכער די מומע האט א קוויים אנגעשטעלט מיט אזעלכע מיני קרייטעכצער, וועלכע האָבען געהאָלפען פון בויך־וועהטאָג; די פערטריקענטע מאָהן־קעפלאך, וועלכע זיינען געהאנגען ווי אַ פערטריקענטער בוקעט איבער דעם קאמאד. אין מיטען פון די אלע מערקווירדיגקייטען איז געשטאנען אונטער אַ גלאָז דער מומע'ס מירטען־קראנץ, וואָס זי האָט געטראָגען צו דער חופה. דער מירטען־קראנץ, דער עדות איבער דעם מוהמע'ס אונשולד, האָט געבילדעט דעם מיטעל־פונקט פון די אלע „מערקווירדיגקייטען“, און נעבען איהם איז געשטאַנען די פאָטאָגראפיע פון חתן־כלה־פאָר,

דער פעטער אין א לאַנגע קאַפּאָטקעלע מיט אַ קליין דייטש קאַפּעלושעל, און די מוהמע אין אַ ברייט קרינאָלין קלייד, מיט אַ קאַלישער שפּיצען־קראַגענדעל און אַ ברעסלויער זיידען שאַלעכעל, און נעבען דעם איז געשטאַנען די פאָטאָגראַפיע פון איהר איינציגען זוהן שמואל, וועלכער איז אראָבגעפאָהרען קיין אמעריקא — האָט געשיקט איין פאָטאָגראַפיע מיט אַ בריעף און איז ווי אין וואסער אריין. אין שטוב דערמאָהנט מען איהם ווי אַ טויטען. פון באַלקען אראָב איז געהאנגען דער קריסטאל־געשליפענער הענג־לייכטער, וועלכער האָט מיט זיינע גלעזערנע טראָל־דען אָבגעשלאָגען מיט אַ ברילִיאַנטען ליכט אויף די שטוב־זאכען. אזוי איז געשטאַנען די „סאלע" אָבגעשלאָסען א גאנץ יאָהר מיט אלע איהרע „מערקווירדיגקייטען". קיינער איז אין איהר ניט אריינגעקומען און קיינער האָט וועגען איהר ניט געדענקט.

די מוהמע מיט דעם פעטער האָבען דאָס גאנצע לעבען אָבגעלעבט אין געוועלבעל, אין וועלכען זיי האָבען פערקויפט אלטען פראנצויזישען ריפּס. דאָרט, נעבען געוועלבעל, האָבען זיי געהאט אַ קליין שטיבעל, אַ קאמערעל, און דאָרט אין דער קאמערעל, וואָס איז געווען בעלעגט מיט שאַכטלען און שאכטעלעך, האָבען זיי געהאט שטעהן אַ קליין נאַפט מאשינדעל. דאָס נאַפט־מאשינדעל האָט געהאט אַ קאַפּריז, אז עס האָט געוואָלט האָט עס געברענט, געהייצט דאָס קאמערעל מיט דאָס געוועלבעל, אָבגעקאָכט אין אַ פּאָר מינוט דעם גרויסען מעשענעם טשיי־ניק מיט וואסער, אָבגעקאָכט אַ יאיכעל. מיט איין וואָרט, אז דאָס נאַפט־מאַשינדעל איז געווען גוט, האָט עס אלעס געטהאָן, וואָס מען האָט נור געוואָלט פון איהר. און אז עס האָט נישט געוואָלט, האָט נישט געהאָלפען קיין גאנץ קעסטעלע שוועבעלאך. עס האָט ניט גע־ברענט. עס איז ניט געווען דאריבער קיין געזעץ, קיין קראפט.

אויף דעם מאשינדעל מיט'ן קאפּריז האָט די מוהמע געקאָכט אַ גאנצע וואך עסען, און ארום דעם מאשינדעל האָט זיך אַ גאנצער טאָג געקליבען אין דער פינסטערער קאמער די אינטעליגענץ און די משכילים פון שטאָדט. דאָרט, ארום דעם מאַשינדעל האָט מען אויסגעשפּיעלט די אינטערעסאנטסטע פארטייעס שאך. דאָרט איז געוואָרען בערעדט, בעארבייט און בעפּלאַנעוועט די גאנצע פּאָליטיק פון דער שטאָדט. דאָרט האָט מען אַ רב אָנגעשטעלט און אַ רב אראָבגעוואָרפען. דאָרט האָט אַ חזן געקראָגען אַ שטימע און דאָרט האָט ער זיין שטימע פערלאָ־

רען. און ניט נור בלויז קהל'שע זאכען זיינען דאָרט בעשטימט געוואָ־
רען. דאָרט זיינען ענטשיעדען געוואָרען די מזלות פון מלוכות. מלכים
האָבען געציטערט און טראַהנען האָבען זיך געטרייסעלט אין דער קאמער־
פון אלטען ריפּס, ביים פעטער יואל, ביים רויכערדיגען נאפט־מאשינ־
דעל, וואָס ווען עס האָט געוואָלט האָט עס געגעבען פון זיך פייער
און הייצונג, און ווען עס האָט געוואָלט האָט עס זיך איינגעשפּאַרט
און פאר קיין שום געלד נישט נאָכגעגעבען.

פסח צום סדר האָט די מוהמע אויפגעעפענט די טהיר פון איהר
סאלע. דעם פסח'דיגען סדר האָט מען געפּראַוועט אין סאלע און דאָס
הסיב בעט איז געוואָרען אויפגעבעט אויף די ברייט־בייכיגע גרין־בע־
שלאָגענע זאָפע. ווי אין חלום זעהט היינט רחל'ע יענעם סדר, ווען דער
פעטער איז געזעסן מיט'ן געהעפטענעם פיער־עקיגען סאמעטענעם קאַ־
פּעל אויפ'ן הסיב בעט און געזאָגט די הגדה. דער פעטער, וועלכער איז
געווען א איד אַ משכיל, אַ חכם, אַ געלעהרטער, האָט געהאלטען אין
איין ברוגז'ן זיך אויף דער משפחה, און מעהרסטען אויפ'ן זיידען, וואָס
ער האָט זיך משדך געווען מיט אידען, דאָרפס־לייט, און זיין קענטניש
פלעגט ער ארויסווייזען ביים זאָגען די הגדה. ער האָט ליעב געהאָט צו
זאָגען די הגדה הויך, מיט אַ נגון, אויסדריקענדיג דעם „דקדוק" פון יעדען
וואָרט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט צו פערשטעהן געבען זיין ווייב'ס
משפחה, דעם שוואָגער דעם מילנער: „זעהט, וואָס פאר א שידוך
איהר האָט געטהאָן".

דער שוואָגער, דער מילנער, רחל'עס זיידע, איז דוקא געזעסן
ביים סדר ווי א פרעמדער, און געוואָלט פלינק איבערכאפּען די הגדה
— איז ער פּאַראוים געלאָפען און אויסגעכאפּט דעם פעטער. אָבער
תמיד האָט דער פעטער געהאַט איהם וואָס צו פערריכטען אין דער
עברי ניט „לפי'כך" נור „לפיכ'ך" מיט'ן שארפען „אַ". און אז דער
זיידע האָט געהערט, אז דער שוואָגער פערריכט איהם די עברי, איז
ער בייז געוואָרען און דוקא זיך איינגעשפּאַרט און געשריען „לפי'כך",
ווי דער רבי האָט מיך געלערענט, און שוין ניט געוואָלט וואַרטען אויפ'ן
שוואָגער'ס „דקדוק", פּאַראוים געלאָפען מיט דער הגדה און דער פעטער
האָט דוקא איינגעהאלטען, אויסגעזונגען און אויסגעצ'נגון'ט יעדעס
וואָרט אזוי, אז צווישען פעטער מיט'ן זיידען איז אָנגעגאַנגען א שטי־
לער ברוגז דורך דער גאנצער צייט פון דער הגדה, ביז די מוהמע לאה'לע

האט זיך אריינגעמישט און דערלאַנגט די אבגעשיילטע אויער אין זאַלץ־וואסער. אויער אין זאַלץ־וואַסער האבען זיי ביידע ליעב געהאַט, אַ דער זיידע אי דער פעטער, האַבען זיי זיך ביידע איבערגעבעטען.

דאָרטען טאָקע, ביים פעטער, האָט זיך רחל׳ע בעקענט צום ערשטען מאָל מיט מאיראָוויטש׳ען, מיט דעם ליטווישען לעהרער, וואָס האָט זיך ארומגעדרעהט אַן איינזאמער אין פוילישען שטעדטעל און פלעגט פאר לאַנגווייליגקייט אמאָל אריינקומען צום אלטען ריפּסענעם סוחר, צו ר׳ יואל ווידאָווסקי אין דער קאמער אריין, אמאַל שפּיעלען מיט ר׳ יואל׳ן אַ שאַך און אמאָל אַ שמועס טהאָן מיט איהם וועגען אַ פּסוק אין תנ״ך, ווי דער מלב״ם טייטשט איהם אויס, פון וועלכען ר׳ יואל ווידאָווסקי איז געווען אַ גרויסער אנהענגער.

אין די יום־טוב׳דיגע טעג פלעגט זיך די קאמער אריבערטראָגען צו דער מוהמע אין סאלע אריין, און דאָרט, אויף די ברייט־בייכיגע זאָפע, אין די גרין־בעשלאָגענע פאָטער־שטוהלען, ביי אַ גלעזעל גוטען ווישניאק, וועלכען דער פעטער אליין האָט ליעב געהאַט אָנצושטעלען, און אָבגעבען זיך מיט דעם אַ גאַנצען יאָהר — זיינען אריבערגעטראָגען געוואָרען די אלע געשפּרעכען פון קאמער, וועגען אַ פּסוק אין תנ״ך, ווי עס טיישט איהם אויס דער אבן עזרא אָדער דער מלב״ם, וועגען סמאָלענסקי׳ן און מאַפּו׳ן, וועגען רב מיט׳ן חזן, וועגען קיסר פראַנץ־יאָזעף און די קעניגין וויקטאָריא, וועגען ביסמארק׳ען און דיזראַעלי. נור די אלע געשפּרעכען האָבען יום־טוב, אין די טיעפע פּאָטער־שטוהלען, ביי דער גוטער גלעזעל ווישניאק, געטראָגען נאָר אַן אנדערען גלאַנץ, אַ יום־טוב׳דיגען, אַ פּסח׳דיגען, אזוי ווי עס איז געווען דער חילוק צווישען דער טרוקענער גלעזעל טהעע, וואָס דאָס נאַפּט־מאַשינדעל האָט מיט זיין גוטען ווילען פון זיך ארויסגעגעבען אין קאמער און צווישען דער גוטער גלעזעל ווישניאַק, וואָס דער פעטער האָט עס אליין אָנגעשטעלט און האָט געהאַלטען אַ גאַנץ יאָהר אין אָנגיסען אָקוויט אויף די פער־טריקענטע, איינגעזוויערטע קאַרשען...

צווישען די געסט ביים פעטער פּסח צום ווישניאַק האָט זיך אויך געפונען דער ליטווישער לעהרער מאיראָוויטש. אַ יונגער מאַן נאָך געווען, אַ יאָהר צוואַנציג — איין און צוואַנציג, אַ בלייכער, אַ קראַנקער, מיט אַ פערשטויבט קאַפּעלושעל, אין אַ גומענעם געלען קראַגען, ווייל מען דאַרף איהם ניט געבען וואַשען, נור מען ווישט איהם איבער מיט

א שוועמעל, א שווארצען אבגעטראגענעם פרינץ אלבערט, וועלכער האט זיך געלעגט ווי א בלעך אויף די איינגעפאלענע ברוסט, מיט א פאר אויסגעריבענע, האלב פון בלאטע אויפגעגעסענע, הויזען, מיט אויסגע־דרעהטע קאמאשען — האט זיך דאס אומגעדרעהט אין שטאדט ווי א ווילד פרעמדער. אלע האבען געקוקט דארויף מיט חשד, מיט א ביסעל מורא, כאטש געוואוסט האט מען, אז לערנען קען דער ליטוואק בעסער פון רב, שרייבען בעסער פון מאגיסטראט שרייבער, העברעאיש בעסער פון דעם תנ״ך מלמד און רוסיש בעסער פון דעם שטאדט־גאראדאוואי. אלע האבען דערפאר מורא געהאט: דער מלמד, אז ער זאל די קינדער נים פערהערען אין תנ״ך; דער רב, אז ער זאל ניט א שמועס מאכען מיט איהם אין לערנען, און אלע האבען איהם פיינט געהאט, ווייל ער איז א פרעמדער און האט ניט קיין גראשען ביי דער נשמה און האלט ניט פון דעם וואס ער קען. און אלע האבען דאס געלעכטער געמאכט פון דעם „ליטוואק״ וואס מיט זיין גאנץ לערנען און קענען שטארבט ער דריי מאל אין טאג פאר א שטיקעל ברויט, און קיינער האט איהם ניט געגלויבט און גע׳סוד׳עט זיך אין די אויערען, אז ער איז שוין גאר גע׳שמד׳ט, אז ער טראגט א צלם אויפ׳ן הארץ, און געקומען איז ער די שטאדט־מיידלאך צו פערפיהרען און די בית־המדרש בחורים אבצו־שמד׳ען.

זיי זיינען געקומען צו געהן צו אונז, אין די פערווארפענע פוילישע שטעדטלאך די ערשטע ליטוואקעס, ווי די ערשטע פויגעל אין פריהלינג, און האבען עפעס אונז מיטגעבראכט. מיט דעם יונגען מאן א ווארט אויסגערעדט: אן אנדערען א ביכעל געבארגט צום לעזען; א דריי־טען א לעקציע אין רוסיש געגעבען און א פיערטען א קאפיטעל „איוב״ פערטייטשט, און גאר נישט האט דאס געדארפט, נור א שטיקעל ברויט מיט א טרוקען שטיקעל קעז צו לעבען.. געדולדיג האבען זיי פערטראגען די איינזאמקייט און די פעראכטונג מיט וועלכער די פוילישע אידען האבען זיי בעצאהלט. און טויט־עהרליך זייער מיסיע אויסגעפיהרט אויפצוקלעהרען די פוילישע אידען...

פון די ערשטע ליטוואקעס אין די פוילישע שטעדטלאך אין אויך מאיראווויטש געווען. קיינער האט נישט געוואוסט פון וואנען עס האט זיך גענומען דער ליטוואק מיט די איינגעפאלענע באקען און מיט דעם הוילען הוסט פון די לונגען. צי האט ער א פאטער, צי האט ער א היים...

אין דער וואָכען און יום־טוב אין איין איינגעטוהעכטס געגאַנגען. און שטענדיג זיך מיט ביכלאך ארומגעשלעפּט. צוערשט אין בית־המדרש אויף דער הארטער באנק געשלאָפען. דערנאָך האָט דאָס אַנגעהויבען צו געבען לעקציעס פאר נאכט־לעגערס און מיטאָגס, און קיינער האָט איהם ניט אין קיין שטוב פערבעטען. דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט געלאכט אויס איהם. אויס זיין געלען אייביגען קראגען, אויס זיין פערשטויבט קאפּעלושעל, און אַ נאָמען האָט מען איהם געגעבען „דער ליטווישער מלך אביון". און דאס האט אויסגעהערט דעם שפּאט הינ־טער זיך און פערטראָגען געדולדיג די פעראכטענדע בליקען און ווייטער זיין ארבייט געטהאָן, און האָט זיך אביסעל פערוויילט בלויז ביי דעם איינציגען בעקאנטען, רחל'ס פעטער, צו וועלכען ער איז געקומען אין קאמער אריין, אַ גלעזעל טהעע טרינקען, אַ רעד טהאָן וועגען דקדוק אין די וואָכעדיגע טעג.

און ביים פעטער האָט רחל'ע זיך בעקענט מיט איהם. וואָס האָט עס איהר געצויגען צו איהם באלד פון ערשטען מאָל וואָס זי האָט איהם געזעהן? איז עס געווען דאָס בילד וואָס זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז איהר „בעשעהרטער" און „אויסערוועהלטער" וועט ניט זיין קיין געוועהנליכער יונגער מאַן, נור עפּעס אַן אויסערגעוועהנליכער, אַ קראנ־קער, אַזעלכער, וועלכען אלע וועלען פעראכטען, ער וועט אליין שטעהן אין דער וועלט און וועט עפּעס טראָגען אין זיין ברוסט אַ רייכקייט פאר דער וועלט?

דאָס ערשטע מאָל, ווען זי האָט איהם דערזעהן, האָט זיך איהר גע־דאכט, אַז דאָס איז ער — אַזוי האָט זיך איהר געדאכט אויף יעדען אויסערגעוועהנליכען יונגען מאַן וואָס זי האָט בעגע־גענט. נור דאַ האבען איהר צוגעצויגען זיינע אויגען. די אויגען פון דעם פערלאָזטען, איינזאמען „ליטוואק" זיינען געווען שטילע, נור תמיד בעטרעהרטע, ניט קיין אויסגעוויינטע טרעהרען און דאָס ערנסטע שמיי־כעלע האָט פערקרימט זיין אויבערשטע בעוואקסענע ליפּ. און אַז זי האָט געזעהן דעם ערנסט, וואָס דריקט זיך אויס פון זיין פּנים, האָט זיך איהר געדאכט, אַז אַ גרויס געהיימניס בעהאלט דער יונגער מאַן אין זיך, אַ געהיימניס, וואָס לעזט דאָס רעטהזעל פון דער וועלט. און ער וויים אלעס, און דאָס איז דאָס אינערליכער גליק וואָס בעלעבט איהם. דורך דעם ארט איהם ניט וואָס אלע פעראכטען איהם און לאכען איהם

אויס. און זי האָט געוואָלט וויסען דאָס געהיימנים וואָס מאַכט איהם גליקליך. זי האָט געוואָלט זיין דערינען. עס האָט זיך איהר געדאכט, אז ער קען איהר זאָגען אלעס, וואָס זי האָט צו טהאָן, ער קען איהר אָנווייזען דעם וועג און צו איהם בעדאַרף זי געהן, ביי איהם בעדאַרף זי זיך לערנען.

זי האָט איהם אָנגעהויבען צו פערהערליכען. אז זי האָט איהם ניט געזעהן, האָט זיך איהר פאַנטאַזיע איבער איהם צושפּיעלט. און זי האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט פאַר א מענשען, וואָס איז געקומען דאָ אהער, אין דער פוילישער שטעדטעל, פון אן אנדערער וועלט, פון א שעה־נערע און א בעסערע, וועלכע איז זעהר ווייט פון דאַנען. זי ליגט אין דער ווייטער נאַכט, פון וואַנען ער קומט צו געהן. זי האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס דעם שעהנסטען יונגען מאַן. אין איהרע אויגען האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט זיין געזיכט אין א גייסטיגען גלאַנץ, וואָס קיינער זעהט עס ניט, ווי א קראַנקע בלום אזוי האָבען אויסגעזעהן זיינע פערקרימטע ליפּען ביי איהר, און די בעטרעהרטע אויגען זיינע, ווי זיי וואָלטען געזעהן עפּעס אנדערש און מעהר ווי אלע אנדערע זעהען און וויינען מיט שטילען גליק. דאַריבער, אז זי האָט איהם געהערט ריידען, האָט זיך איהר געדאַכט, אז יעדעס וואָרט זיינס, וואָס ער זאָגט ארויס, בעדייט עפּעס, דערמיט איז עס טיעפער און פערבאָרגענער ווי די מענשען מיינען, און זי האָט אָנגעהויבען צו טרוימען וועגען איהם, אין די שטילע טונקעלע נעכט אויף איהר געלעגער...

---

4.

## אין טיעפען וואַלד.

מייעראָוויטש האָט פערבראַכט דעם זומער אין די מיהלען. רחל'ע האָט עס גע'פועלט ביים זיידען, אז ער זאָל איינלאַדען מייעראָוויטש'ן אויף זומער צו פערברייננגען מיט זיי איניגע מאָנאַטען. דער זיידע האָט עס גערן געטהאָן. ער האָט געוואָלט, אז רחל'ע זאָל זיך עפּעס לערנען, און מייעראָוויטש זאָל קומען אביסעל צו זיך. עס איז געווען דער שעהנסטער זומער פון איהר יוגענד. עס האָט איהר אויסגעוויזען, אז

מייעראָוויטש איז א גרויסער רבי. יעדעס וואָרט וואָס איז ארויסגעקו־
מען פון זיין מויל, האָט זיך איהר געדוכט, איז הייליג און אמת, און עס
בעדייטעט עפּעס, וואָס זי קען עס ניט פערשטעהן.

זי האָט בעדאַרפט א רבי. זי האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן,
אז די וועלט איז גרויס און אונענדליך, און איבעראל איבער דער גאנצער
וועלט זיינען פאראן מענשען וואָס זוכען עפּעס און ווילען עפּעס —
ווייסען אליין ניט וואָס זיי זאָלען טהאָן, אז עס זאָל גוט זיין. נאָר
אזעלכע מענשען ווי מייעראָוויטש פערשטעהען און ווייסען וואָס מען
דאַרף טהאָן. און זיי דאַרף מען פאָלגען, צוהערען זיך צו זייערע רייד.

אין די לאנגע שפּאציערען וואָס ער האָט געמאַכט מיט איהר אין
די זומערדיגע פארנאַכטען צווישען שטעהענדען קאָרן, אין שאָטענ־
דיגען וואלד, האָט ער איהר דערצעהלט פון מענשען, וועלכע לעבען אין
די גרויסע שטעדט, אין אַ ווארשא, אין אַ ווילנא, איז קיעוו און אדעס—
מענשען יונגע און געזונדע, און גליקליכע, נור זיי זאָגען זיך אָב פון
זייער גליק פאר דעם „אידעאל“ וואָס זיי האָבען.

זי האָט נאָך דאן ריכטיג ניט פערשטאַנען די ווערטער וואָס
מייעראָוויטש האָט גערעדט מיט איהר. זי האָט ניט פערשטאַנען וואָס
איז אַן אידעאל. נאָר זי האָט אָנגעהויבען גרויס דרך־ארץ האָבען פאר
די, וואָס אָפּפערען זיך צוליעב דעם „אידעאל“, און ליעב צו קריגען יענע
יונגע מענשען וועלכע וואהנען אין די גרויסע שטעדט און זיי האָבען
די מעגליכקייט גליקליך צו זיין, און זאָגען זיך אָב דערפון איבער זייער
„אידעאל“, וואָס לאָזט זיי גליקליך ניט זיין. זי האָט מקנא געווען
יענע יונגע לייט. אין איהר פאנטאזיע האָט זי זיך פאָרגעשטעלט יענע
מענשען פאר מלאכים, פאר הייליגע, וואָס זיינען פערבאָרגען אין אַ
טיעפען סוד, און ווייסען אלעס וואָס צו טהאָן, אז די וועלט זאָל גוט
זיין, זיי האָבען א „אידעאל“ און זיינען גרייט זיך אוועקצושענקען פאר
דעם „אידעאל“.

זי האָט זיך אָנגעהויבען אויסצופרעגען אויף די יונגע לייט, און
געפרעגט מייעראָוויטש'ן אויב ער קען זיך מיט זיי. און אז זי האָט
דערהערט, אז מייעראָוויטש קען זיך מיט זיי, האט זי נאָך מעהר אנגע־
הויבען דרך־ארץ צו ציינען פאר איהם, עפּעס א רעליגיעזער געפיהל
האָט איהר ארומגענומען פאר מייעראָוויטש'ן. אין איהרע אויגען איז
ער נאָך טויזענדער מאָל שעהנער געוואָרען און גרעסער, און הייליגער—

ווייל ער אליין קען זיך מיט יענע „יונגע מענשען" וועלכע האבען אן אידעאל, און זי האט אנגעהויבען מורא צו קריגען פאר איהם פונקט אזוי ווי ער וואלט זיך מיט מלאכים געהאט געקענט.

עס זיינען געקומען די הייסע זומערדיגע טעג, איין טאג נאכ'ן אנדערען, ווי שעהנע געזונדע כלות, די זון איז ארויס אין דער פריה מיט א קראפט און צוהיצט די ערד — די ברייטע לאנקעס, דעם שטיי־ענדיגען גין־גאלדענעם רייפען ברויט, דעם לויפענדען טייכעל, און דאס שווארץ־הילענדע זיך וועלדעל. רחל'ע האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט זיך אין די זומערדיגע ווארימע טעג. האלב נאקעט, מיט צופלאכטענע האהר איז זי ארומגעלאפען איבער די צוהיצטע לאנ־קעס. די מיהלען זיינען געשטאנען אין די זומערדיגע טעג, פונקט אזוי ווי זיי וואלטען געווארט אויפ'ן קארן אין די פעלדער, אז ער זאל רייף ווערען.

דער זיידע, ווי זיינע מיהלען, האט אויך געווארט אויפ'ן וואק־סענדען קארן, יעדעס מאל געקומען אין די פויערישע פעלדער, ארויס־זעהן ווי הויך עס שטעהען די זאנגען, און רעדען צו די בעקערגמע בע־זימלאך, ווי מען רעדט צו א פריינד: „קערענדעל, קערענדעל — וועסט ארייגפאלען צווישען מיינע שטיינער..." אדער ער פלעגט ליגען אויסגעצויגען אין דער זון, לעזענדיג דעם קב־הישר אויף עברי־טייטש מיט א תשליך נגון...

אין די מיהלען האבען געהויזט די טויבען, וועלכע זיינען געוועזן אין די טויבען־שלאקען אויף די שפיין־מיהלען. רחל'ע האט זיי יעדען נאכמיטאג ארויסגעלאזט, און מיט א לאנגען שטעקען זיי צויאגט, אז זיי זאלען זיך דרעהען אין דער לופטען. זי האט ליעב געהאט צו זעהן דאס גאלדענע ליכט וואס גיסט זיך דורך דורך די שוואכע הויט, און דורך די שיטערע ווייסע פעדערען פון די אויסגעשפרייטע טייבישע פליעגלען... אדער זי איז געלאפען צום קאלטען טייכעל, איינגעטונקט זיך, און א בעצוואגענע, מיט נאסע געקרייזעלטע האהר, וועלכע האבען טראפען וואסער אויף איהר דארער ברוסט געטראפט, ארומגעלאפען איבער די צוהיצטע פעלדער, אין ווארימען וועלדעל אריין.

איין מאל, איז אזא זומער־טאג, האט זי מייעראוויטש'ן מיט גע־האלד פון זיין שטוב מיט זיינע ביכער אוועקגעצויגען אין וואלד אריין צו געהן.

אז זיי זיינען געוועזן אויפ'ן וועג אין וואלד האָט זי געשוויגען, און איהר האַרץ האָט געקלאַפּט. מייעראָוויטש האָט איהר דערצעהלט פון די ביכלאַך וואָס ער האָט געלעזען און זי האָט ניט געוואָלט הער־רען. זי האָט זיך פּלוצלונג אוועקגעזעצט אויף א שטיין און האָט גע־צויגען מייעראָוויטש'ן ער זאָל זיך אויך אוועקזעצען. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, האָט זי איהם פערשטעלט דאָס מויל מיט דער האַנד, האָט אראָבגענומען זיין קאַפּעלוש און געשפּיעלט זיך מיט זיינע האָהר. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. ער איז רויט געוואָרען און בלייך, און געשמייכעלט און עפּעס אזוי מאָדנע פערקרימט די ליפּען ווי ער וואָלט געוואָלט וויינען. און דערפאַר וואָס ער האָט אזוי מאָדנע מיאוס פערקרימט די ליפּען, און ער האָט אזוי ניט אויסגעזעהן שעהן — האָט זי זיך צוגעצויגען צו איהם און געקושט איהם אין די ליפּען...

האָט ער עפּעס אזוי מאָדנע געשמייכעלט, און איז שטיל געוואָרען און ערנסט, זעהר ערנסט, אז זי איז דערשראָקען געוואָרען, און זי האָט אָנגעהויבען צו וויינען פאר שרעק און שאַנד וואָס זי האָט געטהאָן. און זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און געגאַנגען א לאַנגע צייט ביז עס איז פאַרנאַכט געוואָרען. צום ערשט האָט ער גאָר נישט גערעדט, גע־שוויגען, און דאָס שווייגען האָט איהר מעהר וועה געטהאָן, ווי ער וואָלט זי געוועזן געזידעלט. דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבען צו ריידען וועגען די יונגע לייט און די יונגע מיידלאַך וואָס האבען א „אידעאַל". אזעלכע מענשען מוזען זיין ריין און קענען אוועקשענקען זייער גליק, זייער פּערזענליכען גליק פאר דעם „אידעאַל". דער אי־דעאַל דאָס איז דאָס גליק, וואָס איידעלט אויס די מענשען, און פער־בינדט זיי אין איינעם. זי האָט ניט ריכטיג פערשטאַנען וואָס ער מיינט. נור זי האָט געפיהלט און געוואוסט, אז זי איז נישט ריין, אז זי איז אַ זינדיגע, אז זי וועט זיך שוין קיינמאָל ניט קענען פערגלייכען צו אָט יענע יונגע מענשען וואָס האָבען אַ „אידעאַל", ווייל זי טראָגט זיך ארום מיט אזעלכע שרעקליכע אונריינע גערואַנקען. זי האָט זיך געהאַלטען פאר אַ פערפאַלענע און די נאַכט איז זי געוועזן די אונ־גליקליכסטע בעשעפעניש אויף דער וועלט.

צו מאָרגענס האָט זיך מייעראָוויטש איינגעפּאַקט זיינע זאַכען אין קליינעם „וואַליזקעלע", ארומגעבונדען מיט'ן שטיקעל שנור און איז צו־ריק געגאַנגען אין שטאָדט אריין. עס האָט נישט געהאָלפען דעם אלטען

מילנער׳ס געבעט, רחל׳עס פערשרומפּפּטע ליפּען און רויטע אויגען. דער ליטוואק האָט גוט־מוטהיג געשמייכעלט און געזאָגט מיט זיין ליט־ווישען פערצויגענעם נגון:

— אז איך האָב זיך אין שטאָדט פערבענקט, וואָס קען איך זיך העלפען?

רחל׳ע האָט געוואוסט אז צוליעב איהר פערלאָזט מייעראָוויטש דאָס דאָרף, אז זי איז די פערפאלענע, די אונריינע. און די יונגע לייט און די יונגע מיידלאך אין דער גרויסער שטאָדט מיט דעם „אידעאל", זיינען נאָך העכער געהויבען געוואָרען אין איהרע אויגען, און איהר פאנטאזיע האָט אָנגעהויבען צו בענקען יעצט נאָך יענע אונבעקאנטע יונגע לייט פון דער שטאָדט און נאָך דעם „אידעאל" וואָס מענשען שענקען אוועק פאר איהם דאָס גאנצע גליק פון לעבען...

## .5

## דאָס פויגעלע פערלאָזט דעם נעסט.

רחל׳ע האָט זיך לענגער ניט געקענט אויפהאלטען אויפ׳ן דאָרף אין די מיהלען. אלעס, די גאנצע נאטור, דאָס פעלד, דאָס וואסער, דער וואלד און אפילו די מיהלען האָבען אזוי קליין, אזוי אונווירדיג אויסגעזעהן אין איהרע אויגען, געגען דעם וואָס זיי פערמאָגען דאָרט, געגען דעם „אידעאל", אז עס איז איהר אונערטרעגליך לאנגווייליג גע־ווארען צו לעבען אויפ׳ן דאָרף. דער זיידע האט ניט געוואוסט וואָס עס איז געוואָרען מיט׳ן קינד. יעדען צווייטען טאָג איז זי אין שטאָדט געלאָפען, צום פעטער, בעגעגענען זיך מיט מייעראָוויטש׳ן. אָבער מייעראָוויטש האָט געשוויגען, געשמייכעלט, און זי האָט אָנגעהויבען ביכלאך צו לעזען, וואָס מייעראָוויטש האָט איהר געבּאָרגט. פיעל פון זיי האט זי ניט פערשטאנען, אבער זי האט די ביכלאך דורכגעלעזען ווי א פרומער איד זאָגט דורך דעם יום תהלים זיינעם. די ביכלאך זיינען איהר אָבער נמאס געוואָרען. זי האָט געוואָלט עפּעס א טהעט־טיגקייט, וואָס זי זאָל פערשטעהן אז זי טהוט עפּעס.

אז זי האָט אָנגעהויבען צו זוכען עפּעס אין לעבען, האָט זי אָנגע־הויבען צו זעהן זאכען, וואָס זי האָט עס ביז יעצט ניט בעמערקט. זי האט זיך אנגעהויבען צו צוקוקען צו דעם לעבען פון די גוים אויפ'ן דאָרף און זי האָט אָנגעהויבען צו פערגלייכען זייער לעבען מיט איהר לעבען.

דאָס דאָרף, וואו דער זיידע האָט געהאַט די מיהלען, איז געווען אַן ארימס, א אכציג פאמיליען מיט אַ פּאָר הונדערט נשמות האָבען זיך אריינגערוקט אויף אַ שטיקעל ערד, אַ פּויערישע קאָלאָניע, צווישען צוויי פּריצים. ארום און ארום איז געווען שפּע, פעלדער מיט שטע־הענדען ברויט, לאנקעס מיט פּאשע, וועלדער מיט האָלץ — און די גוים האבען געהונגערט ,זייערע ארימע בהמות האבען ניט געהאט וואס צו עסען, און אין ווינטער האָבען זיי געפּראָהרען פאר קעלט. זייערע קינ־דער האָבען זיך ארומגעוואלגערט, ווי די קליינע חזירים, שמוציג, צווי־שען די בהמות, און זיינען ווי די פויגעלאך ארומגעלאָפען איבער דעם דאָרף, און האָבען איינס פון דאָס אנדערם די ביסענס ארויסגעריסען. פון די צוויי מארגעס ערד וואָס איז געווען אויף אַ פּויער, האָט ער קוים געהאט גענוג אויף קארטאָפּעלס צו פערזעען, וועלכע האָבען ניט גע־סטייעט אויף א גאנץ יאהר. אין פריהלינג, אין די שעהנסטע צייט פון יאָהר, ווען די גוים האָבען אָנגעהויבען בעזעען די ערד מיט קארטאָ־פעלס, האָבען די קינדער געהונגערט. און פון דעם שטענדיגען הונגער, און פון די וואסערדיגע ערד שפּייז, זיינען פיעלע קינדער אין דער קאָ־לאָניע געווען קאליקעס, ניט קיין ענטוויקעלטע, האלבע אידיאטען, קינדער מיט גרויסע וואסערדיגע קעפּ און קליינע פיסלאך, וועלכע האָ־בען זיך געריטשעט אויף אלע פיער ווי די הינטלאך.

ביז איצט האָט רחל'ע דאָס ניט בעמערקט, זי האָט געמיינט, אז עס מוז אזוי זיין אָרים און רייך. די פּויערים בעדארפען אזוי לעבען, און די פּריצים — אנדערש. און ניט נאָר די פּריצים, נאָר אפילו דער זיידע, זי און אלע אידען בעדארפען אנדערש לעבען. איבער איהר'ן אָן אָבגעטראָגען קליידעל, אָדער א פּאָר צוריסענע שיך, וועלכע זי ווארפט ארויס, דארפען זיך ארומשלאָגען די שיקסעס פון דאָרף, און טראָגען דאָס, וואָס זי האָט אוועקגעוואָרפען, יום־טוב און זונטאג. אז זי, דער זיידע און אלע אידען בעדארפען עסען חלה און פיש און וואָהנען

אין שעהנע הייזער און די גוים מוזען וואהנען אין אָרימע, הילצערנע שטעלכלעך מיט זייערע בהמות אין איינעם און שלאָפען אלע אויף דער ערד און שפייזען זיך פון קארטאָפעלס. אז אנטאָק, סטעפאַן און סטאך מוזען דיענען ביים זיידען, ארבייטען אין די מיהלען, זייערע ווייבער מוזען וואשען ביים זיידע'ן די פאָרלאַגע, די וועש און זי בעדיענען, און זייערע קינדער, די שיקסעס פון דאָרף מוזען קוקען מיט קנאה אויף איהרע נייע קליידלאך וואָס זי מאַכט זיך ביים שניידער אין שטאָדט — דאָס אלעס מוז אזוי זיין, ווייל עס איז שוין אזוי.

צייט זי האָט אָנגעהויבען צו קלעהרען וועגען די יונגע לייט, וואָס אָפפערען זייער גליק פאר אן „אידעאל", האָט זי אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אז עס בעדאַרף ניט אזוי זיין, אז עס איז אַ טעות, וואָס די וועלט לעבט אזוי. אין דעם איז קיינער ניט שולדיג, נאָר עס האָט ווער פערשאָלטען די אָרימע און די רייכע, און מען דאַרף זיי צוריק אויסלייזען פון דער קללה. אז אלעמען איז שלעכט און אלעמען בענקט זיך נאָך אַ בעסערע וועלט. און ניט נור די מענשען. די וועלט אליין בענקט אויף נאָך אן אנדער לעבען. עס ליגען די פעלדער אויסגעצויגען אין דעם טהוי'עדיגען פארנאכט און וויינען אויף זייער בייז מזל, וואָס זיי איז בעשעהרט נאָר צו שפייזען די רייכע און ניט די אָרימע. עס שטעהט דער וואלד א פערקלאָגטער, אַ מרה־שחורה'דיגער און קלאָגט איבער דער וועלט. מיט לאשצענדע בעטענדע אויגען קוקען די שטומע פיה איבער דעם צוים אויף די פעטע גרינע פאשע פון די פריצים'ס פעלדער און פערשטעהען ניט, פארוואָס מען לאָזט זיי ניט אהין אריין זיך פאַשען. און מיט בענקענדען רחמנות קוקען די שטערען ביינאַכט אויף דער ערד אראָב, און וויינען אויף איהר מיט שטראהלענדע טרעהרען, וואָס זי איז אזוי טיעף געזונקען... אלעס דאַרף ווערען אויסגעלייזט פון דער קללה, מיט וועלכער די וועלט אין פערשאָלטען געוואָרען, און ווער ווייסט דעם וועג פון דער וועלט'ס ישועה אויב ניט דאָרט, יענע יונגע לייט, וואָס האָבען אַ „אידעאל". זיי ארבייטען אויף דער אויסלייזונג פון דער וועלט, און פאר איהר זיינען זיי אלעס מקריב, און זי, רחל'ע, קען זיך ניט פערגלייכען מיט זיי, קען ניט זיין צווישען זיי — ווייל זי אי אַ „זינדיגע", אן „עגאָאיסטקע", וואָס געהט ארום מיט שלעכטע געדאנקען, איבער וועלכע זי איז אלע מאָל רויט און פערשעהמט געוואָרען פאר זיך, ווען זי האָט געקלעהרט דערפון...

זי האט געוואלט עהנליך זיין צו יענע „מענשען“, וועלכע האבען דעם „אידעאל“ און זיי נאכטהאן. און זי האט זיך פארגעשטעלט וואס יענע וואלטען געטהאן און געפרואווט זיי נאכטהאן. קודם כל האט זי אנגעהויבען טראגען איהרע פערזענליכע זאכען, איהרע קליידלאך, שיך, וועש פון דער שטוב ארויס און צוטהיילט די שיקסעס אויפ'ן דארף. זי האט ניט געהאט קיין קליידעל איבערצוטהאן, צו פאהרען אין שטאדט אריין, און דאס איז געווען איהר גרעסטע בעפרידיגונג. און וויפיעל מען האט ניט געארבייט מיט איהר, אז זי זאל מאכען א נייע קליידעל — זי האט ניט געוואלט, געגאנגען אין דאס זעלבע אנ־טהועכטס אין דער וואכענס און שבת. זי האט אנגעהויבען צו טראגען אנדערע זאכען פון שטוב: עסענוואוארג, געפעס, וועש צו די גוים. דערנאך האט זי געוואלט די קינדער לערנען שרייבען און לעזען. זי האט צוזאמענגענומען די קינדער צו זיך אין שטוב אריין, געטהיילט זיי אידישע חלה וואס זיי האבען זעהר ליעב געהאט. די חלה האבען זיי אויפגעגעסען, אבער לערנען האבען זיי ניט געוואלט. און רחל'ע האט זיך אזוי לאנג געפייניגט מיט זיי, ביז זי האט עס אויפגעגעבען.

עס איז איהר אונערטרעגליך געווארען דאס זיצען אין דארף, און ווען עס האט זיך דערנעהענטערט דער הערבסט, האט עס איהר געצויגען אין דערפרעמדער, אונבעקאנטער שטאדט, וואו עס זיינען די מענשען וועגען וועלכע מייעראוויטש האט איהר דערצעהלט, און זי האט בעשטימט ביי זיך צו געהן צו מייעראוויטש'ן איהם בעטען, אז ער זאל זי שיקען צו יענע מענשען, וואס האבען א „אידעאל“, אין דער גרויסער שטאדט.

זי האט אראבגעשלונגען די מיידעלשע חרפה זיך צו ווייזען פאר איהם אין זיין שטיבעל וואו ער איז אליין. מיט הארץ־קלאפען איז זי אריינגעקומען צו איהם אין דירה, א בוידעם־שטיבעל ביי א פוילישען שוסטער. דאס שטיבעל איז פול געווען מיט רויך און טשאד פון א לאמפ וואס האט געטשאדעט. ער איז געזעסען איינגעבויגען איבער זיינע ביכלאך און ער האט ניט בעמערקט ווי זי איז אריינגעקומען. זי האט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל, ווי ווען מען קומט אריין צו א הייליגען און געווארט ביז ער וועט זי בעמערקען. ווען ער האט גע־הערט וואס זי פערלאנגט פון איהם, אז ער זאל איהר געבען אן אדרעס אין דער גרויסער שטאדט צו די מענשען וואס האבען אן „אידעאל“ —

האָט ער געשמייכעלט, פערקרימט די אויבערשטע ליפּ, מיט אַ גרי־מאַסע, און געזאָגט טרויעריג:

— קיין אדרעס קען איך אייך נישט געבען, נאָר אז איהר וועט זיי זוכען, וועט איהר זיי געפינען.

און ווען זי האָט גענומען אוועקגעהן פון שטוב, האָט ער זי אָנגע־הויבען פּלוצים אָבצורייִדען:

— פאָהרט ניט אין דער גרויסער שטאָדט אריין.

— פאַרוואָס?

— איהר זייט אַזאַ יונגע, אַ שאָד... — האָט זיך דער ליטוואַק פערהוסט אין מיטען.

דאָס וואָס מייעראָוויטש האָט אויף איהר רחמנות געהאַט, האָט נאָך פעסטער געמאַכט איהר בעשלוס באַלד אוועקצופאָהרען, איהם צו ווייזען, אז זי האָט גיט קיין מורא, אז זי קען זיך אויך אָפּפערען פאר'ן „אידעאַל".

אז דער אלטער זיידע האָט דערהערט, אז זיין רחל'ע געהט איהם פערלאָזען און פאָהרען אין דער גרויסער שטאָדט אריין — האָט ער איהר גאָר ניט געזאָגט. ניט אָבגערעדט זי. נאָר ער איז שטילער געוואָרען און אויסגעמיעדען די שטוב. ער האָט זיך אָבגעשלאָסען אויף גאַנצע טעג און האלבע נעכט אין די מיהלען, געדרעהט זיינע פליעגלען, צי עס איז יאָ געווען וואָס צו מאָהלען, צי ניט — נאָר אין די שטילע נעכט האָט רחל'ע, האלב אין שלאָף, געהערט און געזעהן ווי אן איינזאמער שאָטען שלייכט זיך דורך דורך איהר שטיבעל, קומט צו צו איהר בעט, זעצט זיך אוועק אויפ'ן ראנד פון איהר בעט, און קוקט איהר אין פנים אריין און שווייגט. זי האָט ניט געוואָלט די אויגען עפענען, זי האָט געוואוסט, אז דאָס קומט אריין דער זיידע ביינאָכט צו איהר, און קוקט זיך איין אין איהר פנים, בעפאָר זי פערלאָזט איהם...

נאָר איינמאָל, ווען זיי זיינען געזעסען אין אבענד אלע ביים עסען, עס איז שוין געווען אין די אלול טעג, און אלעס האָט שוין אָנגעהויבען צו טרויערען, האָט זי דער זיידע פּלוצים גענומען אויף די קניה, ווי ער האָט עס אמאָל געטהאָן, ווען זי איז אַ קליינע געווען, און אָנגעהוי־בען זיך צו שפּיעלען מיט איהר, ווי אמאָל אין די יונגע יאָהרען: זיך אַ לעפעלע עסען און דאָס קינד אַ לעפעלע עסען, און געשפּיעלט זיך מיט איהר, ווי זי וואָלט אַ קליין קינד געווען, געריבען איהר פּנים

מיט דער באָרד זיינער און גערופען זי „קעצעלע־מעצעלע“ און פּלוצלונג האָט ער גענומען איהר האַנד אין זיינער און געקוקט איהר אין די אויגען אריין מיט זיינע גרויסע, פערמדע אויגען.

— רחל׳ע, ווי לאָזטו מיך אויף מיין עלטער, בלייב נאָך אביסעלע, איך וועל באַלד שטאַרבען.

— מען מוז זיידע, מען מוז — האָט זי אָבגעענטפערט מיט זעהר אַ וואָזשנע, בעהאַלטענע מינע, אז דער זיידע האָט געמיינט, אז עס מוז אזוי זיין.

— איך האָב קיינעם ניט, אַלע זיינען געשטאָרבען. אַלע, אַלע... און דו געהסט אוועק... וואַרט, וואַרט, רחל׳ע, נאָך אַביסעל, איך וועל אויך באַלד שטאַרבען.

זי האָט אויסגעקושט דעם זיידען די טרעהרען פון די אויגען און אָנגעהויבען צו לאַכען און פרעהען זיך מיט איהם. און באַלד האָט דער זיידע אויך אָן אַלעס פערגעסען, אז זי געהט אוועק, און ער האָט געלאַכט צו איהר פון זיינע אַלטע בעטרעהרטע אויגען ארויס.

עס איז געקומען נאָך סוכות און די בלעטער האָבען אָנגעהויבען צו פאַלען פון די בוימער, און איבער׳ן הויף האָט דער ווינד געטראָגען דאָס פערוואָרגעלטע סכך פון דער סוכה — האָט דער זיידע זי אליין פאַר־געבריינט צום וועג, געפאָהרען אין שטאָדט, בעשטעלט איהר קליידלאַך, שיך, וועש, געקויפט אַ נייע קערבעל. ער האָט איהר אליין איינגעפּאַקט די זאכען אין קערבעל אריין, און איינגערעדט אין דעם קערבעל: „אז מיין רחל׳ע וויל פאָהרען אין דער גרויסער שטאָדט אריין — וועל איך זי איינהאַלטען? — פאָהר, מיין קינד, פאָהר, מיין קינד“. און פון דאָך האָט ער אראָבגענומען צוויי קעזלאַך, וועלכע ער האָט געטריקענט אויף דער זון און איינגעפּאַקט איהר צווישען די זאכען. אויפגענעהט מיט זיינע אייגענע הענד אַ טאָרבעלע, אריינגעלעגט פּאַפּירען־געלד און אנגעהאַנגען איהר אויפ׳ן האַלז — און געגעבען איהר אַ בריעף מיט אַן אדרעס אויפגעשריבען צו זיינס אַ שוועסטער־קינד קיין ווארשוי, וואוהין זי זאָל פערפאָהרען.

— איך האָב שוין לענגסט אהין געשריבען, אז דו קומסט וואָהנען אין ווארשוי, זיי ריכטען זיך שוין אויף דיר.

רחל׳ע איז פערוואונדערט געוואָרען:

— פון וואנען האָסטו געוואוסט, אז איך וויל פאָהרען קיין ווארשוי?

— איך האָב שוין געוואוסט, מיין קינד. איך האָב שוין לאנג געוואוסט. זיי וועלען דיך שוין אָבווארטען ביי דער באהן.

דער זיידע האָט איינגעשפּאנט דעם ווייסען בולאן אין זיין געפלאָכטענעם וועגעלע, אנגעטהאָן זיך אין זיין שבת'דיגען מלבוש, צוקעמט זיך די האָהר, און רחל'ע האָט ניט געזעהן ווי אַ חוץ איהר קעסטעלע האָט ער נאָך אויף דער פוהר ארויפגעלעגט זיין שווארץ רייזעוואליזקעלע, וועלכעס איז געוועזן איבערגעצויגען מיט'ן ציכעל, וואָס די באָבע האָט אליין אויסגעהאָפטען. עפּעס גערוימט זיך מיט אנטאנען, דעם היטער פון די מיהלען, גוט פערשלאָסען די שטובען, געלייגט זיך שליסען אין טאש אריין, און געהייסען אנטאנען טרייבען דעם פערד צום שטעדטעל, צו דער באהן־סטאנציע.

איבער דעם וועג האָט ער געשוויגען. געוועזן פערנומען אין טראכטען און ניט גערעדט. ביים באהן האָט ער געקויפט בילעטען, און ווען דער צוג איז אָנגעקומען, אז ער האָט זיך שוין גוט אָבגעזעגענט מיט רחל'ען, איז ער אריין מיט איהר אין וואגאָן, און זיך אוועקגעזעצט מיט איהר אויף אַ באנק. אז רחל'ע האָט איהם געזאָגט, אז ער זאָל ארויס פון וואגאָן, די באהן ריהרט זיך באלד — האָט ער אָנגעהויבען פּלוצים צו שמייכלען, און אין זיינע וואסערדיגע אויגען איז געלעגען אַ בקשה:

— וואו מיין קינד וועט זיין, וועל איך אויך זיין...

און איז מיטגעפאָהרען.

---

.6

## מיין ערשטע בעקאנטשאפט מיט רחליען.

אין ווארשוי האָב איך זיך מיט איהר בעגעגענט.

עס איז געווען, ווען רחל'ע האָט זיך שוין געהאט געפונען אין ווארשוי איניגע וואָכען. זי האָט געהאט געוואָהנט מיט איהר זיידען ערגעץ וואו אויף אַ בוידעם שטיבעל אויפ'ן סאליטץ, ביי דער ווייכסעל.

דער זיידע האָט אויסגעזוכט אַ וואָהנונג ביי זיינס אַ בעקאַנטען, אַ מעהל־הענדלער און דאָרט געוואָהנט מיט איהר. איך האָב זיך בעקענט מיט איהר, מיט רחל'ען, און איך האָב אָנגעהויבען ארויפצוקומען צו איהר. נור לאָזט מיר אייך דערצעהלען כסדר, אזוי ווי דאָס אַלעס איז געשעהן:

אַליין בין איך אויך געקומען קיין ווארשוי, אויף דעם זעלבען וועג ווי רחל'ע, געיאָגט פון די בענקעניש נאָך אַ „אידעאַל", עפּעס צו זוכען וואָס זאָל מיר געבען אַן אינהאַלט אין לעבען. ווארים דעם אינהאַלט וואָס איך האָב איבערגענומען מיט מיין ערציהונג אין די אידישע אמונה, האָב איך געהאַט פערלאָרען, ווי טויזענדע מיינע יונגע חברים. דאָס דאַווענען, דאָס לערנען אין בית־המדרש, איז געווען אַ הוילער נגון מיט וועלכען איך האָב פערזונקען מיין בענקשאַפט נאָך אַן אינהאַלט וואָס זאָל מיר צוריקגעבען די אמונה וואָס איך האָב געהאַט אין גאָט, אין די הייליגע ספרים, אין משיח'ן. איך האָב געמיינט, אַז אין ווארשוי געפינט זיך דער אידעאַל, און איך בין איהם געקומען זוכען אין ווארשוי ווי רחל'ע, ווי הונדערטע אַזעלכע יונגע לייט און יונגע מיידלאַך פון די פערוואָרפענע פּוילישע שטעדטלאַך. אָנגעקלאַפּט אויף די טהירען פון אַלע אידישע שרייבער וואָס האָבען זיך געהאַט געפונען אין ווארשוי און אין וועלכע איך האָב געגלויבט ביי מיר אין שטעדטעל ווי אין געטער. איך בין שוין אויסגעווען אין אַלע רעדאַקציעס, אויפגעזוכט אַלע בעקאַנטע און אונבעקאַנטע מענשען, און צו קיין טאָלק בין איך נאָך אַלץ ניט געקומען. ניט געוואוסט אַליין וואָס איך וויל און וואָס איך זוך — ארומגעדרעהט זיך אין דער שטאָדט ווי אַ איינזאַמער. צו קיין מלאכה האָב איך זיך ניט געוואָלט נעהמען. עפּעס טהאָן אויך ניט. געגלויבט, אַז איך בין בעשטימט צו וואָס גרויסעס. אין וואָס עס בעשטעהט דאָס גרויסעס, און ווי אזוי דאָס גרויסעס וועט קומען צו מיר — האָב איך ניט געוואוסט. ביז אַמאָל האָב איך זיך מיאש געווען, געוואָרען אַ „פּעסימיסט" און אַ לעהרער. דאָס הייסט איך האָב שטונדען געגעבען און געלעהרענט אנדערע דאָס, וואָס איך האָב אַליין ניט געקענט. אזוי האָב איך זיך ארומגעדרעהט אָבזאָגענדיג די וועלט און מיר יעדע צוקונפט און יעדע האָפנונג.

איך האָב פערקעהרט ביי מיינס אַ בעקאַנטען, אַן עלטערען לעהרער, וואָס די מעהרסטע פּוילישע בחורים וועלכע זיינען געקומען קיין

ווארשוי האָבען זיך צו איהם געווענדעט. ער איז געווען בעקאַנט אַלס אַ פריינד פון די פערוואַגעלטע יונגע לייט וואָס קומען קיין ווארשוי זוכען „ליכט". ער האָט זיי געשאַפען לעקציעס צו לערנען זיך און אַמאָל אויסגעבאָרגט קליין געלד, דאָס הייסט, געטהיילט זיך מיט'ן גראָשען אויף ברויט. קום איך אריין אַמאָל צו איהם, דערזעה איך עס זיצט אַ יונגע מיידעל, מיט אַ פּאָר גרויסע אויגען, גאָר נישט מעהר איז אין איהר פּנים געווען צו זעהן, נור אויגען. עס האָט זיך געדאַכט, דאָס די נשמה'דיגע וואָס ליגט אין דעם מענשען'ס אויגען האָט זיך אויסגע־גאָסען איבער איהר גאַנצען פּנים. מיט ציטערענדיגע האָהר, וועלכע פלאַטערען איבער איהר הויכען שטערן, מיט פערלייגטע, לייכטע, דורכ־זיכטיגע הענד, ווי זיי וואָלטען געווען געמאַכט אויס פיינעם איידעלען פּאַרצעלאַן. זי בעט מיט איהר קינדישער נאַאיווער שטימע: אַז ער, דער לעהרער, זאָל איהר זאָגען, וואָס זי האָט צו טהאָן? זי האָט גע־בראַכט קיין ווארשוי איהר קערפּערעל און איז גרייט אַוועקצושענקען איהר שמאָלען יונגען קערפּערעל און איהר יונגען לעבען פאַר דעם „אידעאַל" וועלכער בעגליקט די מענשען. און זי איז געקומען איהם פרעגען, אַז ער זאָל איהר געבען דעם אינהאַלט פון דעם אידעאַל, און זאָל זי אויך אריינגעהמען אין דעם גליק אריין. צו דעם איז זי גע־קומען פון איהר דאָרף קיין ווארשוי, און פאַר דעם וויל זי אוועקשענקען איהר לעבען.

דאָס וואָס דאָס מיידעל האָט גערעדט איז געווען געזאָגט אין אַזאַ נאַאיווען טאָן, מיט אַזאַ איבערגעגעבענעם, אונענדליכען קינדישען ווילען פון אונשולדיגען גלויבען, אַז עס וואָלט געווען די גרעסטע זינד די קינדישע נאַאיוויטעט צו צושטערען. מיין בעקאַנטער האָט דאָס דערפיהלט. איהר מיידעלשעס גלויבען האָט אויף איהם געמאַכט אַן איינדרוק, און ווי ער איז ניט געווען צוגעוואָהנט צו אַזעלכע נאַאיווע „פּראָווינציאַנעלע" ביטעס, מיט וועלכע מען איז געקומען צו איהם — דאָך האָט ער איהר פראַגע גענומען זעהר ערנסט. ער האָט געהאַט דאָס פיין געפיהל, און אויך די קינדישע נאַאיוויטעט וועלכע איז גע־ווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזערע משכילים. ער איז אויך באַלד געוואָרען אַזוי ערנסט ווי דאָס מיידעל. ער האָט זיך אוועקגע־זעצט און אָנגעהויבען צו דערצעהלען איהר ווי ערנסט מען דאַרף דאָס לעבען נעהמען. צוגעזאָגט איהר, אַז ער וועט זי בעקענען מיט זיינע

פריינד, געבעטען זי אריינקומען, געגעבען איהר א פּאָר ביכלאך צו לעזען, און זי פאַרגעשטעלט פאר מיר, פאַר איינעם פון די יונגע לייט וועלכע זוכען דאָס זעלבע וואָס זי. דאָס מיידעל האָט איהם אויסגע־הערט ווי מען הערט אוים אַ גוטען אידען, און זי האָט באַלד איבערגע־טראַגען דעם בעגייסטערטען רעספּעקט, וואָס זי האָט געפיהלט צו דעם לעהרער, אויף מיר. זי האָט מיך אָנגעקוקט. אין איהר בליק איז געווען אַ גרוים גליק. איהרע יונגע, ווייסע מילך־צייהן האָבען זיך ארויסגע־שניטען פון איהרע ליפּען מיט אַ גרימאַסע, און איהר גליק האָט אָנגע־נומען אזא שיין, ווי דער שיין פון אויג וואָס קומט פון טרעהרען. מען האָט עס אָנגעזעהן אויף איהר, אז עס דאכט זיך איהר, אז זי האָט גע־פונען דאָס גליק פון לאנגע יאָהרען, וואָס זי האָט געזוכט, ווען זי איז נאָך געווען אין דאָרף, צו בעקענען זיך מיט די יונגע לייט וואָס האָ־בען אַ „אידעאל" און אין מיר האָט זי געפונען איינעם פון יענע יונגע לייט. איך בין פערשעהמט געוואָרען פאר דעם גלויבען און פערהערליכונג וואָס עס צייגט ארוים איהר בליק אויף מיר. איך האָב מיט אַמאָל דערפיהלט די גאנצע פּוסטקייט וואָס איז אין מיר, און איך האָב דאָס ערשטע מאָל אָנגעהויבען צו בענקען, מיט אַן אמת צו בענקען נאָך אַ גרוים אינערליך גליק, נאָך אַ גרויסער אמונה אין א אידעאל, ניט פאר מיין צושטערטעם לעבען, נור איך זאָל עס קענען איבערגע־בען דעם אונשולדיגען קינד וואָס איז געקומען צו מיר מיט אזוי פיעל אמונה.

דער לעהרער האָט אונז באַלד געלאָזט אליין. ער האָט געמוזט אוועקגעהן אויף זיינע שטונדען, און מיר, איך מיט דאָס מיידעל, זיי־נען ביידע ארוים אויף דער גאַס. איך האָב די גאַס, איך האָב די מענשען ניט געזעהן. איך בין געווען טיעף פערטהאָן אין מיר. איך געדענק ניט אויב איך האָב עפּעס גערעדט, צו דאָס מיידעל האָט עפּעס גערעדט, נור איך האָב געהאַט דאָס געפיהל, אז דאָס מיידעל געהט נע־בען מיר און זינגט, און זינגט אַ ליעד פון גליק. איך האָב געהערט דעם זילבערנעם קלאַנג פון איהר געלעכטער, כאָטש געלאַכט האָט זי דאכט זיך נישט. זי האָט נור געשוויגען איבער'ן גאנצען וועג, און אין אויך געווען פערנומען מיט זיך. איך בין מיט איהר מיטגעגאנגען, כאָטש מיר האָבען זיך ניט אָבגערעדט. לאנג, לאנג זיינען מיר געגאנגען צוזאמען, אָהן א וואָרט צו רעדען, און עס דאכט זיך מיר, אז איבער

דעם לאנגען, שטילען וועג בין איך צוגעקומען צו א גרויסען תכלית. איך האב דורך דעם וועג אלעס געפונען וואס איך האב געהאט געזוכט אין ווארשוי, און פון וועלכען איך האב זיך שוין געהאט מיאש געווען. מיר זיינען אנגעקומען אויפ'ן סאליטיז, זאגט זי צו מיר, מיך אננעהמענ־דיג פלוצים ביי דער האנד:

— קומט מיט מיר ארויף צו אונז, איך וואהן מיט מיין זיידען.

איך בין, זעלבסטפערשטענדליך, מיט איהר ארויפגעגאנגען. אין צוויי אלטע, ווארשאווער אויסמעבלירטע שטיבלאך האבען זיי גע־וואהנט, ביי א אידענע. אין שטוב איז געווען טונקעל. ביים פענ־סטער איז געזעסען אן אלטער, דארער איד, געהאלטען א ספר אין דער האנד און געזאגט תהלים מיט א טרויעריגען נגון. רחל'ע איז פאר־אויס געלאפען פון מיר. זי איז ארויפגעפאלען דעם אידען אויפ'ן האלז מיט א פרייד און א לאכען און האט איהם געקושט, געהאלזט. איך בין געשטאנען א פערפרעמדעטער ביים שוועל פון טהיר, און ניט געוואוסט וואס צו טהאן. באלד האט זי מיך פארגעשטעלט פאר'ן זיידען, אז דאס איז איהר'ס א נייער בעקאנטער פון די יונגע מענשען וואס זי האט געזוכט אין ווארשוי.

דער אלטער איד האט אויסגעטהאן די ברילען און מיך אנגעקוקט מיט חשד, איבערגעלעגט די בארד איינינגע מאל מיט דער האנד און איז טרויעריג ערנסט געווארען. געהייסען מיך זיצען און געפרעגט מיך פראגען אין דער וועלט אריין. רחל'ע איז ארויסגעגאנגען מיט'ן קרי־געל צו קויפען מילך און זעמעל אויף אבענד עסען, צו וועלכען איך בין אויך איינגעלאדען געווארען, און אז איך בין געבליבען מיט'ן אלטען אידען אליין, האט ער פלוצים גענומען מיין האנד אין זיינע. זיין האנד איז קאלט געווען ווי אייז. ער האט מיר געקוקט אין די אויגען אריין, אז עס איז מיר א קעלט אדורך דורך די ביינער, און געזאגט צו מיר אזוי.

— יונגער מאן, איך ווייס נישט ווער איהר זייט, איך ווייס נישט וואו מיין קינד האט איך געפונען, וואוהין זי געהט. איך בין צו אלט איהר נאכצוגעהן. נור איהר זאלט וויסען, אז דאס מיידעל איז מיר איבערגעבליבען איינע אליין פון מיין גאנצע משפחה. איך בין אן אלטער פערלאזטער מאן און איך האב מיין גאנצעס לעבען אבגעלעבט אויפ'ן דארף, צווישען מיינע מיהלען. צוליעב איהר בין איך דא אין דער

גרויסער פרעמדער שטאָדט. איך האָב מורא מיין קינד צו לאָזען אליין. איך ווייס נישט וואָס זי זוכט, וואָס זי וויל, איך ווייס ניט וואָס זי טהוט. איך האָב מורא פאר איהר. איהר ווייסט וואָס זי טהוט, איהר ווייסט וואוהין זי געהט. יונגער מאַן, האָט רחמנות אויף אַן אלטען מאַן. עס איז דאָס איינציגע, דאָס איינציגע וואָס איז מיר איבערגעבליבען פון מיין גאַנצע משפחה.

ער האָט מיין האנד מיט זיין קאלטער האנד צוגענומען צו זיין ברוסט, צוגעקנייטשט די אויגען, און צוויי אלטע טרעהרען זיינען איהם הענגען געבליבען אויף זיינע אויגען־הייטלאך.

איך האָב דענסטמאָל געשוואָרען אין מיין הארץ נאָכצוגעהן ווי אַ שטומער שאָטען רחל'ען און זי אָבהיטען פון דער גרויסער פרעמדער שטאָדט.

---

## 7

## דער זיידע ביינקט נאָך די מיהלען.

מיר האָבען ביידע צוזאמען געלעזען ביכער אין די ווינטערדיגע אָבענדען, ביים שיין פון נאַכט־לאמפּ. דער זיידע איז געזעסען אין אַ ווינקעל און אונז אָבגעוואַכט. די טעג פון מיין ערשטער בעקאַנטשאַפט מיט רחל'ען זיינען געווען די גליקליכסטע פון מיין לעבען. אַ גאַנצען טאָג זיך ארומגעדרעהט אַ הונגעריגער איבער די וואַרשאווער גאַסען און געווען אַ גליקליכער. פון מיינע לעקציעס איז מיר פונקט אויף אַזוי פיעל געבליבען, וויפיעל איך האב בעדאַרפט פאר מיין וואָהנונג בע־צאָהלען. וואָס איך האָב געהאַט מיט אַ חבר אויף אַ וואַרשעווער בוידעם־שטיבעל; אויף ברויט מיט הערינג און אמאָל אַ ריינעם קראַ־גען קויפען צו געהן צו רחל'ען. נאָר דערפאַר די אָבענדען, וואָס איך האָב פערבראַכט מיט רחל'ען ביי זיי אין דער היים, זיינען געווען מיין שטיל גליק. דער זיידע האָט זיך שוין אויך געהאַט צוגעוואָהנט צו מיר. איך האָב ניט געוואוסט מיט וואָס איך האָב אויסגענומען אין זיינע אוי־גען: צי דערפאַר וואָס איך האָב געקענט אביסעל לערנען, צי מחמת אַן אַנדער אורזאַכע. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין קיצען

לערנען האט אויף דעם אלטען געמאכט אן איינדרוק, דער אלטער איד האט געקראגען צוטרויען צו מיר, פון דער ערשטער מינוט וואס ער האט מיך געזעהן. ער האט עס מיר אליין געזאגט:

— א יונגערמאן וואס קען לערנען וועט קיינמאל נישט טהאן א שלעכטע זאך. די תורה היט אב דעם מענשען גאנץ גלייך, צי ער האלט יא דערפון, צי נישט.

און איך מוז מודה זיין, אז צוליעב דעם וואס רחל'ע האט אויף מיר מיט איהר אונשולד און גלויבען אזא איינדרוק געמאכט, און נאך מעהר, צוליעב דעם שטארקען צוטרויען וואס איך האב געפונען ביי דעם אלטען, איז מיין בעציהונג צו דער יונגער מיידעל געווארען זעהר א ריינע און אין גאנצען אהן יעדען פערזענליכען אינטערעס. איך האב פערשטיקט אין מיר יעדעס געפיהל וואס א יונגער מענש פיהלט צו יעדער יונגער מיידעל, ווען ער בעגעגענט זיך מיט איהר. איך בין אי־בערהויפט, זייט איך האב זיך בעגעגענט מיט רחל'ען, געווארען פיעל ריינער און איידעלער. זי האט עפעס געהאט איז זיך אזעלכעס, פון איהרע גרויסע קינדישע אויגען האט ארויסגעשיינט אזא גלויבען אין מענשען און אין דער וועלט, אז עס האט זיך געוואלט בעסער ווערען און אויך גלויבען — אז אויסער אונזערע בעגרענעצטע ערדישע גליקען. איז נאך דא א העכערעס, אן איידעלערס, אונגעזעטיגטעס און אונבעגרע־ניצטעס גליק. און עס איז גוט געווען אזוי צו טראכטען. אין אנפאנג האט נאך מיין פאסיע, מיין צוגעוואהנטעס נישט אבזאגען זיך פון יע־דער געלעגענהייט — פערלאנגט דאס זייניגע... איך האב זיך געווארפען אויף מיין בעט פאר בענקשאפט נאך איהר. נאר וואס מעהר איך האב זיך בעגעגענט מיט איהר, אלץ מעהר האב איך אנגעהויבען צו פער־שטעהן דאס גליק וואס ליגט אויף יענער זייט פון פערלאנג... איך האב זיך איינגעלעבט אין די אונבעגרענעצטע מעגליכקייטען וואס זיי־נען אין דעם אבזאגען זיך פון מאמענטאלען חיה'שען וואונש. און איך האב גאר ענטדעקט פאר מיר נייע, נאך ניט בעוואוסטע און אונאיבער־לעבטע געפיהלען מיט וועלכע דאס אבזאגען זיך בעגליקט דעם מענשען...

אזוי האב איך איבערגעלעבט מיט רחל'ען דעם גאנצען ווינטער. מיר האבען דורך דעם ווינטער פיעל געלעזען צוזאמען, גערעדט. רחל'ע האט ארויסגעוויזען זעהר א טיעפע פעהיגקייט, וואס איז געקומען נישט פון דעם בעגרענעצטען מענשען־שכל, נור פון דעם אונבעגרענעצטען

מענשליכען געפיהל, וואס קומט פון אינסטינקט, וואס דאס מאכט פון אונז, ערדישע מענשען — פאעטען און נביאים. איך האב זיך פערוואונ־דערט איבער דעם גלייכען שכל וואס רחל'ע האט ארויסגעוויזען אור־טהיילענדיג מענשען און זאכען. עס איז גענוג געווען אז זי זאל קוקען אויף א מענשען און ער זאל איהר ניט האבען געפעלען אויסערליך, און זי האט שוין אבגעגעבען איהר אורטהייל איבער דעם מענשען, און גארניט האט שוין מעהר געהאלפען צו ענדערען איהר מיינונג. און זי האָט קיין טעות ניט געמאכט. זי האָט געאורטהיילט ריכטיג. דאס וואָס האט אונז בעדארפט נעהמען וואכען, חדשים איבערצוציייגען זיך אין א מענשען, איז איהר גענוג געווען א בליק. אלעס און אלעמען האט זי גע־נומען אויסערליך, אורטהיילענדיג פון דעם קאליר און ליכט וואס האט זיך אין איהרע אויגען אבגעשפיגעלט. און ווי ביי אויסגעאיידעלטע שטומע טהיערען איז דאס געפיהל פון אינסטינקט זעהר ענטוויקעלט. אזוי איז עס ביי איהר אויך געווען. עס האָט זיך געדאכט, אז זי רעדט ניט, אז זי זעהט ניט, אז זי הערט ניט, — נאר זי פיהלט, און אלעס, אלעס האט זי ארויסגעפיהלט מיט איהר אינסטינקט. זאכען און גע־שעהנישען וואס האבען זיך אבגעשפיעלט הינטער איהר רוקען, ניט אין איהר געגענוואַרט. עס האָט זיך געדאכט, אז זי דרינגט דורך מיט איהר אינסטינקט פערשלאסענע טהויערען, און פערשטעלטע ווענט. איהר אינסטינקט האט אלעס געהערט און אלעס געזעהן, צי זי איז יא געווען דערביי, צי ניט.

אין געזעלשאפט מיט חברים און פריינד איז זי געווען שטענדיג א שוויינענדיגע, א פערשעהמטע. זי האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין א ווינקעל, און בעהאלטען זיך פון מענשען. מען האט זי גאר ניט אנ־געזעהען און ניט באמערקט ווען זי איז געזעסען אין א ווינקעל, טיעף און שטום צוהערענדיג זיך צו אלעס און פיעלע פון די חברים האבען גע־מיינט, אז זי פערשטעהט ניט וועגען וואס מען רעדט און איבער וואס עס האנדעלט זיך. נאר דאך האבען אלע געפיהלט גוט ווען דאס קליינע בעשעפעניש איז געזעסען איינגעקארטשעט אין א ווינקעל פון שטוב. ווען זי האט זיך געפונען אין געזעלשאפט פון חברים, האט זיך חברה געפיהלט פרעהליך, גוט. קיינער האָט זי ניט בעמערקט, קיינער האָט זי ניט געזעהן — נור מיר האבען געפיהלט, אז זי איז דא, און קוקט אויף אונז מיט איהרע גרויסע אויגען — דאס האט אונז געגעבען מוטה און

גלויבען אין אונז אליין, און עס האט זיך אונז טאקע גערואכט, אז ווער ווייסט וואס מיר טהוען אויף מיט אונזערע געשפרעכען.

א גאנצען ווינטער האט זיך דער זיידע ווי עס איז איינגעלעבט מיט דער גרויסער שטאדט. ער איז ווענינ ארויסגעגאנגען פון שטוב, געזעסען גאנצע טעג ביים פענסטער און ארויסגעקוקט אויפ׳ן שנעע, און עפּעס צו זיך ארייגגערעדט אין דער בארד. עס איז אבער געקומען אזוי פאר פורים צייט, ווען די שנעען האבען זיך אנגעהויבען צולאזען און די ערשטע פריהלינגס ווינדען האבען אנגעהויבען צו בלאזען, איז דער אלטער אונרוהיג געווארען. ער האט אנגעהויבען צו בענקען נאך זיינע מיהלען. ער האט געהערט ביי נאכט ווי די פליגלען פון די מיהלען דרעהען זיך. דער ווינד יאגט זיי פוסט און פאסט און די גרויסע מיהל־שטיינער כאפּען אריין דעם ווינד און זיי מאהלען איהם, און דער ווינד ווייגט צווישען די שטיינער און ער הערט דא זיין קלאגען. דער אלטער איז טרויעריג געווארען און פלעגט זאגען:

— א מילנער טאר ניט פערלאזען זיינע מיהלען, אז נישט, קומען שדים אריין אין זיינע מיהלען און מאהלען אויף די שטיינער זייערע מעהלען...

ער האט אנגעהויבען צו רעדען וועגען אהיים פאהרען און איינגע־שפּארט זיך, אז רחל׳ע זאל מיטפאהרען מיט איהם. איך האב איהם קיינמאל ניט געזעהן אזוי אונגעדולדיג און טרויעריג, ווי אין דער צייט. רחל׳ע האט ניט געוואלט פאהרען. האט מיך דער זיידע אמאל גענומען אין א ווינקעל, און אנגעהויבען צו רעדען מיט מיר:

— איך מוז אהיים פאהרען, די מיהלען בענקען נאך מיר. איך פער־לאז מיין קינד אויף דיר (ער האט מיך פּלוצים אנגעהויבען צו רוצען, וואס עס האט מיך זעהר אנגענעהם איבערראשט). איך ווייס דו ביזט א פריינד פון מיין קינד, און דו וועסט זי אבהיטען. איך פערלאז זי אויף דיר.

איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן אז דער אלטער איך הויבט מיך אן צו בעטראכטען ווי רחל׳עס א חתן. ווי איבערראשענד דאס איז ניט געוועזן פאר מיר, האב איך איהם אבער געוואלט ארויסנעהמען פון טעות, אז ער זאל דערנאך קיין טענות ניט האבען צו מיר.

— נאך אלעמען, בין איך דאך אייער אייניקעל א פרעמדער. איך

וויל, איהר זאָלט עס פערשטעהן. איך ווייס ניט, אויב איך וועל קענען האָבען אויף איהר די ווירקונג...

דער אַלטער האָט מיך ניט געלאָזט אויסרעדען.

— איך ווייס, איך ווייס, אַ פרעמדער... אָבער אַ פריינד זענט איהר דאָך איהרער.

פון דעם אַלטען'ס ווייטערדיגע רייד האָב איך פערשטאַנען, אַז ער וויל זיך אַנכאַפּען אַן וואָס עס איז, אַבי צו האָבען די רוהיגקייט און קענען צוריק אַהיים פאָהרען צו זיינע מיהלען. איך האָב מיט איהם וועגען דעם מעהר נישט גערעדט. אין אַ פּאָאַר טעג אַרום, האָב איך מיט רחל'ען איהם בעגלייט צו דער באַהן, און מיט מיר האָט ער זיך געזעגענט, ווי איך וואָלט געווען איהר חתן.

---

# 8

## אַ נייער יעזוס קריסט.

— דער זיידע האָלט דאָך אייך פאַר מיין חתן, — האָט רחל'ע געלאַכט דעם גאַנצען וועג, ווען מיר זיינען צוריקגעגאַנגען פון דעם באַהן, בעגלייטענדיג דעם אַלטען אידען אַהיים.

„און איהר פאַר וואָס האָלט מיך?" — איז געהאַנגען די פראַגע אויף מיינע ליפּען. איך האָב זי אָבער אַראָבגעשלונגען, און אַנשטאַט דעם מיטגעלאַכט:

— ביי די אַלטע אידען קען גאָר קיין אַנדערע בעציהונגען צווישען אַ בחור מיט אַ מיידעל ניט זיין, ווי נור חתן־כלה'דיג.

דערויף האָבען מיר ביידע שטיל געשוויגען.

רחל'ע האָט ווייטער געוואָהנט אויף דער אַלטער קוואַרטיר, אַזוי ווי דער זיידע האָט זי געלאָזען, און ער האָט איהר איבערגעלאָזט געלד צו לעבען און זיך לערנען, „ביז זי וועט אָוועקוואַרפען די נאַרישקייטען און אַ כלה ווערען".

די נעקסטע פּאָאַר טעג איז רחל'ע ערגעץ וואו פערשוואונדען פון מיר. איך האָב זי זעלטען געטראָפען אויף איהר קוואַרטיר, און האָב איך זי שוין יאָ אַמאָל געטראָפען, האָט זי זיך שטענדיג געהאַלטען אין איין

איילען, זי האט בעדארפט ערגעץ וואו גען, אדער זי איז פון ערגעץ וואו צוריקגעקומען א גליקליכע מיט איהרע גרויסע בלישצענדע אויגען. און האט געהאלטען אין איין בעהאלטען עפּעס פון מיר.

אין א געוויסע צייט ארום, אז איך בין אמאל אריין, האב איך גע־טראפען רחל׳ען איינפּאקען זיך די זאכען, איך האב זי פערוואונדערט אנגעקוקט, זי האט אנגעשטעלט אויף מיר איהרע ליכטיגע צוויי אויגען מיט פרייד, און געזאגט צו מיר מיט איהר שמייכלען:

— גוט, שמעון, וואס איהר זייט געקומען. איך בעדארף אייך טאקע האבען. איך ציה זיך איבער, און וויל ניט, אז דער זיידע זאל וויסען. ער וועט אונרוהיגער ווערען און אהער קומען. שרייבט איהר איהם ווי ביז איצט, אז איהר זעהט מיך יעדען טאג, איך וואהן אויף די אלטע וואה־נונג און איך פיהל זיך גוט.

— וואס איז געשעהן?

— גאר ניט איז געשעהן. איך האב בעשטימט צו עפּעס זיך צו נעהמען. ניט צו עסען בחנם קיין ברויט. איך וויל זיך אויסלערנען א מלאכה ביי די שוועסטער שטיינמאן, ראזא שטיינמאן וויל מיר לערנען בלומען פוצען, אוננאטירליכע בלומען מאכען. איך וועל ביי זיי אויך וואהנען. איך האב שוין לאנג געוואלט ווערען אן ארבייטערין. עס זיינען מיר מיאוס געווארען די ביכלאך, א „אינטעליגענטקע" צו זיין, און צו נעהמען געלד פון זיידען און צו לעבען. וויל מען ווירקליך עפּעס טהאן מוז מען אלעם ערשטען אליין דאס שטיקעל ברויט פאר זיך פארדיענען, אליין אן ארבייטערין ווערען, און אזוי ארום מיט׳ן לעבען אין בעריהרונג צו קומען.

עס איז מיר מיט אמאל אלעם קלאהר געווארען. איך האב שוין געוואוסט, וואו רחל׳ע איז געווען און אונטער וועמענס איינפלוס זי איז ארונטערגעפאלען. פון איהר מויל האב איך געהערט ראזענבערג׳ס ווערטער:

— יענק׳עלע ראזענבערג, דער נייער יעזוס כריסט! — האב איך זיך ניט געקענט איינהאלטען.

איהרע אויגען זיינען בעטרעהרט געווארען, און זי האט אראבגע־בויגען איהר קאפּ און געקוקט אויף איהרע דינע דעליקאטע הענד, און שטיל געשוויגען.

מיר האט באנג געטהאן פאר די רייד. איך האב געפיהלט ווי עס האט איהר אנגעריהרט.

— רחל'ע, איהר זייט בייז אויף מיר?

— ניין, שמעון. נור איהר האט ניט בעדארפט אזוי רעדען. אלע יא, זיי האבען נישט גאט אין הארצען, ביי זיי איז יעדער מענש וואס האט א אידעאל א משוגענער אדער א פאלשער. אבער איהר זייט דאך גאר אן אנדערער פון זיי. איהר קענט נישט ראזענבערג'ן. ווען איהר וואלט איהם געקענט, וואלט איהר אזוי ניט גערעדט.

— עס קען גרייליך זיין.

— שמעון, — נעהמט זי מיך אן ביי דער האנד — איך בעט אייך, קומט מיט מיר היינט מיט צו די שטיינמאנס, אין אבענד וועט ראזענבערג זיין. ער קומט יעדען אבענד ארויף נאך דער ארבייט. איהר וועט זיך מיט איהם בעקענען. איך וויים אז איהר וועט איהם ליעב קריגען.

זי האט דאס ווארט ארויסגעזאגט אזוי איינפאך, אז איך האב נישט געוואוסט ווי עס צו אויסטייטשען. איך האב געשוויגען. נור אין א מינוט ארום האב איך זיך אנגערופען אוועקגעהענדיג:

— איך בעט אייך זעהר איבער, ווען מיין פריהערדיג ווארט האט אייך וועה געטהאן.

— שמעון, וואס טהוט זיך מיט דיר, — איז זי פלוצים אויפגעשפרונגען און אנגעכאפט מיך ביי דער האנד. — וואוהין געהסטו? וועסט מיר ניט העלפען איינפאקען? וועסט מיך ניט בעגלייטען אויף מיין נייע וואהנונג?

שוין איינינגע מאל האט זי מיר געזאגט „דו", אבער איהר „דו" האט גארניט געמיינט. עס איז געווען פריינדליכקייט. און קיינמאל בין איך איהר ניט אזוי דאנקבאר געווען פאר די פריינדליכקייט ווי איצט.

כאטש זי איז ביי מיר יעצט אין די אויגען זעהר פיעל געפאלען מיט דעם וואס זי איז אויך „פערכאפט" געווארען פון „יענק'לען". איך האב דעם ראזענבערג ניט געקענט פערזענליך. פאטש איך האב געוואוסט פון איהם און זיין לעבען. ער איז געווען א יונגערמאן פון איינינגע און דרייסיג יאהר, א רייכען פאבריקאנטס א זוהן, א פערהייראטער, קינדער געהאט. און דאך האבען זיך אין איהם אלע מיידלאך געליעבט. ער איז געווען א הויכער, א בלייכער, מיט א געזיכט פון יעזוס קריסט. און ער האט דערמיט שטאלצירט און קאקעטירט. געלאזט זיך

וואקסען לאנגע האאר, געקרויזטע לאקען, א רונדיג בערדעל, און צווישען אייגענע האט מען גערעדט, אז ער פארבט זיך אונטער די אויגען, אז זיי זאלען אויסזעהן אונטערגעשלאגענע. אמאל איז ער געווען א סאָ־ציאליסט, געזעסען אין פאוויאק א האלב יאהר. היינט האט ער זיך פון אלעם אבגעזאגט. א געוויסע צייט האָט מען גאָרנישט געהערט פון איהם. יעצט האט ער ווידער געלאזט הערען פון זיך, אבער שוין גאר אין א גאנץ אנדער געשטאלט, האט אנגעהויבען אויסאיבען „פערזענליכען איינפלוס" מיט זיין פערזענליכקייט. מען קען נישט צו אלע דערגרייכען, האָט ער געזאָגט, נור צו איינצעלנע. און דערגרייכען דארף מען צו זיי דורך פערזענליכען איינפלוס. ער האט באלד בעשאפען ארום זיך א קרייז פון מיידלאך, ביי וועלכע ער האט געשפיעלט די ראלע פון אן אפאסטאל. ער איז געווארען אן ארבייטער, גענאנגען אין א פאבריק אליין, נור דאס האט איהם ניט אבגעהאלטען אויפצוהאלטען זיין פרוי מיט די קינדער ביים רייכען טאטען, דעם פאבריקאנט. געהאלטען זיין ארבייט — פאר א מארטירערטהום, און אנגעהויבען צו קאקעטירען מיט זיין עהנליכקייט צו יעזוס'ן. ער האט שוין א האלבען טוץ רייכע מיידלאך פון בעל־הבתישע הייזער געשיקט אין ווערק־שטאטען אר־בייטען. און ניט איין מאמע וואס האט געגארט נחת צו דערלעבען פון איהר טאכטער, האט געוויינט אויף זיין קאפ. יעצט האט ער זיך אנגע־הויבען אראבצולאזען אין די ארימע קווארטאלען, אויפ'ן גרזישבאוו, אין די אלטע שטאדט, און אנגעהויבען זיך צו חבר'ען מיט ארימע מייד־לאך נייטארינס. אויסגעזוכט די שעהנסטע פון זיי, געקומען צו זיי אין די אבענדען. געגאנגען מיט זיי שפאצירען און געפרעדיגט פאר זיי, ווי גרויס און ווי שעהן זיי זיינען וואס זיי ארבייטען. אז די „ליידען" איידלען אוים דעם מענשען. די מיידלאך האבען נישט געוואוסט, וואס ער מיינט דערמיט, נור זיי זיינען גליקליך געווען צו געהן מיט איהם שפאצירען, און אלע זיינען פערליעבט געווען אין איהם, האבען ליעב געהאט צו זעהן זיין פנים און צו הערען זיינע זיסע רייד.

מיר אלע האבען איהם געקענט פון זיינע שפאצירען מיט א האָ־לאסטרע מיידלאך איבער דער מארשאלקאווסקי, מיט זיינע שווארצע לאקען און מיט זיין קאקעטירען פאר „יעזוס'ן", און מיר אלע האבען איהם געהאלטען פאר א פאזער, פאר א פלאכען יונג, וועמען עס איז לאנגווייליג געווארען די פעטע מיטאגס פון זיין מאמעס טיש און ער

האט געמאכט זיך א שפּילכעל פון די אידישע ארבייטער מיידלאך. און מיר האבען געהאלטען זיין שפּיעלען זיך פאר שעדליך.

און רחל'ע איז אויך אריינגעפאלען אונטער זיין איינפלוס. ווי אזוי האט זי ניט גלייך ארויסגעפיהלט מיט איהר אינסטינקט, וואס האט זיי קיינמאל ניט אבגענארט, די גאנצע אויבער־פלעכליכקייט, די גאנצע שפּיעלערישע קאקעטעריי פון דעם פלאכען יונגען מאן? ווי אזוי קומט עס, וואס ער האט געהאט אויף איהר אן איינפלוס?

און אפשר בין איך זיך טועה, אפשר האבען מיר מיינע פריינד ניט דעם אמת דערצעהלט, און איך אליין האב זיך אבגענארט. אפשר איז ווירקליך פערשטעקט אונטער די אויבערשטע פלאכע מאסקע פון דעם „גייעם יעזוס“ א טיעפע נשמה, וואס רחל'ע פיהלט עס דורך, און מיר זיינען עס בלינד צו זעהן.

עס מוז דאך עפּעס זיין. עס קען דאך ניט זיין אז רחל'ע איז איינע פון יענע מיידלאך וועלכע ווערען פערכאפּט פון א געמאכט שעהן פּנים'־על. אפשר מיין אייפערזיכטיגקייט מאהלט מיר ראזענבערג'ן פאר אן אויבערפלעכליכען נארישען מענשען. יא, מיין אייפערזיכטיגקייט. איך בין אייפערזיכטיג, איך פיהל עס אין מיר — עס ברענט מיר אינעווייניג. איך בין אויבערפלעכליך, איך בין מיאוס. ראזענבערג איז איינער פון די שעהנסטע מענשען, וואס לעבען, רחל'ע האט איהם דערפיהלט. זי האט דערפיהלט די שעהנקייט אין איהם און נור אזא מענש ווי ער, וועלכער ווארפט אוועק זיין פאטערס רייכע הויז, זאגט זיך אב פון גליק, פון פערזענליכען גליק, נור גלייך צו זיין מיט יעדען ארבייטער — האט א רעכט צו קוקען אויף רחל'ען און צו געניסען פון איהר שעהנקייט.

איך בין אן אייפערזיכטער און ציעל־לאזער יונג.

איך האב מיט מיינע אייגענע הענד געפּאקט איהר דאס פּעקעל — און געהאלפען איהר אוועקטראגען אויף איהר נייע קווארטיר צו די שוועסטער שטיינמאנס, אויף די אלטע שטאדט ארוים.

און איך האב געהאט דאס געפיהל אז איך פיהר רחל'ען — אהין צו איהם — צו יענקעל ראזענבערג'ען, וועלכען זי האט מיר געזאגט אז זי ליעבט.



## 9.

## דריי שוועסטער.

די שוועסטער שטיינמאן האבען געוואהנט ביים „אייזערנעם טויער“, אין דעם רווישענדסטען מארק פון שטאדט, וואו עס ווערט אנגעפיהרט דער האנדעל פון פיש און פלייש, און דאך איז עס געווען די שטילסטע שטוב פון ווארשוי. ארום און ארום האט גערווישט די גאס פון וועגען און פערד, פון געשריי און שילטען, עס האט פערכאפט דעם אטהעם פון געשטאנק פון פוילענדע פיש, חלב און גאז־געשמאק. און די דריי שוועסטער זיינען געזעסען אויף א בוידעם שטיבעל און האבען פון פיאלעט בלעטלאך און גרין־גראז בלעטלאך צוזאמענגענייהט לייווענ־טענע בלומלאך. דריי שוועסטער זיינען עס געווען מיט א אלטען קראנקען טאטען, וועלכער האט ניט געקענט געהן אויף די פיס. קיינער האט ניט געוואוסט וואס פעהלט איהם, דאכט זיך א געזונדער, א דיקער, מיט א פול שטארק פנים, און מיט געזונדע פיס, דאכט זיך, אויך, ווי יעדער מענש.

אמאל איז ער געווען א סוחר, ארומגעלאפען אויף דער בערזע — נור זייט א געוויסע צייט ווילען די פיס נישט געהן. ריהרען זיך ניט, ווי צוויי שטיקער אייזען. ליגט ער שוין אזוי זיעבען־אכט יאהר אויף דער זאפע מיט זיין שווערען גוף, און מיט זיין שעהנע בארד און גע־זונדען פנים, און מען מוז מיט איהם אומגעהן ווי מיט א קליין קינד. דער איד האט זיך געשעהמט, געשעהמט מיט זיין געזונד פנים און גע־זונדע הענד וואס זיינע קינדער מוזען ארבייטען אויף איהם. נור איין מאל איז עס געשעהן, א וואונדער איז געשעהן, ער האט מיט אמאל דערפיהלט אז די פיס דיענען איהם ווידער, אז זיי קענען ווידער געהן, ער האט געפרואווט אויפשטעלען זיך און שטעלען א טריט און די פיס האבען איהם געהערט. די קינדער זיינען שטעהן געבליבען און בעקוקט דאס וואונדער, „דער טאטע געהט“. אזוי איז ער שטייף אבגעגאנגען א פינף־זעקס טריט, און ווידער האט זיך אנגעהויבען אויס־צולעשען דאס חיות פון די פיס, זיי האבען זיך געבראכען אונטער איהם און ער איז אומגעפאלען.

ליגט ער שוין פון דענסטמאל אן אויף איין זייט און קלעהרט: פאר וואס איז עס אזוי?, און ברומט אריין צו זיך אין באָרד אריין: „געגאנגגען, פינף טריט געגאנגגען", און זיין גאנץ לעבען האָט דער איך שוין אויסגעפילט דערמיט וואָס ער האָט נאָכגעקלעהרט וועגען די פינף טריט וואָס ער איז געגאנגגען.

און אמאל איז נחמן שטיינמאן געווען דער גרויסער ווארשעווער סוחר, און זיין ווייב וועלכע איז היינט א צווייטע קלאסיגע אויפזעהע־רין אין איינע פון די ווארשאווער אידישע צדקה אנשטאלטען פאר יתומים — טראָגט נאָך די שווארצע ריפסענע קליידער, מיט די ווייסע געהאפטענע קעלנערלאך, וועלכע זיינען איהר איבערגעבליבען פון אמאליגע גוטע יאָהרען, און רעדט נאָך פּאָלניש מיט אַ עכט ווארשעווען אקצענט, „שאָנאָווני פּאָני", און אידיש רעדט זי האלב דייטש, וואר־שעווער דייטש, נישט אין דעם אָרדענארען מאניער, פון דער „האלאטע" (מאסע). און יעדען שבת לעזט זי נאָך אַ פּאָלניש ביכעל, און קען דעקלאמירען פון מיצקעוויטשעס ליעדער. און די קינדער האָט זי אויך אזוי ערצויגען אויף דעם ווארשעווער אַרט. פּאָלניש, מאנירען, מיט ליעבע צו דער „אָטשיזנע" (פּאָטערלאנד) און מיט דעקלאמאציעס פון מיצקעוויטש'ן און סלאוואצקי'ן. און ווען דאָס אונגליק איז געקומען איבער זייערע קעפּ, ווען דער פּאָטער איז קראנק געווארען און ניט גע־קענט פערדיענען — האָבען די טעכטער ניט געוואוסט צו וואס זיך צו נעהמען. עס איז זיי אנדערש ניט איבערגעבליבען נור דיענסטען צו ווערען, און אַ ווארשעווער מיידעל וועט ליעבערשט אויסגעהן פאר הונגער, אבי קיין דיענסט ניט צו ווערען. האָבען זיי זיך אויפגעעפענט א קאפּע הויז אויף'ן גרזשיבאוו, זיינען דאָרט אריינגעקומען פריזיר יונגען און „פאצעטלאך", סוביעקטען פון די געשעפטען און אָנגעהויבען צו ריידען פרעכע רייד, און צו מאַכען חן'דעלאך צו די מיידלאך, האָ־בען זיי איינגעזעהן, אז מען קען ניט האלטען אַ קאפּע הויז אויף גרזשי־באָוו, ווען מען האָט דריי שעהנע טעכטער און מען וויל אז אנשטענדיג לעבען פיהרען און די טעכטער צו מענער אויסגעבען...

האָבען זיי זיך געפּלאגט, ביז עס האָט אָנגעהויבען צו פערקעהרען אין קאפּע הויז ראָזענבערג, יאנקעלע ראָזענבערג, דעם פּאפּיראסען פאבריקאנט ראָזענבערג'ס זוהן מיט די לאנגע האָהר און פּאָלערינע, וואָס מען האָט איהם גערופען דער „נייער פּאָניע יעקים". ער האָט

די משפחה אויסגעבארגט געלד, און זיי האבען זיך געדונגען א וואה־נונג אויף גרושיבאוו, און די מיידלאך האבען זיך אויסגעלערענט בלו־מען מאכען, און פון דעם האבען זיי אויף א קארגען לעבען פערדיענט.

די עלטסטע פון די טעכטער ראזע איז געוועזן א טוים, אן אמת'דיגע צדקנית. זי איז שוין ניט געווען קיין יונגע מיידעל, און אמאל האט זי געמוזט זיין זעהר א שעהנע, אן ערעלע, מיט א ווייס בע'הן'טען פנים, דורכזיכטיגע הויט ווי א קלאהרע, ריינע פארצעלאיענע וואזע. מענשען האבען געמיינט, אז עס איז מיט איהר געשעהן עפּעס אן אומגליק: אן אונגליקליכע ליעבע און צוליעב דעם האט זי זיך געהאלטען קאלט צו אלע יונגע לייט (זעהר פיינע יונגע לייט) וואס האבען זיך געשארט ארום איהר, ווען זי איז נאך געווען א יונגע און א שעהנע. אבער איהר פרעמדקייט צו מאנספערשוינען, איהר שטילע פעראכטונג און קאלטע שרעק פאר מאנספערשוינען איז געקומען ניט צוליעב איהר'ס א פער־זענליך אומגליק, אדער איבערלעבעניש. איהר פערהאלטען זיך צו מענער איז געקומען צוליעב אן אומגליק וואס האט זיך געטראפען מיט איהר'ס א חבר'טארין.

צוויי מיידלאך חבר'טארינס זיינען זיי געווען, געגאנגען צוזאמען אין דער שוהלע, און, ווען זיי זיינען עלטער און רייפער געווארען, האבען זיי ביידע זיך פערטרויט די אינטימסטע געפיהלען, וואס דאס מייד־על פערטרויט נור די מוטער, ווען עס קומט דערצו...

זי געדענקט די נעכט ווען זי איז געלעגען מיט איהר חבר'טארין, מיט יעטע ליכטענשטיין, איהר אינטימסטע פריינדין. זיי זיינען גע־לעגען צוזאמען ביי־נאכט און פערטרויט איינע דער צווייטער די פער־בארגענסטע זאכען. און ווען יעטע האט זיך פערליעבט אין איהר חתן, אין'ם בוכהאלטער דאווידאוויטש, וואס האט געארבייט ביי פריוויסען אין אייזען געשעפט, האבען די צוויי מיידלאך זיך געהאלטען אין איין סוד'ען זיך.

און דערנאך איז יעטע א כלה געווארען פאר דאווידאוויטש'ען, געגען איהר פאטער'ס ווילען. נאך דער חתונה איז דאווידאוויטש גע־ווארען א קארטען שפּילער, געגאנגען צו אנדערע מיידלאך און צום סוף צוגענומען דעם נדן, און זי איבערגעלאזט אין אנדערע אומשטענדען און איז אוועק קיין אמעריקא.

איהר חבר'טארין איז אויסגעגאנגען ווי א ליכט פאר בענקשאפט נאך איהם, און איז א יונגע מיט איהר קינד אין בויך אוועקגעגאנגען אין דער ערד אריין.

דאס האט אויף ראזע שטיינמאן געמאכט אזא שטארקען איינ־דרוק, אז זי האט אנגעהויבען צו בעטראכטען יערען מאנספערשוין פאר א מערדער פון דער פרוי, פאר א נאטירליכען שונא, וואס וויל נור דער פרוי שלעכטס טהאן. און דאס אונגליק וואס האט געטראפען מיט איהר חבר'טארין, האט אפגעסמ'ט איהר לעבען. זי האט שוין ניט געקענט זיך דערנעהנטערען צו קיין מענספערשוין. גלייכגילטיג גע־מאכט זיך צו ליעבעס געפיהלען, און זי איז איבערגעבליבען אן אלט מיידעל.

נאר דאס נאטירליכע מוטערליכע געפיהל פון דער פרוי האט פער־לאנגט דאס איהריגע. איהרע איינגעשלאפענע ווייבליכע געפיהלען האבען ארויסגעשלאגען אויף איהר פנים די צייכענס פון ליעבע בענק־שאפטען... און איהר פנים איז נאך עדעלער געווארען, און עס האט געהאט עפּעס אין זיך פון דעם טראגישען, וואס האט אין זיך א יונגע רויטע רויז, וועלכע מען האט ניט געלאזט אויסשטעהן און זי איז פערוועלקט געווארען איידער זי האט נאך ענטוויקעלט איהרע בלע־טעלאך...

ראזע שטיינמאן האט אויסגעגאסען אויף די קינדער פון דער גאס איהר מוטערליכעס געפיהל, מיט וועלכען די נאטור האט זי בע־שאנקען, און וואס זי האט ניט געקענט אנווענדען אויף אייגענע קינדער. זי איז געוואָרען אַ מוטער צו די קינדער פון די שכנים, געניאנטשעט זיי. ווען זייערע מוטערס זיינען געגאנגען ארבייטען אין גאס אריין און פערלאזט די קינדער אין די שטובען, פלעגט ראזא אהין קומען ניאנטשען די קינדער, קושען זיי, זינגען זיי ליעדער.

אויך האט זי איהר מוטערליכעס געפיהל אויסגעגאסען אויף איהר קראנקען טאטען. עס איז געווען, ווי די טאכטער וואלט צוריקגעגעבען די ליעבע צום פאטער, וואס זי האט גענאסען פון איהם ווען זי איז א קינד געווען. זי האט דעם קראנקען טאטען אויסגעטהאן און אנגעטהאן ווי מען טהוט אן א קינד, און, אז מען האט געזעהן ווי זי טהוט דאס, וואלט מען געקענט גלויבען, אז זי נעהרט איהר פאטער מיט די מילך פון איהרע בריסטען, ווי די לעגענדע דערצעהלט...

זי האט געטהאן די שווערסטע ארבייט אין הויז, געוואשען די פארלאגעס, די וועש, דאס געשיער געוואשען, געקאכט פאר דער גאנצער הויז, געגאנגען אין גאס איינקויפען, און דאך האט זי דאס אלעס גע־טהאן מיט אזעלכע שטילע טריט, אז מען האט עס ניט אנגעזעהן און נישט אנגעהערט. אלעס אין שטיבעל האט געפינקעלט פאר ריינקייט, און מען האט ניט געזעהן ווען זי טהוט דאס. עס איז געווען ווי די לענגענדע דערצעהלט פון יענער מיידעל, וועלכע די מייזלאך זיינען געקומען בייגאכט העלפען איהר אין איהר הויז־ארבייט. זי האט זיך קיינמאל ניט געקלאגט, צו קיינעם קיין טענות ניט געהאט, און שטענדיג מיט'ן שמייכעלע, מיט'ן פערגליווערטען שמייכעלע אויפ'ן דעליקאטנעם פארצעלאיענעם דורכזיכטיגען פנים. און דערביי זיינען איהרע הענד געווען אזוי עדעל, אזוי ווי זי וואלט קיין מאל קיין שווערע ארבייט ניט געטהאן נאר ווי זי וואלט מיט בלומען ארומגעגאנגען א גאנצען טאג. און קיינער האט זיך ניט געוואונדערט דעריבער. קיינער האט ניט בעמערקט, פון וואנען האט ראזע נאך צייט צו העלפען די שוועסטער אין נייהען די בלומעלאך. ראזע ברענגט די ארבייט פון פאבריק, ראזע טראגט אב די ארבייט אין פאבריק, און בלייבט צו טהאן נאך אן אי־בעריגע שעה ארבייט שפעט אין דער נאכט אריין — ווער עס ראזע שוין טהאן. ראזע האט צייט אויף אלעס...

איז ראזע געווען די טויב פון דער הויז, איז די צווייטע שוועס־טער בערטהא שטיינמאן געווען די ראב פון הויז. דאס איז געווען א גע־זונד שטארק מיידעל, פון א צוויי און צוואנציג יאהר, אין די סאמע רייפסטע יאהרען, מיט א פאר געזונדע רויטע בעקלאך און שטארקע צוויי נאגענדע ליפען. זי האט געדארפט חתונה האבען, און געוואלט חתונה האבען. נאר ראזע האט זי אזוי אנגעשראקען פאר מאנספער־שוינען, אז זי האט מורא געהאט, אז זי זאל ניט אונגליקליך ווערען. זי האט געוואלט קינדער האבען, א מוטער ווערען, א ווייב זיין און פיה־רען אן אנשטענדיג, רוהיג לעבען. נאר זי האט זיך געשראקען. זי האט מורא געהאט, אז זי זאל ניט אונגליקליך ווערען. זי האט געזוכט א „פיינעם כאראקטער". ווארים ניט פאר ארימקייט האט זי מורא געהאט. זי איז געווען גרייט צו טראגען דעם יאך פון לעבען, ווי שווער עס זאל ניט זיין, אבי נאר אין איינעם מיט'ן מאנספערשוין. זי האט אבער מורא געהאט, אז דער מאן זאל זי נישט איבערלאזען, ווען עס

וועט צו שווער זיין. און דאן וועט זי שוין ניט אזוי יונג זיין, אזוי שעהן זיין, ווי דער „מאן" האט געטהאן מיט ראזע'ס חבר'טאריין יעטען.

און ווען זי איז אויסגעגאנגען מיט א יונגען מאן, פלעגט זי איהר אלץ אויסדרוכטען, אז ער האט ניט קיין פיינעם כאראקטער. האט זי גע־האלטען אין איין בייטען חתנים. אלע פאר וואכען האט זי אן אנדער יונגען מאן ארויפגעבראכט אין שטוב אריין. דאס בייטען, דאס אי־בערגערעכענטע קלייבען האט שטענדיג געערגערט די עלטערע שוועס־טער, ראזע'ן. און כאטש זי האט עס ניט ארויסגעזאגט מיט ווערטער, האט מען דאך דאס דערקענט אין איהר בליק, אין איהר בענעהמען זיך. ווארים דאס וואס איהר שוועסטער פלעגט שטענדיג בייטען די יונגע לייט און געקלעהרט חתונה האבען יעדעס מאל מיט אן אנדערען — האט בעליידיגט ראזע'ס מיידעלשע געפיהלען, און עס האט זיך איהר געדאכט, אז איהר שוועסטער האנדעלט מיט איהר לייב...

בערטהא האט עס גאנץ גוט בעמערקט, און כאטש ראזע האט געשוויגען, פלעגט זיך בערטהא טשעפען צו איהר:

— וואס ווילסטו, אז אלע זאלען זיין ווי דו? דו ביזט א הייליגע, ס'איז דיר לייכט צו זיין א הייליגע. דו בעדארפסט שוין גאר נישט. איך וויל חתונה האבען. איך וויל ניט אזוי פערברענגען מיינע טעג... איך וויל ניט...

טהיילמאל האט ראזע די שוועסטער פערשוויגען. נאר אמאל — איינמאל, ווען בערטהא האט פורים צו דער סעודה מיט אמאל גאר ארויפגעבראכט א נייעם יונגען מאן, און אפגעהאקט מיט דעם יונגען מאן, מיט וועלכען זי איז „אויסגעגאנגען" א גאנצען ווינטער, האט ראזע זיך אבגערופען:

— בערטהא, בערטהא, וואס טהוסטו?

— איך וויל חתונה האבען — האט בערטהא געענטפערט. איך וויל ניט פערזיצען ווי דו.

— אבער האנדעל ניט, אז דו ווילסט חתונה האבען — וואס האסטו מורא צו ריזיקירען. איך האב מורא געהאט צו ריזיקירען, האב איך זיך אבגעזאגט אין גאנצען פון חתונה האבען — אבער וואס האנדעלסט דו?

בערטהא האט ניט געקענט ענטפערען. אויף איהרע געזונדע באַ־קען האבען ארויסגעשפראצט צוויי גרויסע טרעהרען און זי האט שטום געקוקט אויף דער שוועסטער.

קיין מאל האט זיך ראזע ניט פערגעבען איהרע ווערטער. זי איז ארויפגעפאלען אויף איהר שוועסטער און אויסגעקושט איהרע טרעהרען.

פון דאמאלסט אן רעדען די שוועסטער מעהר ניט וועגען דעם...

נאר א גאנץ אנדערע פון די צוויי איז געווען מאטילדע, די אינגסטע.

די אינגסטע שוועסטער מאטילדע האט מען גערופען אין דער היים „גאלדענע הענד“: אלעס וואס זי האט גענומען אין איהרע קליינע הענדטעלאך אריין איז אויס דעם גאלד געווארען. אלעס האט זי געקענט. אז זי האט אויפגענייהט א בלום איז דאס געווען ווי מען וואלט די בלום פון דער צווייג ערשט וואס געהאט אבגעריסען. און א חן האט די מיידעל געהאט זיך צו קליידען אזוי ווי קיינער נישט. זי האט זיך אליין איהרע אייגענע מאדעס בעשאפען, געהילט איהר לויזען קליינעם לייכטען קערפער אין לייכטע זיידענע שטאפען, ארומגעוויקעלט זיך אין א שטיק זיידענס, לייוועגד — און עס איז דערפון ארויסגעקומען א קלייד, ווי א קינסטלערין וואלט אויפגענייהט. צווארפען זיך איהרע שווארצע לאקען איבער איהר פולען קליינעם נאקען, און עס איז דערפון ארויסגעקומען א מאדערנע פריזור, ווי א מייסטער וואלט איהרע האאר פערקעמט. פון איהר גאנצען קערפערל האט געבלאזען א ווינדיגער געשמאק, ווי עס יאגט פון א יונג בליהענדען בוימעל אין פריהלינג. עס האט זיך געדאכט, אז איהר קערפער און האהר באדען זיך ביינאכט אין ווינד, און אין טהוי, ווארים זי איז אינגאנצען געווען צופלאשעט, ווי עס איז א יונג שוואך בוימעל, וואס שטעהט אליין אין מיטען פעלד גאנצע טעג און גאנצע נעכט, און אלע ווינדען יאגען דעריבער און אלע נאכט־טהויען באדען עס אויס, און צוואגען אויס יעדעם צווייגעל, יעדעם בלעטעל, יעדעם בליהמעל, אזוי איז דאס מיידעל'ס לייב, איהרע האאר, איהרע פינגער אויסגעבאדען געווען אין ווינד און טהוי — ווארים פון איהר גאנצען וועזען האט געהויכט אן אטהעם פון פריהלינג...

---

## 10

## צוגעיגנב׳עטע לאָסקעס.

מען האט ניט בעדארפט לאנג נאכצוזוכען, אום אויסצוגעפינען אז יענקעלע ראָזענבערג, אָדער דער נייער יעזוס קריסט, איז ארויפגעקומען צו דער פאמיליע שטיינמאן און האט זיך פעראינטערעסירט מיט דער לאגע פון דער פאמיליע נור דערפאר, ווייל ער איז געווען פערליעבט אין דער מיידעל, אין די אינגסטע פון די שוועסטער, אין מאטילדען. נאך אין דעם זעלבען אבענד, ווען איך האב ארויפגעפיהרט מיין רחל׳ען צו די שטיינמאנס אויף ראָזענבערג׳ס בעפעהל (איך האב דאך פערשטאַנען, אז ער בעפעהלט רחל׳ען צו וואהנען דארט) האב איך באלד דערזעהן, אז דאס מיידעל מאטילדע שטיינמאן איז פערליעבט אין דעם „נייעם יעזוס" צום טויט. דאס מיידעל האט עס גאר ניט בעהאלטען אויך. פערקעהרט, זי איז שטאלץ געווען אויף זיין ליעבע. און איידער ער איז נאָך געקומען צו געהן, האט זי זיך פאָרבערייטעט אויף זיין קומען, ווי א פארצייטיגע כלה אויף איהר חתן. זי האט זיך געהאלטען אין איין וואשען, פלעכטען זיך די האהר, הילען זיך אין זיידענצייג. און די עלטערע, ראזע, האט אויפגערוימט דאס שטיבעל, פאַרגעבריים עס פאר׳ן גאסט. און דער קראנקער פאטער, ליגענדיג אויף דער זאפע אונבעוועגליך, האט פאר כעס געצופט די האאר פון באָרד און זיינע שארפע גלאנצענדיגע אויגען האבען זיך אפירגערוקט פון אונטער די גרויסע געדיכטע ברעמען ווי צוויי גליהענדע פייערלאך...

און באלד איז ער געקומען. די טהיר האט זיך אויפגעעפענט, און עס איז אריין א הויכער יונגער מאן פון א יאָהר אכט און צוואנציג, דרייסיג, א בלייכער אביסעל, מיט א שווארץ בעוואקסען בערדעל, איינגעהילט אין זיין שווארצע פאלערינע האט מען נאר ארויסגעזעהן זיין בלייך פנים און זיינע שווארצע קאדלעס האאר, וואס האבען זיך ארויסגעגאסען פון הינטער זיין ווייכען הוט. אונטער׳ן ארעם האט ער געהאלטען א בוך. ער האט זיך ארומגעקוקט אין שטוב, און דערזעהענדיג מיך, האט ער געגעבען א קנייטש איין דעם שטערן, א פערקרים די ליפען, און געמאכט, אזוי ווי ער וואלט זיך געוואלט ענטשולדיגען פאר

ווענען. נור באלד איז צו צו איהם די קליינע מאטילדע און האט זיך אין איהם איינגעקארטשעט, ווי א קאלב צו דער קוה, מיט'ן קאפ און פנים. א שמייכעל האט א שיין געגעבען אויף זיינע בלייכע ליפען, און ער האט ארויסגעוויזען זיינע צייהן, עפעס ווי ער וואלט זיך צוריק איבער־געבעטען און מוחל געווען וואס איך געפין זיך אויך דא. די עלטסטע, ראזע, איז געשטאנען א פערגאפטע און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן, אן ערנסט און א שרעק איז געלעגען אויף איהרע אויגען און זי האט געקוקט אויף איהם מיט פערציקונג. מיט ליעבע און איבערגעבענהייט האט זי איהם געהאלפען אראבנעהמען די פעלערינע, און א דאנק־בארקייט איז געלעגען אין איהרע אויגען, פאר דעם וואס זי האט די זכיה איהם אבנעהמען די הילע. יענקעלע ראזענבערג האט זיך צו־מישט אוועקגעזעצט און געשוויגען, לאנג געשוויגען, ער האט בעמערקט רחל'ען, וועלכע האט זיך אויך געפונען ביים טיש, אויף וועלכען עס האט זיך געלויכטען די לאמפ, און האט געשמייכעלט צו איהר:

— איהר וואהנט שוין דא, רחל'ע?

— יא, איך האב זיך היינט אריינגעצויגען צו די שטיינמאנס. מאטילדע הויבט מיך אן מארגען לערנען בלימלעך צונויפשטעלען.

— יא, יענקעל, איך האב זי זעהר ליעב, — האט זיך דאס קליינע מיידעל אנגערופען, ארויסשטעלענדיג איהר שווארצען קאפ האאר, פון הינטער זיין ארים, צו וועלכען זי איז געווען צוגעטוליעט, ווי א פויגעל — יענקעל זעה, וואס פאר א פיינע, דורכזיכטיגע הענד זי האט. איך האב זעהר ליעב איהרע הענד — און דאס מיידעל האט אנגענומען רחל'עס הענד און געקושט זיי.

רחל'ע איז פערשעהמט געווארען און רויט, און עפעס א טרויעריג־קייט איז געלעגען אין איהרע אויגען. זי האט אראבגעלאזט די אויגען, שעמענדיג זיך פאר מיר.

א שמייכעל האט געמוזט ערשיינען אויף מיינע ליפען, ווארים יענקעלע איז זעהר טרויעריג געווארען און אראבגעלאזט דעם קאפ אין שוויינען. איך האב געפיהלט אז איך שטער די שטימונג און האב זיך אבגערוקט פון טיש, צום קראנקען פאטער, און אנגעהויבען צו פערפיה־רען מיט איהם א געשפרעך, נור דער פאטער האט מיט זיינע בייזע אויגען אהין געקוקט צום טיש, וואו יענקעל, פריי פון מיר, האט זיך גע־פיהלט אונגעשטערט — און ער האט עפעס פארגעלעזען פון א בוך, צי

פון א מאנוסקריפּט, צו וועלכען די מיידלאך האבען זיך צוגעהערט מיט איינגעהאלטענעם אטהעם. דער קראנקער פאטער האט געביסען זיינע ליפּען, און זיין פּנים איז רויט אנגעבלאזען געווארען, זעהענדיג ווי זיין מוזיניקעל, זיין אינגסטע, וועלכע ער האט ליעבער געהאט פון אלע זיינע טעכטער און וועלכע ער האט ליעב געהאט צו ניאנטשען ווען זי איז געווען א קליינע, ליגט האלב אין די ארעמס פון א בעווייבטען מאנספּערשוין, און ער געהט אויס מיט איהר, און ער ווייס ניט וואוהין, און ער נעהמט איהם צו די לאסקעס פון זיין טאכטער, וועלכע דער געזונדער־קראנקער איד האט אזוי גערארפּט, און ער מוז שווייגען — ווייל ניט פאר איין טובה מוז ער איהם שוין דאנקבאר זיין...

א מאָדנער מענש איז געווען אַט דער יענקעלע ראזענבערג. א מענש, וואס אלעס וואס ער טהוט, טהוט ער א מצוה. ער האט געהאט די איינגענשאפט, אויף אלע טהאטען וואס ער האט בעגאנגען האבען זיי געמעגט זיין נאך אזוי געמיין און שלעכט, ארויפצוציהען א הייליגקייט, און בעגלענצען עס מיט א מצוה־שיין. ער האט ניט גע־פיהלט, אז ער בעגעהט א פערברעכען מיט דעם, וואס ער ציהט צו צו זיך די יונגע מיידלאך און מאכט זיי פערליעבט אין זיך, און ער קען זיי גאר ניט אבגעבען דערפאר, ווייל ער איז שוין א פערהייראטער מענש. פערקעהרט, איהם האט זיך געדאכט, אז ער טהוט א גרויסע מענשליכע זאך, און ווי ווייט זיין בעציהונג צו זיינע „הייליגע" כלות האט ניט דערגרייכט, דאך האט ער עס געוואוסט אזוי צו רעכטפערטיגען, אזוי צו בעשיינען דאס מיט אזא הייליגען גלאנץ, אז עס איז גאר אויסגעקו־מען ביי איהם א מצוה, וואס ביי אן אנדערען שטערבליכען וואלט עס אויסגעקומען אן עברה... און ער האט זיך געפרעהט מיט זיין טהאט אלס א גרויסע זאך, איבער וועלכע אן אנדערער וואלט געהאט גע־וויסענביסע... ער איז געווען דער גליקליכער, וואס ער האט אלעס גע־קענט כשר'ן מיט זיין שטימונג. ער האט ניט געזעהן די עולה וואס ער טהוט זיין פרוי מיט די קינדער, וועלכע ער פערלאזט אויף גאנצע טעג אליין און זעהט זיי קיינמאל ניט; ער האט ניט געזעהן זיין נישטקייט, וואס ער דרעהט זיך ארום איבער גאט'ס וועלט און טהוט אייגענטליך גאר ניט; ער האט ניט געזעהן דעם אונרעכט וואס ער טהוט דעם קראנקע אידען, וואס ער האט זיך ארייגגעגנב'עט אין זיין הויז און אוועקגערויבט פון איהם די הערצער פון זיינע צוויי טעכטער. ער האט

דאָס אלעס גאָר ניט געזעהן. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער טהוט דערמיט אזא גרויסע מענשליכע זאך...

און דער פאָטער איז געווען איפערזיכטיג אויף איהם צוליעב זיינע טעכטער. די קראנקהייט, די אונבעוועגליכקייט פון זיינע פיס, האָט דעם פאָטער פון די טעכטער געוואָרפען אין בעט אריין. אזוי אבער איז דער סוחר שטיינמאַן געווען א געזונדער איד, מיט א געזונד פנים, געזונדע הענד און געזונדע אינסטינקטען. גאנצע טעג איז ער געלעגען אויף דער זאָפע און געבענקט נאך וואָס, ער האָט געבענקט נאך אין דרויסען... און האָט מקנא געווען מענשען וואָס געהען, און זיין איינ־ציג גליק זיינען געווען זיינע טעכטער. און ער האָט ליעב געהאָט, ווען זיינע טעכטער ניאנטשען איהם און בעהאנדלען איהם ווי א קינד. ער האָט ליעב געהאָט צו פיהלען אויף זיין לייב די בעריהרונג פון די ווייכע ווייבליכע הענד, מעג עס אפילו זיין פון זיין טאָכטער, און אפשר דער־פאר וואָס עס איז זיין טאָכטער... ער האָט ליעב געהאָט ווען די עלטסטע, ראָזע, וואשט איהם דעם קאָפּ, ווי מען וואשט א קינד, און ער האָט ליעב געהט ווען די קליינע, ווען דאָס ציטערדיגע מיידעלע מאָטילדא, ליגט אין זיינע אָרעמס און ניאנטשעט איהם. ער האָט גע־בענקט און בעדאַרפט די לאָקען פון זיינע טעכטער. און צייט יענ־קעלע ראָזענבערג האָט אָנגעהויבען צו פערקעהרען אין זיין הויז, דאכט זיך איהם, אז זיינע טעכטער זיינען קעלטער געוואָרען צו איהם. זיי זעהען איהם ניט און פערגעסען אָן איהם, און עפּעס זיינען די לאָקען זייערע, דאָס בעריהרען פון זייערע הענד קיהלער און פרעמדער צו איהם... דאָס האָט איהם דער יונגער מאַן, דער יענקעלע ראָזענבערג צוגעגנב'עט די לאָקען פון זיינע קינדער, און יעדעס מאָל, ווען יענ־קעלע איז געקומען אין אבענד און די טעכטער האָבען זיך געקליבען ארום איהם און ער האָט עפּעס גערעדט צו זיי, דערצעהלט, פאַרגעלעזען זיי און זיינע טעכטער זיינען געזעסען ארום איהם מיט פערכאַפּטע אָטהעמס און געקוקט איהם אין די אויגען אריין מיט בעגייכטערונג, האָט זיך א פייערעל אָנגעצונדען אין די אויגען פון דעם קראנקען אי־דען, וועלכען קיינער האָט ניט בעמערקט...

איך בין געזעסען און אָבגעהיט דעם אלטען און בעמערקט דאָס פייערעל אין זיינע אויגען, ווי עס גליהען זיינע אויגען הינטער זיינע נעדיכטע ברעמען, ווי בעהאלטענע צווייג שלעכטע פייערלאך, און ער

בעטראכט גוט דעם יענקעלע ראזענבערג. איך ווייס ניט וואס ער לעזט זיי דארטען פאר אזעלכעס, וואס ער זאגט זיי דארט, וואס אלע דריי — ראזע, מאטילדע און רחל'ע, איינגעקופיעט ארום איהם, הערען זיך איין, וואס אמאל שליסען זיי זיך ענגער ארום איהם ווי זיי וואלטען איין קערפער געווארען און זיי ציהען זיך צו איהם, ווי עפעס וואלט געווען אין איהם וואס ציהט זיי צו צו איהם. זיין פנים ווערט בלייכער אין שיין פון לאמפ און זיינע אויגען טיעפער אין די אויגען־לעכער, און א פער'חלש'ט שמייכעלע ליגט אויף זיינע בלייכע ליפען און פון צייט צו צייט בליקט ער צו איינע פון זיי און שמייכעלט פרום, ערנסט, און איך און דער אלטער טאטע בעטראכטען דאס און מיר זעהען ווי ער פאקט די הערצער פון די מיידלאך, און עפעס ווערט אין אונז אנגעצויגען, רייף, איך קוק דעם קראנקען פאטער אין די אויגען אריין, אונזערע בליקען בעגעגענען זיך, און מיר פערשטעהען זיך... ווער ווייס ווי לאנג די שטימונג ביים טיש וואלט זיך אוועקגעצויגען, ווען עס וואלט זי ניט פלוצים אין גאנצען איבערגעפיהרט בערטהא, די מיטעלסטע שוועסטער מיט איהר ערשיינען. זי האט ברייט אויפגעפראלט די טהיר און איז אריין פון שפאציער מיט א יונגען מאן. דער יונגער מאן האט זיך נאך איהר נאכגעשלעפט א פערשעהמטער אביסעל, אונטערגעהוסט, און געהאלטען זיך אין איין אראבציהען דעם קראגען מיט'ן שליפס, וועלכער איז איהם געשפרונגען אין דער הויך. דאס מיידעל האט איהם אנגענומען פעסט ביי דער האנד און צוגעפיהרט איהם, צושלעפענדיג, צום טיש, וואו זיי זיינען געזעסען ארום יענקעלען און ער האט געלעזען. און בערטהא האט זיך אבגערופען מיט א פעסטע זיכערע שטימע.

— איך האב די עהרע אייך פארצושטעלען מיין חתן משה זילבערשטיין, און דאס זיינען מיינע שוועסטער, ראזע און מאטילדע. און דערנאך האט זי איהם צוגעשלעפט צום פאטער:

— טאטע, מיין חתן, משה זילבערשטיין!

בערטהא'ס ערשיינען מיט איהר חתן איז געווען ווי א דונער וואלט אריינגעפאלען אין שטוב אריין. די מיידלאך זיינען געבליבען זיצען ווי פערשטיינערטע און פערשעהמטע, מיט אראבגעהאנגענע קעפ, ווי בערטהא וואלט דאס שרעקליכסטע ווארט ארויסגערעדט. די שטימונג איז געווארען איבערגעפיהרט, און יענקעלע ראזענבערג האט גענומען זיין בוך אונטער'ן ארעם און איז פערשוואונדען.

און דערנאָך, אז איך בין צוגעגאנגען צו רחל'ען און גערערט עפּעס צו איהר, האָט זי מיך שוין ניט געהערט און ניט פערשטאַנען, אין איהרע אויגען איז געלעגען עפּעס אַ מאָדנער גלאַנץ.

---

## 11.

## אַ מאַגנעטישע קראַפט

עס איז געוואָרען, אזוי ווי עס איז געווען צו ערוואַרטען:ביידע מיידלאך, רחל'ע און מאַטילדע, האבען זיך איינגעליעבט אין יענקעלע ראָזענבערג. און ניט נור די צוויי מיידלאך, נור אפילו די עלטערע, ראָזע, וועלכע האָט געהאַט אַזאַ שרעק פאַר אַ מאַנספּערשוין. זי איז אויך ארומגעגאַנגען אַ פערליעבטע; איהר פּנים איז ליכטיגער און פרעהליכער געוואָרען און איהרע הענד פלינקער. און — אַ וואונדער־ליכע זאַך! ניט נור זיינען די מיידלאך ניט איפערזיכטיג געווען איינע אויף די אנדערע, נור פערקעהרט, עס האָט אויסגעזעהן, ווי די מיידלאך וואָלטען גליקליך געווען, וואָס זיי ליעבען צוזאַמען איין מאַנספּערשוין...

רחל'ע און מאַטילדע האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען, ווי עס וואָלט פון זיי איין וועזען געוואָרען; עפּעס האָט זיך צוזאַמענגעפלאָכטען אין זייערע ביידענס נשמות, צייט זיי האָבען ביידע ליעב געקראָגען דעם „נייעם יעזוס"; ווי זיי וואָלטען ביידע גערדיענט צו אַ נייע רע־ליגיאָן.

די מיידלאך האָבען זיך געהאַלטען תמיד אין איין סוד'ען. זיי האָבען געגעסען פון איין טעלערעל; זיי זיינען געשלאָפען אין איין בעט, און איינע האָט ניט געטהאָן אַ טראַט אהן די צווייטע, און איז אָנ־געקומען די צייט ווען יענקעלע האָט בעדאַרפט אריינקומען, אין די אבענדען, האָט איינע די אנדערע אויסגעפּוצט, געטהיילט זיך מיט די קליידלאך, מיט די בענדלאך, ווי איינע וואָלט די צווייטע געוואָלט שעהן מאַכען, בע'חן'ט מאַכען פאַר יענקעלען...

איך האָב דאָס אַלעס צוגעזעהן און געשוויגען. די אייפערזוכט האָט מיך אויפגעגעסען און איך פלעג זיך עסען ביינאַכט אויף מיין

געלעגער, וואָרים רחל'ע האָט מיך, צייט זי האָט געוואוינט ביי די שטיינמאַן'ס, נישט געזעהן, און האָט זי מיך שוין יאָ געזעהן, האָט זי מיט מיר גערעדט נור וועגען איהם, וועגען „יענקעלען"; זי האָט מיך געהאַלטען אין איין אויספרעגען, ווי יענקעלע געפעלט מיר:

— ניט וואָהר, שמעון, ער איז דאָך אַזוי אינטערעסאַנט!

אָדער זי פלעגט מיר זאָגען:

— שמעון, קום נישט מאָרגען אָבענד צוגעהן, יענקעלע וועט זיין; ער וויל אונז עפעס פאַרלעזען און ער וויל ניט, אַז דו זאָלסט זיין; אַז דו ביזט דאָ, פיהלט ער זיך נישט גוט.

און דאָס וואָרט „יענקעלע" האָט זי געזאָגט מיט אַזוי פיעל ליעבע, מיט אַזוי פיעל איבערגעבענהייט, און מיך האָט זי דערביי געדרוצט.

איך האָב איהר צוליעב געטהאָן; איך בין צומאָרגענס ניט געקומען, נור אַרומגעדרעהט זיך אַ גאַנצען אָבענד אויף דעם טראָטואַר פאַר'ן הויז, וואו זיי האָבען געוואוינט. אויבען אין דער הויך, אין די שטיבלאַך, וואו זיי האָבען געוואוינט, האָב איך געזעהן ליכט. ער איז אויבען אין דער הויך, מיט מיין רחל'ען, און ער וויל נישט, אַז איך זאָל זיין דערביי. — האָט ער מיך אַראָבגעשיקט און איך דרעה זיך אַרום פאַר דער טהיר.

און, אַ וואונדערליכע זאַך! איך בין, דוכט זיך, נישט בייז געווען אויף איהם... בייז אפשר יאָ, נור איך האָב איהם ניט פיינט געהאַט; עפעס איז געלעגען אין דעם יענקעלע אַ נאַאיוויטעט און אַ פּאַטהאָס, וואָס ווען מען האָט איהם געזעהן, האָט מען איהם אַלעס מוחל געווען. ער איז געווען פון די מענשען, וואָס אונטער די אויגען האָט מען אויף איהם אַל־דאָס שלעכטס אויסגערעדט, און אין די אויגען האָט מען איהם אַלעס מוחל געווען.

דעם זעלבען אָבענד, ווען רחל'ע האָט מיר ניט געהייסען אַרויפקומען, ווייל איך שטער מיט מיין אַנוועזענהייט ראָזענבערג'ן, האָב איך איהם אָבגעוואַרט פאַר דער טהיר פון די שטיינמאַן'ס.

שפּעט אין אָבענד, אַרום עלף אַ זייגער, איז ער אַרויס פון הויז מיט זיין ווייכען הוט איבער די אויגען. איך בין איהם נאָכגעגאַנגען און גערופען:

— ראָזענבערג!

ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהענדיג מיך האט ער מיך ברייט זיין שטארקע האנד דערלאנגט און געזאגט צו מיר:

— גוט וואס איך טרעף אייך! איך האב אייך שוין לענגסט געוואלט פרעגען אויף רחל'עס זיידע, דעם מילנער איד; רחל'ע האט מיר געזאגט, אז איהר זייט מיט איהם גוטע פריינד, און איהר האט מיט איהם פיעל גערעדט.

דערהערענדיג זיין פרייע שטימע, און דערזעהענדיג זיין פריינד־ליכען שמייכעל, האב איך אין אנפאנג קיין מוטה ניט געהאט צו ריי־דען מיט איהם וועגען דעם וואס איך האב געוואלט. איך האב זיך אבער באלד פארגעשטעלט דעם אלטען אידען, רחל'עס זיידען, אין וועל־כען ראזענבערג האט מיך דערמאהנט, און אין דעם פערשפערעכען, וואס איך האב איהם געגעבען איידער ער איז אוועקגעפאהרען, אבצוהיטען זיין קינד, האב איך מוטה געפאסט:

— ראזענבערג — האב איך פלוצלונג געזאגט — איהר האט א פרוי מיט קינדער.

— יא, — האט ראזענבערג געענטפערט און זיין שטימע איז גע־ווען מיט פרייד.

— און וואס זיינען אייערע בעציהונגען צו רחל'ען?

ראזענבערג האט מיך אנגעקוקט מיט זיינע גרויסע אויגען, און פלוצלונג איז ער שטיל געווארען, טרויעריג, און האט געשוויגען.

— איך פרעג עס אייך, ווייל איהר זיידע, דער מילנער־איד, אויף וועלכען איהר האט מיך געפרעגט, האט מיר אנפערטרויט זיין איי־ניקעל, איידער ער האט פערלאזען ווארשוי. און אויף אזוי פיעל, וויפיעל דער איד האט מיר פערטרויט, איז רחל'ע איהם איבערגעבליבען איינע אליין פון זיין גאנצער פאמיליע; דער אלטער איד קען ניט לע־בען אהן דעם קינד, און ווען עס וועט איהר עפעס געשעהן, וועט עס דער אלטער זיידע ניט איבערטראגען.

ראזענבערג האט ווידער געשוויגען. דאן האט ער פלוצים מיין האנד אנגענומען און געזאגט:

— איך דאנק אייך, וואס איהר האט מיך דערמאהנט.

ער האט געפרואווט קוקען מיר אין די אויגען אריין, עס איז אבער פינסטער געווען אויף דער גאס.

— קומט מיט מיר אין אַ קאַפע הויז אריין. איך וויל זיך מיט אייך דורכריידען.

מיר זיינען אריין אין אַ קאַפע־הויז און מיר האָבען זיך אוועקגע־זעצט אין אַ ווינקעל ביי אַ טישעל.

ראָזענבערג האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגען אריין. אין זיין בליק איז געלעגען אַ ערנסט און אַ אויפריכטיגקייט.

— איך האָב אייך צוליעב דעם דאָ אהער געבעטען, ווייל איך האָב געוואָלט אייערע אויגען זעהן. איך קען מיט קיין מענשען אויפריכטיג ניט ריידען אין דער פינסטער. איך מוז איהם אין די אויגען קוקען — האָט ער מיר געזאָגט — איהר האָט מיר אויפמערקזאם געמאכט, אַז רחל'ע קען זיך פערליעבען אין מיר, און זי איז אַ אונשולדיג יונג קינד, און איך קען איהר הארץ רויבען, און חתונה האָבען קען איך ניט מיט איהר, ווייל איך האָב שוין אַ ווייב מיט קינדער. איך דאנק אייך זעהר פאר די אויפמערקזאמקייט. איהר האָט רעכט. אָבער איהר ווייסט דאָך, אַז ניט דאָס וואָס איך האָב אַ ווייב מיט קינדער האָט אייך גע־בראכט צו רעדען מיט מיר וועגען מיינע בעציהונגען צו רחל'ען; איך וויים דאָך, אַז איהר, אַלס אַ פרייער, מאָדערנער מענש, פערשטעהט דאָך גאנץ גוט, אַז צוליעב דעם, וואָס איך האָב אַ ווייב מיט קינדער, קען איך זיך דאָך ניט אָבזאָגען ענטציקט צו ווערען פון דער זון, פון וואַ־סער; צו אטהעמען לופט, צו ליעבען בלומען. עס איז דאָך דאָ אַן אנדערע אורזאכע, וואָס האָט אייך געבראכט צו ריידען מיט מיר וועגען רחל'ען... פאר וואָס קענען מיר נישט זיין אָפענהערציג? לאָמיר זיין אָפענהערציג, כאָטש מיר ריידען צום ערשטען מאָל! זאָגט מיר: זייט איהר פערליעבט אין רחל'ען? זייט איהר אייפערזיכטיג אויף מיר?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

— יעצט זיינען מיר אויף אַ וועג, איך וויל אייך גאר ניט בע־רוהיגען; דאָס וואָס איהר זייט אייפערזיכטיג אויף מיר, מאכט אייך נאָהנט צו מיר, פערבינדט אייך מיט די געפיהלען צו מיר, און מיר ווע־רען דורך דעם פערזענליך פערבונדען איינער מיט'ן אנדערען, און דאָס וויל איך! מענשען דארפען ניט שטעהן ווי איינזאמע בוימער אין אַ וויסטע פעלד, וואָס איינס קען זיך ניט צוריהרען צום צווייטען; מענשען זאָלען זיך פערזענליך פערבינדען איינער מיט'ן אנדערען! פיהלט איהר דען אין די אייפערזוכט בלויז וועהטאָג? דאָס וואָס איך ליעב

די זעלבע פערזאָן, וואָס איהר ליעבט, מאַכט דאָס דען אייך ניט נאָהנט צו מיר? גיט דען דאָס אייך בלויז צער און צאָרן? דערפיהלט איהר דען ניט אין דעם צער פון די אייפערזיכטיגקייט א געוויסען שטילען, אינערליכען פערגעניגען, ווי א שטילע מוזיק? ווייסט איהר וואס די מוזיק פון אייפערזוכט איז? דאָס איז די מענשליכע ליעבע פון אלע צו אלעמען; דאָס בשותפות'דיגע מענשליכע, וואָס איז אין אונז ביידען; איהר האסט מיך נישט ווען איהר זייט אייפערזיכטיג אויף מיר — איהר ליעבט מיך, איך בין אייך טהייערער, שעהנער, אנגעזעהענער, דערפאר וואָס איך ליעב דיעזעלבע פערזאָן, וואָס איהר. פארוואָס זאָל איך פון אייך דאָס געפיהל אויסמעקען? ניין. איך בין גליקליך, וואָס איך האָב אייך, א מענשען, בערייכערט מיט אזא איידעלען, מענשליכען, בשותפות'דיגען געפיהל צו מיר, און איך וויל אייך אָפען מודה זיין, אז איך ליעב טאַקע רחל'ען און דאָס וואָס איהר ליעבט זי אויך — דאָס קען גאָר ניט שאדען מיין ליעבע. פערקעהרט, דאָס בערייכערט נור מיין ליעבע, ניט בלויז צו רחל'ען, נור אויך צו אייך, ווייל ליעבע אליין איז דאָס העכסטע מענשליכע געפיהל; דורך דער ליעבע פערבינדט זיך איין מענש מיט'ן צווייטען, און אונזער ליעבע צו רחל'ען האָט אונז ביידען פערבונדען. אזוי וואָלט מען זיך קיינמאָל ניט געקענט פערבינדען. רחל'ע האָט אונז פערבונדען. פונקט אזוי ווי פייער גיסט צוזאמען איין פייער מיט'ן צווייטען, אזוי האָט רחל'ע אונז ביידען צוזאמענגעפלאָכטען. איך בין רייכער געוואָרען דורך אייער ליעבע... פערשטעהט איהר מיך?

— איך פערשטעה ניט אין גאנצען, נור איך וואָלט געוואָלט ווי־סען, אויב איהר האָט גערעדט וועגען אייער „טהעאָריע" פון ליעבע מיט רחל'ען, און אויב זי פערשטעהט אייך?

— געוויס האָב איך גערעדט מיט איהר וועגען דעם. די אבענדען, וואָס איך פערברענג מיט מאַטילדען, מיט ראָזען און מיט רחל'ען — רעדען מיר אלץ וועגען דעם; וועגען פערבינדען די מענשען איינעם מיט'ן אנדערען דורך ליעבע. איך ווייס נישט, אויב רחל'ע פערשטעהט מיך אין גאנצען. נור אזעלכע קינדער ווי רחל'ע און מאַטילדע פיהלען דאָס. און דאָס געפיהל קען איינזאַפּען אין זיך דאָס בשותפות'דיגע, וועלכעס איז אונזער אייגענעס נאָך פון די פרימיטיווע צייטען און דער שכל, דער ענגאָאיסטישער מענשליכער שכל האָט דאָס בשותפות'־

דיגע אויסגעמעקט און בעשאפען א פערזענליכען גליק. דער געפיהל אבער גערענקט נאך דאס אלגעמיינע מענשליכע גליק. דורך דעם איז דער געפיהל פון בשותפות'דיגער מענשליכער ליעבע אזוי שארף און קלאהר ביי אונשולדיגע יונגע מיידלאך, וועלכע זיינען נאך נישט פערססט געווארען מיט פערזענליכען עגאאיסטישען האנדעל, וועלכען ערוואקסענע מענשען רופען „גליק". און רחל'ע און מאטילדע קענען דאס דערפיהלען פיעל טיעפער ווי מיר.

— מעג איך אויך וויסען אייערע געפיהלען צו מאטילדען? אדער דאס איז אפשר ביי אייך א געהיימנים?

— פאר מענשען, מיט וועלכע איך בין געווארען פערבונדען דורך ליעבע, עקזיסטירט ניט פאר מיר קיין געהיימנים, ווארים אלע געפיהלען, מיט וועלכע איך בין רייך, זיינען אויך א טהייל פון זייערע געפיהלען, און מיט דיר (איך בין דערשראקען געווארען פאר'ן פלוצלונגען „דוצען", מיט וועלכען ראזענבערג האט מיך בעעהרט) בין איך פערבונדען געווארען דורך רחל'עס ליעבע. און אזוי ווי איך בין דורך רחל'עס ליעבע געווארען פערבונדען מיט דיר און מיט אלע, וואס ליעבען זי, אזוי בין איך אויך דורך מאטילדע'ס ליעבע געווארען פערבונדען נישט נור בלויז מיט איהר, נור מיט די אלע, וואס ליעבען זי. און וואס גרעסער דער קרייז וועט ווערען, וואס פרייער די וועלט וועט ווערען, אלץ גליקליכער וועט די וועלט ווערען. דאס מענשליכע בשותפות'דיגע וועט זיך דאן אויסשפרייטען איבער אלע מענשען, איבער אלע חיות, איבער אלע פויגלען, איבער אלע גרינסען און געוויקסען. דורך דעם קען מיך ניט מיין פרוי'ס ליעבע, אדער רחל'עס ליעבע אבהאלטען ליעב צו האבען מאטילדען, אדער אן אנדערע, וואס פיהלט דעם גרויסען מענשליכען געפיהל פון ליעבע. ניין, פערקעהרט, דורך דער ליעבע קום איך צו דער ליעבע! רחל'ע, מאטילדע, מיין פרוי און ראזע האבען מיין הארץ נאר רייפער געמאכט צו פיהלען די מענשליכע געפיהלען — און אזוי ווי די גאנצע זון שיינט איבער דער ערד, און אזוי ווי די גאנצע נאכט דעקט צו די גאנצע וועלט, און אויס אלע טהוי טראפענס ווערט איין ראסע, אזוי דארף אויס דעם איינצעלנעם מענשליכען הארץ ווערען איין גרויסע וועלט-הארץ; אויס דער איינצעלנער מענשליכער ליעבע — ווערען איין גרויסע וועלט-ליעבע, וואס איז פערקניפט און פערבונדען מיט אלע מענשליכע הערצער, ווייל מיין גע־

פיהל און מיין ליעבע איז נישט א בעזונדערע זאך פאר זיך, נור עס איז א טראָפּען פון דעם גרויסען מענשליכען געפיהל און א טהייל פון דער גרויסער מענשליכער ליעבע.

— מיט אַנדערע ווערטער: לויט אייער מיינונג בעדאַרף ניט עקזיסטירען אין מענשליכער בעציהונג קיין אייגענטהום, נור אלע געהערען צו אלע. דאָס איז אייער געדאַנק?

ראָזענבערג איז מיט אַמאָל טרויעריג געוואָרען. ער האָט מיר ניט געענטפערט אויף מיינע רייד, נור גערופען דעם קעלנער און בעצאָהלט איהם פאַר דער קאַפע. ער האָט זיך אויפגעהויבען און מיר די האַנד דערלאַנגט. געקוקט מיר אין די אויגען אריין און געזאָגט מיט אַן אָפענהערציגקייט און מיט א טרויעריגקייט:

— טייטשט עס אוים, ווי איהר ווילט. איך ווייס, איהר וועט מיך פערשטעהן, ווען איהר וועט ניט שלעכט קלעהרען וועגען מיר. איך האָב אייך נור געוואָלט זאָגען, אז איך בעדויער נישט, וואָס איך האָב זיך מיט אייך געטראָפען. פערקעהרט, איך בין זעהר גליקליך, וואָס מיר ליעבען איין און דיעזעלבע פערזאָן, און איך וואָלט געוואָלט מיט אייך פריינד ווערען.

דערביי האָט ער מיר די האַנד געגעבען און מיר איבערגעלאָזט אין דער נאַכט אליין.

---

## .12

## „אין דעם באַנד פון ליעבע“.

ראָזענבערג איז עטליכע טעג נאָכאַנאַנד ניט געקומען צו די שטיינמאַנס. די מיידלאך האָבען ניט געוואוסט, וואָס עס איז געשעהן מיט איהם, און זיין פערשווינדען האָט אויף זיי געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק. זיי האָבען זיך געהאַלטען אין סוד'ען איינע מיט דער אַנדערער און א טרויעריגקייט האָט זיי ארומגענומען, ווי זיי וואָלטען פערהוילען געוואָרען אין א נישט געזעהענעם וואָלקען.

דאָס טרויעריגקייט האָט מיך נאָך מעהר געערגערט, און איך האָב אָנגעהויבען צו פערלירען יעדעס געפיהל, וואָס איך האָב געהאַט צו

רחל'ען. איך האָב אויך אויפגעהערט קומען צו די שטיינמאן'ס, און גערעכענט זיך אין גאנצען צו דערווייטערען פון דער משפחה און בע־סעה אין זינען האבען מיינע אייגענע געשעפטען. איך האָב זיך אבער דערמאנט אן דעם אלטען אידען אויף דער מיהל; ווי ער הענגט אָב אין רחל'ען און מיט וואָס פאר אַ צוטרויען ער האָט איבערגע־געבען רחל'ען אין מיינע הענד איידער ער האָט פערלאָזט ווארשוי. — האָב איך געטראַכט פריהער זיך דורכרעדען מיט רחל'ען איידער איך וועל שרייבען צו איהר זיידען, אז ער זאָל קומען נאָך איהר. כאָטש איך מוז זיך מודה זיין, אז רחל'ע האָט דענסטמאָל שוין געהאָט פערלאָרען אין מיינע אויגען יעדען חן; עס האָט זיך מיך געדאַכט, אז איך האָב אין גאנצען אַ טעות אין איהר; און אלעס וואָס איך האָב געטראַכט וועגען איהר, איז געווען אן איינבילדונג פון מיין אייגענער פאַנטאַזיע. און זי האָט מיך שוין נור אינטערעסירט אויף אזוי פיעל אויף וויפיעל איך האָב גענומען אויף זיך אכטונג צו געבען אויף איהר אין דער גרויסער שטאָדט. אבער זי אליין איז מיך שוין ווייניג וואָס אנגעגאנגען.

איך האָב זיך פאָרגעברייט צו האבען מיט איהר אַ געשפּרעך, אין וועלכען איך זאָל איהר ארויסווייזען מיין גאנצע גלייכגילטיגקייט צו איהר.

„דאס פערשפּרעכען צו אייער זיידע, אייך אבצוהיטען אין דער גרויסער שטאָדט, נויטהיגט מיך צו דעם אונאנגענעהמען געשפּרעך מיט אייך; קיינע פערזענליכע מאָטיווען שפּיעלען דאָ נישט מיט". האָב איך זיך אויסגעלערענט ווי פאר אן עקזאמען דעם טרוקענעם שפּרוך, מיט וועלכען איך וועל אָנהויבען דאָס געשפּרעך. אָבער קוים בין איך צו מאָרגענס אין דער פריה, אריינגעקומען צו די שטיינמאנס, און געזעהן ווי די מיידלאך זיצען ביי דער ארבייט; נייהען די בלו־מען און זינגען ליעדער — קוים האָב איך געזעהן רחל'ען ווי זי לאכט הויך, מיט איהר אונשולדיגע שטימע; און איהרע קליינע דעליקאטע הענטלאך נייהען אויף די גרין בלויז רויטע בלעטלאך און שטעלען צו־נויף די בלומען — איז דער גאנצער שפּרוך פערשוואונדען און איך האָב פערגעסען צוליעב וואָס איך בין אהער געקומען און וואָס איך האָב צו רעדען מיט רחל'ען.

— שמעון! זעה, ווער איז דאָ! — האָט זיך רחל'ע אויפגעכאַפּט פון טיש, דערזעהענדיג מיך, און איז, פאר אלעמען אין די אויגען,

ארויפגעפאלען אויף מיר און האָט מיך פּשוט געקושט. איך בין רויט געוואָרען, איך האָב זיך געשעהמט פאר אלע מענשען, וואָס זיינען אין שטוב געוועזן.

— וואו ביזטו פערשוואונדען? איך בין דיך געגאנגען זוכען איך בין געוועזן אויף דיין וואהנונג און איך האב דיך נישט געפונען. וואס איז געשעהן מיט דיר?

איך האָב איהר געקוקט אין די אויגען אריין. אין איהרע גרויסע אויגען איז געלעגען יענע ריינקייט, יענע הייליגע אונבעריהרקייט, וועלכע עס שפּיעגעלט זיך אָב אין דער דערשראָקענקייט פון אונשולדיגע מיידעלשע אויגען. אין איהר שטימע האָט געקלונגען די זעלבע קינ־דערשע פרייהייט, פרייד וואָס איך האָב געקענט נאָך פון די ערשטע טעג, ווען איך האָב זיך מיט איהר בעקענט. אין דער שטימע האָט זיך מיר שטענדיג געדאכט, הער איך דאָס געזאנג פון די פעלדער, און דאָס געוויין פון דעם ווינט, וואָס הערט זיך צווישען די פליעגלען פון די ווינד־מיהלען, פון וועלכע זי איז געקומען צוגעהן.

— דו ווייסט? יענקעלע וועט היינט אבענד קומען צו אונז. ער איז קראנק געוועזן די גאנצע צייט; ער האָט דאָס אונז געלאָזט ווי־סען און דורך דעם איז ער ניט געקומען. זעה די בלומען וואָס מיר האָבען אָנגעגרייט פאר איהם! — ווייזט זי מיר אויף דעם בוקעט ווילדע פעלד־בלומען, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דעם קאָמאָד.

— רחל'ע, איך וויל מיט דיר עפּעס ריידען — האָב איך קוים אויסגעשטאַמעלט.

— וואָס איז געשעהן? — האָט זי דערשראָקען געפרעגט — עפּעס נייעס?

— גאָר ניט איז געשעהן, נאָר איך וויל זיך מיט דיר דורכריידען.

— שמעון, געהען זי עסען! — איך האָב פאר איהנען געגרייט צום טיש — רופט פון טיש אהער ראָזע, וועלכע, דערזעהענדיג מיך, האָט שטילערהייט דערוויל צום טיש געגרייט.

— איך בין נישט הונגעריג, איך דאנק איהנען זעהר.

— וואַרט אַ מינוט, ראָזע. ער האָט מיר עפּעס צו זאָגען — רופט זיך אָב רחל'ע און שלעפּט מיך אין אַ צווייטע שטוב אריין, וואו עס איז געווע; דאָס שלאָף־צימער פון די מיידלאך, און זעצט זיך אַוועק מיט מיר אויפ'ן בעט.

— וואָס איז געשעהן?

— גאָר נישט איז געשעהן, נור... מיר געפהעלט נישט דער יענקעלע ראָזענבערג.

— אַהאַ, אייפערזיכטיג! — מאַכט זי צו מיר און רייצט זיך מיט מיר מיטביידע הענד — עס איז ניט שעהן, שמעון! אויף יענ־קעלען זיי נישט אייפערזיכטיג, יענקעלע איז א מלאך!

— רחל׳ע...

— איך וויים וואָס ער האָט גערעדעט מיט דיר. יענקעלע אליין האָט דאָס מיר אלעס געזאָגט.

— פון וואנען וויסט דו? דו זאָגסט דאָך. ער איז נישט ארויפ־געקומען, ער איז קראנק געווען.

— אָבער איך בין געווען ביי איהם, איך האָב נישט געקענט אויסהאלטען איהם נישט צו זעהן, בין איך געגאנגען צו איהם.

— דו ביזט געגאנגען צו איהם?! שוין לענגסט ווי דו געהסט אריין צו איהם?

— ניין, בלויז צייט ער איז קראנק געווען. ער האָט געשריבען א בריוועל, אז ער וויל מיך זעהן, דאָס ווייב זיינס האָט מיר דאָס ברי־וועלע געבראכט, און זי האָט מיך אהין געפיהרט צו איהם. און דאָרט האָט ער מיר אלעס געזאָגט.

— דאָס ווייב זיינס, זאָגסט דו? ווייסט דאָס ווייב, אז ער קומט דאָ ארויף צו אייך?

— געוויס ווייסט זי. און זי האָט מיך אליין געבעטען, אז איך זאל אהין קומען צו זיי. זי האָט מיך זעהר ליעב, זי האָט מיך געבעטען, אז איך זאָל וואָהנען ביי זיי...

— ווייסט דאָס ווייב, אז ער, יענקעלע ראָזענבערג, האָט דיך ליעב, און האָט אויך ליעב מאטילדען? — האָב איך מיט שרעק אויס־גערופען.

— שמעון, רעדט ניט אזוי! יענקעלע מעג ליעב האָבען, ווייל ער האָט גאנץ אנדערש, גאנץ אנדערש ליעב ווי איהר אלע, ווייל ער איז שעהנער, ריינער פאר אייך אלעמען.

— אָבער, רחל׳ע?!

— געוויס וועט איהר עס ניט פערשטעהן, איהר האָט נור אין זינען זינליכע זאכען. יענקעלע אָבער קען ליעב האָבען מיך, מאטיל־

דען, זיין ווייב און ווענען ער וויל, און מיר וועלען ניט אייפערזיכטיג זיין איינע אויף די אנדערע. פערקעהרט, מיר קריעגען זיך נאך ליעבער איינע די אנדערע, ווייל מיר פערבינדען זיך מיט אן אנדער. יענקעלע וועט אויך פאהרען מיט אונז אין פאלעסטינא, אדער ווייט אוועק אין אמעריקא, און דארטען וועלען מיר מאכען א קאלאניע מיט'ן נאמען „דער באנד פון ליעבע"; דארטען וועט איין מענש דעם צווייטען ליעב האבען, ווייל מיר אלע וועלען זיין פערבונדען אין דעם „באנד פון ליעבע". פאהר מיט מיט אונז, שמעון, מיר אלע וועלען דארט זיין; ראזע, מאטילדע און נאך שעהנע מענשען. וואו עס וועט נור זיין א שעהנער מענש, וועלכער פיהלט מיט דעם צווייטען און וויל זיך פער־בינדען מיט מענשען, וועלען מיר איהם אויפנעהמען אין דעם „באנד פון ליעבע". דו וועסט זעהן וואס פאר א שעהנע וועלט עס וועט זיין! איין מענש וועט זיין צום צווייטען ווי א פאטער, ווי א ברודער. אלע קינדער וועלען צו אלעמען געהערען. די גאנצע קאלאניע וועט זיין איין משפחה, און פון דארט וועט זיך די ליעבע פערשפרייטען איבער דער וועלט. די גאנצע וועלט וועט ווערען פערבונדען דור־ דעם „באנד פו־ דער ליעבע". און דענסטמאל וועט איין מענש אויפהערען דעם צוויי־טען פיינט צו האבען, ווייל ער וועט זיין איין משפחה מיט דער גאנצער וועלט; איינער וועט ביים צווייטען דעם ביסען פון מויל ניט ארויס־כאפען. פערקעהרט, ער וועט איהם אבגעבען זיין אייגענעם ביסען, פונקט אזוי ווי א פאטער גיט אב דעם ביסען זיין קינד; פונקט ווי קינדער האלטען אוים זייערע עלטערען. אלע וועלען זיין משפחה'דיג פערבונדען דורך דער ליעבע. עס וועט אויפהערען די גאנצע פיין פון דער וועלט; דאס אונגליק פון ארים און רייך; פון גערדריקטע און אונטערדריקקער. יא, שמעון, פאהר אויך מיט אונז. דו ביזט דאך תמיד געוועזען מיין פריינד, דו האסט דאך מיך ליעב געהאט. שמעון, איך האב דיך ניט געזעהן. יעצט זעה איך דיך. איך בין שלעכט געוועזען צו דיר די גאנצע צייט. און איך האב דיך דאך ליעב געהאט און איך האב עס דיר נישט געזאגט. מענשען בעהאלטען אין זיך די טהייערסטע געפיהלען און ווייזען ארויס נור די שלעכטע, פונקט אזוי ווי זיי וואלטען זיך געשעהמט מיט די גוטע געפיהלען. איך האב זיך געשעהמט דיר מיין ליעבע ארויסצואווייזען. און יענקעלע האט מיך געלערענט מיט ליעבע זיך ניט צו שעהמען. און איך זאג עס דיר אפען ארויס: שמעון,

איך האָב דיר לענגסט ליעב געהאט, און איך ווייס, אז דו האָסט מיך אויך ליעב געהאט. מיר האבען עס בעהאלטען איינער פאר'ן אנדערען, יעצט זאָג איך עס דיר ארויס...

און זי האָט מיך פּלוצלונג ארומגענומען און געקושט מיך אויפ'ן מויל.

איך האָב זיך דערשראָקען און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען און וואָס צו טהאָן.

— מאטילדע, קום אריין! — האָט זי פּלוצים אריינגערופען מאַ־טילדען, — ראָזע, דו אויך!

— רחל'ע, וואָס טהוסט דו?

— דאָס זיינען די נאָהענטסטע צוויי מענשען, וואָס איך האָב אויף דער וועלט. זיי זיינען מיין משפּחה — האָט רחל'ע געוויזען אויף די צוויי שוועסטער — יענקעלע האָט אונז פאר איין משפּחה געמאַכט מיט זיין ליעבע צו זיי און צו מיר. — דאָס זיינען מיינע שוועסטער, און דאָס — ווייזט זי אויף מיר — איז מיין ברודער; מיין חתן־ברודער, וועלכען איך האָב פערשעהמט, פון דערוועגען געהאלטען, בעהאַל־טען פון איהם מיינע געפיהלען. איך האָב זיי איהם יעצט ענטפּלעקט. דו ביזט מיט זיי משפּחה, שמעון, זיי זיינען דיינע שוועסטער, פּונקט אזוי ווי מיינע, — שעהם זיך ניט פאר זיי! צוקוש זיך מיט זיי פּונקט אזוי ווי דו האָסט זיך געקושט מיט מיר. מיר אַלע זיינען פערבונדען איצט. שמעון, צוקוש זיך מיט איהר — האָט זי געוואָרפען מאַטילדען אין מיינע אָרעמס. און דערנאָך איז צוגעגאנגען די עלטערע, ראָזע, און מיט א פערשעהמטע אידישע מינע איז זי זיך געגאנגען צוקושען מיט מיר. נור זי האָט עס ניט געקענט. זי איז דערשראָקען געוואָרען און האָט געלאָזט פאַלען דעם קוש אין דער לופטען...

---

13

## דער חתן יוסף.

די מוטער וועלכע איז געווען אז אויפזעהרין אין א קינדער־היים, האָט דעם טאָג געהאַט פריי. אז זי איז אהיים געקומען און געזעהען די פּארבערייטונגען וואָס מען מאַכט צו עמפּפאַנגען ראָזענבערג'ען,

האט זי נישט געפרעגט ווען און וואס און גענומען העלפען די טעכטער. די מוטער האט איבערהויפט זעהר גערן געזעהן ראזענבערג'ען ארויפקו־מען צו איהרע טעכטער. ערשטענס, איז ראזענבערג דעם גרויסער טאבאק־פאבריקאנט'ס זוהן — איז ער שוין געווען ביי איהר אן אנ געלעגטער גאסט. און אפשר האט זי אויך, ווי יעדע מוטער, וועלכע זארגט פאר איהרע טעכטער, געהאט א געהיימע האפנונג, אז ראזענבערג וועט זיך גט'ן מיט דער ווייב און חתונה האבען מיט איהרע א טאכטער. די פאנטאזיע האט זיך איהר צושפיעלט דעריבער, און זי האט שוין אנגעהויבען צו בעטראכטען ראזענבערג'ען אלס א חתן. און ווי איהר געוואהנהייט איז געווען פון אמאליגע יאהרען, האט זי נאך יעצט, ביי אויסערגעוועהנליכע יום־טוב'דיגע מאמענטען, פערגעסען איהר לאגע, און געפיהרט איהר בעל־הבית'ישקייט מיט א ברייטער האנד, אויף אן אריסטאקראטישען שטייגער. אזוי איז אויך געווען דאס מאל. איהר שטימע איז מיט אמאל געווארען א יום־טוב'דיגע, זי האט שוין פון בע־צייטענס אן אנגעהויבען צו רעדען דאס אידישע מיט א דייטשען אק־צענט, און אריינגעווארפען פיעל פוילישע ווערטער. זי האט זיך דער־מאנט אן די גוטע יאהרען, וואס מען פלעגט טהאן ביים עמפפאנגען א וויכטיגען גאסט, און זי האט זיך דא אויך אוועקגעשטעלט קיכלאך און פוטער־געבעקס באקען, ווי אויף א יום־טוב. זי האט מיט איהר ענער־גיע און אימפעט די מיידלאך נאך אריינגעבראכט אין א גרעסערע בעגייסטערטע שטימונג. אין שטוב איז געווארען יום טוב.

דער פאטער אבער, דער קראנקער איד, האט דאס ניט געקענט צוזעהן. שוין ראזענבערג'ס ערשיינונג אליין אין זיין הויז איז איהם געווען צו־ווידער, און די פארבערייטונגען און נאך מעהר וואס זיין פרוי בעטהייליגט זיך אזוי אין זיי פאר א יונגען מאן, וואס קומט אריין צו זיינע טעכטער, און עס איז ניט קלאהר זיינע בעציהונגען צו זיי — דאס האט איהם אויפגערעגט. צו פראטעסטירען הויך האט ער מורא געהאט. ער איז געווען א ברויט־עסער ביי זיינע טעכטער, און פאר דער ווייב האט ער געציטערט צייט ער איז קראנק געווארען און זי האט געדארפט געהן פערדיענען. ער האט געשאלטען אין דער שטיל, פאר זיך אליין און געברומט אין בארד אריין:

— זעה נור, זעה נור וואס דא טהוט זיך, וואס פאר א יום טוב זיי מאכען, ווער בעדארף דאס קומען, גראף פאטאצקי?

די ווייב האט דאך פערגומען זיין מורמלען און זי האט איהם אבגעענטפערט:

— ער וועט זיך נאך דא אנרופען. מען פרעגט דיך קיין עצה ניט. און אז עס געפעהלט דיר ניט, קענסטו דיר געהן אין מושב זקנים.

דער קראנקער איך האט זיך פערשעהמט פאר מיר. ער איז רויט געווארען פאר כעס, אויפגערעגט און געשלונגען די ווערטער, און צו מיר געוואונקען אין דער שטיל:

— ער איז דאך א בעווייבטער, דער ראזענבערג, זעהט, זעהט, וואס פאר א יום־טוב מען מאכט פאר איהם.

און איך און דער קראנקער איך האָבעןביידע צוגעזעהן מיט וואס פאר א פאראד מען געהט דאס עמפפאנגען ראזענבערג׳ען. און מיר האבען ביידע געשוויגען....

נאר דערווייל איז אין שטוב ביי די שטיינמאנס צוגעקומען גאר א נייער בעל־הבית. דאס איז געווען דער יונג דער קאמאשען־מאכער, בערטהא׳ס לעצטער חתן. יוסף האָט מען איהם גערופען. דער יוסף, צייט ער איז אַ חתן געוואָרען פאר דער מיטעלסטער שוועסטער, בערטהא, האט זיך געהאלטען פאר א גאנצען בעל־הבית אין שטוב ביי זיין כלה. דער יונג איז געקומען פון א קליין שטעדטעל, וואו ער האט קליינער־הייט געהאט פערלאזט זיינע עלטערען און האט זיי קיין בריעף ניט געשריעבען. געלעבט האט ער זיין גאנצע יוגענד אהן משפחה, און זיך אליין ערצויגען. נור צייט ער איז א חתן געווארען, זעהט זיך אויס, האט ער זיך זיין כלה׳ס פאמיליע געוואלט מאכען פאר זיין אייגענע. ער האט געבענקט נאך א היים, נאך א משפחה, און אנגעהויבען זיך פעראינטערעסירען מיט אלצדינג וואס קומט פאר ביי זיין כלה׳ס משפחה. אויסגעפרעגט בערטהא׳ן, זיין כלה, אויף אלע, אויף די שוועס־טער און אינטערעסירט זיך מיט זיי. ער האט שוין אפילו געהאט ארויפגעבראכט זיינס א קאלעגע, אן עלטערען יונג, אויך א קאמאשען־מאכער, וועלכען ער האט געוואלט שדכנ׳ען די עלטסטע, ראזען. נור ראזע האט דעם יונג אזוי צוגענומען, אז ער איז אנטלאפען און וויל נישט מעהר ארויפקומען. דאס האט יוסף׳ן פערדראסען. נאר ווען ער האט בעגעגענט אויבען, ביי זיין כלה׳ס שוועסטער׳ן דעם ראזענבערג, האט ער גאר ניט פערשטאנען וואס דא טהוט זיך.

די מיידלאך האט ער אין גארנישט געקענט חושד זיין. ער איז ארויפגעקומען און געזעהן זייער אנשטענדיגע פיהרען. איז איהם א רחמנות געווען אויף זיי. „פערלאזטע קינדער" האט איהם זיין פראס־טער אינסטינקט געזאגט, „האבען נישט קיין פאטער און קיין מוטער, און יעדער שארלאטען וויל זיי אויסנוצען, דארף מען זיך פאר זיי אנ־נעהמען".

נור בעפאר ער איז א חתן געווארען מיט בערטהאן, האט ער זיך אין גאר נישט אריינגעמישט און גאר ניט געפרעגט. „א הונד פאר'ן יאהר בילט נישט". נאר קוים האט ער תנאים געשריבען מיט בערטהא'ן און איהר געשאנקען א גאלדענע קייט, האט ער זיך געהאלטען פאר א היימישען אין שטוב, און אנגעהויבען זיך אינטערעסירען מיט אלצדינג וואס דא קומט פאר.

— ווער איז דער ראזענבערג וואס קומט ארויף צו אייך? — האט ער געפרעגט דער כלה.

— א יונגערמאן, — האט איהם די כלה אבגעענטפערט.

— א יונגערמאן זעה איך — האט ער געענטפערט, — אבער צו וועמען קומט ער ארויף, צו ראזען אדער צו מאטילדען, אדער גאר צו די פרעמדע? ווארים איך זעה, אז ער איז א מחותן מיט אלע דריי.

— ער קומט ארויף צו אונז אלע, ער קומט ארויף אין שטוב אריין.

— ווי הייסט אין שטוב אריין! א חתן וויל ער ווערען? אז מען קומט ארויף אין א שטוב אריין וואו עס זיינען דא מיידלאך, וויל מען עפעס.

— ער האט דאך שוין א ווייב מיט קינדער.

— אזוי גאר, ער האט שוין א ווייב מיט קינדער און קומט ארויף אין א שטוב אריין וואו עס זיינען דא מיידלאך. ווייס איך שוין צו וואס ער קומט ארויף.

— צו וואס קומט ער ארויף? — פרעגט די כלה פעראינטערעסירט.

— ער קומט ארויף, ער קומט ארויף — מען דארף איהם פון אלע טרעפען אראפווארפען — האט געזאגט יוסף און אונטערגענומען זיך דאס אויסצופיהרען.

דעם זעלבען פארנאכט איז ארויפגעקומען דער חתן יוסף מיט זיין כלה בערטהא, וועלכע ער האט געבראכט צופיהרען פון דער ארבייט. זי האט געארבייט אין א פאבריק פון וועש. אז ער האט געזעהן ווי

די מחותנת׳טע שטעהט פערטהאן ביי דער קיך און באקט היימישע קיכלאך. און מאטילדע און רחל׳ע האבען זיך אויסגעפוצט, ווי כלות אין בלומען, און די עלטסטע ראזע געהט ארום מיט א פאר פערגלאצטע אויגען און איהר אויסגעאיידעלט פנים שיינט מיט גליק. געהט דער יונג אין דער שטיל צו צום מחותן, וועלכער איז האלב געלעגען, האלב געזעסען אונבעוועגליך אויף דער זאפע, און דערלאנגט דעם מחותן א פעקעלע ציגארען:

— נא, מחותן, רויכערט, זיי זיינען גוטע, א קאפיקע א שטיק.

דער איד האט זיך דערפרעהט מיט די ציגארען ווי מיט א גרויס גליק. ער האט ליעב געהאט צו רויכערען ציגארען. צייט ער איז קראנק געווארען האט ער זיך געמוזט אבזאגען פון דעם פערגעניגען. דאך פלעגט ער פון צייט צו צייט „א נאש" טהאן. א שכן׳ס א אינגעל, וועלכער האט אויפ׳ן קראנקען רחמנות געהאט, פלעגט איהם ברייננגען פון צייט צו צייט שטיקלאך רעשטלעך ציגארען וואס ער פלעגט אויפהויבען אין גאס, און דער איד האט זיך דערמיט מחיה געוועזן. אבער זינט ער איז קראנק געווארען האט ער נאך נישט געהאט אין דער האנד א גאנצע ציגאר פאר זיך אליין. ער האט זיך דערפרעהט מיט דעם פעקעל ווי מיט א גרויסע מציאה, און ער האט געזאגט מיט פערגעניגען:

— א דאנק. בעהאלטען עס אויף יום־טוב.

— ניין, מחותן, פעררויכערט איצט א ציגאר, — נעהמט דער חתן ארויס א ציגאר פון פעקעל און דערלאנגט דעם מחותן אין מויל אריין.

דער קראנקער איד האט מורא געהאט פאר דער ווייב, האט ער געוואונקען צום חתן אויף דער ווייב:

— זי...

— האט נישט קיין מורא פאר איהר, רויכערט מחותן, דערלאנגט ער איהם אן אנגעצונדענע שוועבעלע.

אז דער איד האט זיך שטארק פערצויגען, פרעגט איהם דער חתן:

— פאר וועמען מאכען זיי אזא פאראד, וואס, א חתן קומט צו די עלטסטע?

— ניין. דאס קומט דאך דער ראזענבערג. ער איז קראנק געווען, איז ער געזונד געווארען — האט מען פאר איהם בלומען געקויפט. ער קומט היינט.

— אזוי, דער ראָזענבערג קומט היינט.

דער קראנקער איד האט געקוקט אויף דעם חתן ווי אויף א משיח. צייט דער חתן יוסף האט אנגעהויבן ארײנצוקומען אין זיין הויז אריין, זעהט מען איהם, דעם פאטער, הערט מען איהם, דער חתן רעדט מיט איהם. און איבערהויפט האט ער געהאפט, אז דער חתן וועט זיין גאנצע פאמיליע ארויסהויבן. פאר וואס ער האט דאס אזוי געהאפט אויפ׳ן חתן יוסף האט ער אליין ניט געוואוסט. נור עס איז איהם געפעלען וואס דער חתן יוסף איז א בעל־הבית און אינטערעסירט זיך מיט זיין פאמיליע.

— ווער רויכערט דאס, אוי, אוי, עס שטיקט מיך אין האלז פון דער זעלנערישער מאכארקע, — האט זיך די מחותנת׳טע אומגעקוקט האלטענדיג זיך אין איבערטהאן פאר דעם עמפפאנג.

— ווער רויכערט, קיינער רויכערט ניט, — האט דער איד פלינק בעהאלטען דעם ציגאר, ווי א אינגעל פון דער מוטער.

— רויכערט, מחותן, רויכערט, עס קאסט א קאפיקע א שטיק, האט ניט קיין מורא פאר איהר, — האט דער חתן יוסף איהם מוטה צוגעגעבען.

די מחותנת׳טע האט ניט זעהר ליעב געהאט דעם חתן יוסף, ער איז פאר איהר געווען צופיעל גראב און פון ניעדריגען שטאנד, און אז זי האט זיך געקריעגט מיט דער טאכטער, בערטהא, האט זי איהר פארגעווארפען דעם „שוסטער־יונג” וואס זי האט אין שטוב ארײנגעבראכט. דער חתן יוסף האט געוואוסט דערפון, עס איז איהם ווייניג וואס אנגעגאנגען וואס די מחותנת׳טע האט איהם ניט איבריגס גערן, און ער האט געטראכט, אז ער וועט זיך שוין מיט איהר אפרעכענען נאך דער חתונה. דערפאר האט דער חתן יוסף זעהר ליעב געהאט דעם מחותן דעם קראנקען אידען. און די מחותנת׳טע, דערפאר וואס דער חתן און דער מחותן האבען זיך אזוי גערן, האט איהר מאן נאך מעהר פיינד געקראגען, און זי פלעגט איהם זידלען אינאיינעם מיט׳ן חתן, דעם שוסטער־יונג.

— ז — — זי — ווייזט דער מחותן אויף דער ווייב.

— האט ניט קיין מורא, מיט׳ן שטעקען גיט איהר. איהר האלט דאך א שטעקען אין האנד.

דער קראנקער איד האט מיט פערגעניגען געשמייכעלט.

נאר באלד האט זיך די טהיר געעפענט און יענקעלע איז אריינגעקו־מען, אין דער פאלערינע, מיט'ן ווייכען הוט, אונטער'ן ארעם האט ער געהאלטען א בוך, און אומגעקוקט זיך מיט זיין בלייך פנים. די אידענע אליין איז איהם אנקעגען געלאפען און גערופען איהם: פראשע פאנא, און האט איהם געהאלפען די פאלערינע אראבנעהמען. די טעכטער זיינען ארום געשטאנען פערגאפט, מיט אויפגעריסענע אויגען און שלא־געגדע הערצער. נאר איינע, בערטהא, האט זיך ניט געמאכט דערפון וואס ראזענבערג איז אריינגעקומען. זי איז געשטאנען ביי דער קיך און געהאלטען אין אנרייסען ציבעלעס אויף לעבער פאר איהר חתן, וואס ער האט זעהר ליעב געהאט. דער אנרייסען פון די ציבעלעס האט גע־מאכט א טומעל און א רויך האט געזעצט פון דער לעבער ווי אויס א קוימען. די מאמע איז אריינגעלאפען אין קיך און געמאכט גוואלדען:

— גיב נור א קוק וואס פאר א גערודער זי מאכט אן מיט איהרע ציבעלעס פאר איהר חתן. עס איז דאך ניט שעהן. זעה ווער עס איז דא, ראזענבערג איז דאך דא.

— וואס געהט מיך ראזענבערג אן? יוסף וויל לעבער מיט צי־בעלעס.

— אלעס, מיינסטו, וואס דיין שוסטער־יונג וויל, מוזטו איהם גע־בען, און באלד אויפ'ן ארט. האלט זיך איין.

דער „שוסטער־יונג" יוסף האט דאס געהערט. ער איז געזעסען מיט'ן מחותן אין א ווינקעל און האט זיך געטראכט: יעצט איז די ריכטיגע צייט זיך אבצורעכענען מיט זיי.

האט ער געזאגט צום מחותן:

— שווייגט, שווייגט, מחותן, איהר וועט באלד זעהן, וואס פאר א שווארצע יאהר זיי וועלען זיך אויסריכטען.

— איך וויים פון גארניט, איך האב גאר ניט געהערט, — ווישט זיך דער איד די וואנצעס אב.

ווי ראזענבערג האט שוין געהאלטען אין מיטען בעסטען לעזען פון עפעס א בוך ארויס, ארום וועלכען די מיידלאך זיינען געווען ארומ־גערופירט, און די מאמע איז אויך געשטאנען מיט פער'חלש'טע אויגען און מיט א גלאנצענדיג פנים און געקוואלען פון די „אינטעליגענט־סטווא" איז צוגעגאנגען גאנץ פלוצים דער חתן יוסף און געגעבען א

לעג ארויף זיין שווערע האנד אויף ראזענבערג'ס אקסעל, און גיט איהם א פרעג:

— הערט נור, יונגערמאן, וואס טהוט איהר דא? צו וואס קומט איהר דא ארויף?

די ערשטע מינוט האבען די מיידלאך ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט זיי.

— אוי, מאמע! — האט די עלטסטע אויסגעשריען, און מאטילדע און רחל'ע האבען פאר שרעק אנגעהויבען צו וויינען, און די אידענע האט אנגעהויבען צו שרייען:

— וואס טהוט איהר? עס איז דאך ראזענבערג. זייט מוחל פאני ראזענבערג, דאס איז א יונגערמאן —

— זייט שוין נאר ניט מוחל, פאני ראזענבערג — האט דער יונגער־מאן אנגעהויבען צו טרייסלען ראזענבערג'ען — זאגט נור, איהר, צו וואס קומט איהר דא ארויף? וואס, איהר ווילט חתונה האבען מיט מיינס א שוועגערין? זאגט, איך האב א רעכט אייך צו פרעגען. איך בין א חתן פון דאנען. דאס זיינען מיינע שוועגערינס.

ראזענבערג איז בלייך געווארען ווי קרייד. ער האט נאר ניט גע־ענטפערט, נור איינגעקארטשעט זיך הינטער דעם חתן יוסף'ס האנד און געציטערט.

— וואס טהוט זיך מיט אייך, עס איז דאך ראזענבערג. פאני ראָ־זענבערג האט דאך א פרוי מיט קינדער. ער קומט ארויף דא אלס א גוטער פריינד, — האט די מחותנת'טע אוועקגעריסען דעם חתן יוסף.

דער חתן יוסף האט זי אבער אבגעשטופט מיט א האנד און ווייטער געזאגט אזוי:

— אויב אזוי, אז ער האט שוין א ווייב מיט קינדער, וואס טהוט ער ווייטער דא? וואס קומט ער ארויף צו יונגע מיידלאך, וועלכע דארפען כלות ווערען? איהר ווייסט דען ניט, אז א יונגערמאן, נאך דערצו א בעווייבטער קומט ארויף צו יונגע מיידלאך, שאדעט דאס צו א שידוך, מענשען בערעדען? מיין כלה בערעדט מען אויך! — האט ער אנגענומען דעם ראזענבערג ווי א שפענדעל און ארויסגעטראגען איהם הינטער דער טהיר — א יונגערמאן, וואס האט א ווייב מיט קינדער, קריכט ניט צו יונגע מיידלאך, און אז ניט טהוט מען אזוי, אט אזוי, — האט ער איהם נאכגעווארפען דאס בוך מיט'ן ווייכען הוט, מיט

די פּאָלערינע — דאַ זאָלט איהר זיין, קיינער זאָל ניט וואַגען אַרויסצו־געהן, איהר הערט! — האָט דער חתן געגעבען אַ טופּע מיט'ן פוס צו די קלאַגענדע מוידען — און איהר מחותנת'טע, זעצט אייך אַוועק ביים טיש, אַט אַזוי, — האָט ער זי דעליקאַט אַנגענומען, אויף וויפיעל ער האָט נור געקענט, און זי צוגעפיהרט צום טיש און אַוועקגעזעצט זי, און די מחותנת'טע האָט איהם אַנגעקוקט אַ בלייכע און אַ דערשראָקענע — אַט אַזוי. נו, יעצט, מחותן, איהר וואַרט, איך פיהר אייך גלייך צו צום טיש — איז ער צוגעגאַנגען צום מחותן און איהם גענומען אונטער די אָרעמס און צוגעפיהרט צום טיש.

דער איד איז געגאַנגען מיט שטייפע קניע ווי אַ פּריי־סישער סאָל־דאַט און האָט געמורמעלט צו זיך אין באָרד אַריין:

— איך האָב גאָר ניט געזעהן, איך האָב גאָר נישט געהערט.

— האָט ניט קיין מורא „שווער", — האָט דער חתן יוסף איהם שוין אַנגעהויבען צו רופען פּלוצים „שוועה", — די מחותנת'טע וועט זיך ניט בייזערען. און אַז זי וועט זיך בייזערען וועט זי זיך אויף מיר בייזערען. אויף מיר.

— העי, בערטהאַ, דערלאַנג אַריין די לעבער מיט די ציבעלעס, טאַ־טע־מאַמע זיצען שוין ביים טיש.

און דער קראַנקער איד, וואָס איז צום ערשטען מאָל, זייט ער קען זיך ניט בעוועגען מיט די פיס, געזעסען ביים טיש, האָט נאָך געהאָל־טען איין ברומען צו זיך אין באָרד אַריין:

— איך האָב גאָר ניט געהערט, איך האָב גאָר ניט געזעהן.

---

## 14

## דער פּרינץ פון ליעבע.

— וואָס פאַר אַ מענשען זייט איהר? איך וויל ביי אייך מעהר ניט זיין — האָט רחל'ע אויסגעשריען און געכאַפּט דאָס היטעל אויפ'ן קאָפּ און איז אַרויס נאָך ראָזענבערג'ען.

נאָר ראָזענבערג האָט זי אָפּגעשטעלט.

— שטעה רחל'ע, געה ניט מיט מיר. וואו אַהין וועסטו געהן?

געה צוריק. איך בין איהם מוחל, ער האט דאך נישט אזוי שלעכט געמיינט.

— יענקעלע, איך וויל מיט דיר מיטגעהן. עס איז מיר אומעטיג אליין.

איך בין ארויס פון קארידאר נאך רחל׳ען, און אבגעשטעלט זיך:

— רחל׳ע!

זי האט זיך אומגעקוקט.

— וואס ווילסטו פון מיר האבען? וואס געהסטו מיר נאך ווי א שאטען? — האט רחל׳ע געזאגט.

— רחל׳ע, דו האנדעלסט אזוי ווי ער, דערינען, פאר וואס רעדסט דו אזוי צו שמעון׳ען — איך ווייס דאך, אז דו האסט איהם געגרן — האט זיך ראזענבערג אנגערופען — קומט מיט מיט אונז, שמעון.

מיר זיינען אין דרייען אראב פון די טרעפען. אויף ראזענבערג׳ן איז גאר ניט געווען צו דערקענען קיין שפור פון בעליידיגונג, ער האט פון עפעס אנדערש אנגעהויבען צו רעדען. נאר רחל׳ע האט איהם פלוצלינג אפגעשטעלט:

— יענקעלע, איהר וועט שוין ניט קומען מעהר צו געהן.

— א, געוויס וועל איך קומען, רחל׳ע. איך וואלט באלד אריינגעגאנגען און אנגעהויבען מיט איהם צו רעדען, נור יעצט וועט ער מיך ניט פערשטעהן. יעצט איז ער פערשיכור׳ט פון דער אמביציע, אז ער האט מוטה געהאט מיך ארויסצוּוואַרפען. ער וועט זיך בערוהיגען מארגען, איבערמארגען — וועסט זעהן רחל׳ע, ער וועט זיך אליין שעהמען.

— אבער פארוואס, יענקעלע, פארוואס זיינען מענשען אזוי שלעכט?

— מענשען זיינען גאר ניט שלעכט. ער מיינט עס גוט, יעדער וואס טהוט עפעס, מעג ער אפילו טהאן דאס ערגסטע און גמיינסטע, פריוווט ער זיך בשעת מעשה ווען ער טהוט דאס צו ערקלעהרען כאטש פאר זיך, אז ער טהוט א גערעכטע זאך.

יוסף גלויבט, אז איך וועל פערפיהרען זיינע שוועגערינס. אויס ליעבע צו זיי, האט ער מיך פון שטוב געיאגט. יוסף איז א גוטער מענש, און אן אנשטענדיגער מענש. איך האב איהם ניט וואס מוחל צו זיין, אדרבא, ער האט מיר מוחל צו זיין. און די ערשטע זאך מיינע מארגען

וועט זיין, יוסף'ן איבערצובעטען און איהם פון טעות ארויסצונעהמען.

רחל'ע האט געשוויגען.

— רחל'ע, געה אהיים. מאטילדע און ראזע וועלען טרויעריג זיין אהן דיר, זיי וועלען מיינען, אז דו פערלאזט זיי, און גרים זיי פון מיר. איך וועל מארגען זיין ביי זיי.

— א גוטע נאכט, יענקעלע.

— א גוטע נאכט, רחל'ע. און ער האט זיך צוקושט מיט איהר אין מיין גענענווארט.

— און זיי גוט צו שמעון'ען, רחל'ע. ער ליעבט דיר. און דו ליעבסט דאך איהם אויך. פאר וואס שעהמסט דו דיך מיט דעם געפיהל? ליעבע בעדארף מען פערדרעהען, ענטוויקלען, און ווי דו זעהסט נאר א שפראצען פון ליעבע, דערשטיק עס ניט אין דיר, נור פארקעהרט, ערוועק עס, ענטוויקעל עס, ווארים וואס מעהר ליעבע עס וועט זיין אויף דער וועלט, וואס פרייער, וואס שעהנער, וואס בעסער און איידעלער די וועלט וועט זיין — אלץ בעסער וועט זיין פאר אייך, צוקושט אייך. שמעון קושט זיך מיט איהר.

רחל'ע האט מיך ארומגענומען און צום ערשטען מאל מיך אינסטינקטיעף און הארציג געליעבט.

— א גוטע נאכט — און ראזענבערג איז פערשוואונדען.

מיר זיינען ביידע געגאנגען און האבען זיך אנגעהאלטען ביי די הענד. לאנג האבען מיר געשוויגען. און איך מוז מודה זיין, אז עפּעס וואס האט ראזענבערג איבערגעענדערט אין מיר מיט זיינע רייד און פיהרונג. עס האט מיר שוין ניט אזוי ווילד אויסגעקוקט זיינע אידעען, און איך בין מעהר ניט געווען אזוי אייפערזיכטיג אויף איהם, און איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן רחל'ען בעסער. און עפּעס וואס האט אויפגעבלישטשעט אין מיר וואס האט מיר פערשטענדליך געמאכט ראזענבערג'ס ווערטער. ווירקליך דורך איהם בין איך נאהענט געווארען צו רחל'ען. איך האב דערפיהלט, אז דורך איהם איז מיר רחל'ע אויפגעקומען אין א גאנץ נייע ליכט, און איך האב זי גאנץ אנדערש געזעהן.

און עס זעהט אויס, אז רחל'ע האט אויך געדענקט דאס זעלבע וואס איך אין דער מינוט. איך האב אויך גלייך פערשטאנען איהר פראגע, ווען זי האט זיך פּלוצלינג אנגערופען:

— שמעון, פערשטעהסטו, אז אונזער ליעבע איז פערבונדען מיט

ראזענבערג'ען? יענקעל איז דער קנופּ וואס בינדט אונז צוזאמען, און זאל יענקעל אוועק פון אונז — דאן ווערט אונזער קנופּ דורכגעריסען. דאן פערשטעהען מיר זיך ניט, דאן איז גאר ניט צווישען אונז, ווייסטו עס, שמעון?

איך האב עס גוט פערשטאנען, נור דאס פערשטעהן האט מיר וועה געטהאן. די גאנצע אייגענליעבע, מיין פערזענליכקייט, מיין לייב, מיין בלוט און פלייש האבען געשריען, האבען פראטעסטירט.

— און וואס בין איך דיר, איך דיר אליין, אהן יענקעלען? ווער בין איך? ווי אזוי עקזיסטיר איך פאר דיר, מיין וועזען אליין?

— איך ווייס נישט, שמעון. איך האב קיין מאל ניט געקלעהרט דערפון און קיין מאל דיר ניט געזעהן. צוערשט ביזטו צו מיר א פריינד געווען. א פריינד ווי איין מענש צום צווייטען, ווי טויזענדער אזעלכע פריינד. יענקעל האט מיך נאהנט געמאכט צו דיר, ער האט בעליבטען דיך. און איך קען דיך ניט זעהן אליין אהן יענקלען.

— בין איך דען נאר פאר דיר אן אויסגעלאשענער שטערן, וואס ווערט בעלויכטען פון א פערבייגעהענדען אנדערען שטערען?

— איך ווייס עס ניט. נאר איך מוז דיר זאגען וואס איך פיהל. איך קען ניט אנדערש. און איך זאג עס דיר דערפאר, ווייל אהן יענקלען איז מיר ניט אינטערעסאנט מיט דיר צו זיין, מיט דיר צו רעדען. מיט איין ווארט, אהן יענקלען האב איך דיר ניט ליעב. און אפשר ליגט עס ניט אין דיר, אפשר איז עס אין מיר אליין — און איך וויל, אז מיר זאלען זיך פערשטעהן.

שמעון, איך ליעב יענקלען. איך קען אהן איהם ניט זיין. און אלעס וואס ער וועט הייסען וועל איך טהאן, ווייל ער איז שעהן, און עס קען ניט זיין שלעכטס אין זיין מיין...

מיר זיינען פערשטומט געווארען איבער'ן גאנצען וועג.

---

נאר ראזענבערג איז ניט געקומען ניט צומארגענס, ווי ער האט געזאגט, ניט אויפ'ן אנדערען טאג — ער איז פערשוואונדען געווארען.

צוערשט האט עס רחל'ע גענומען מיט ערשטוינונג און אונרוהיג־קייט. געמיינט, אז עס איז עפּעס געשעהן מיט איהם, אז ער איז ווייע־

דער קראנק געווארען. זי האט מיך געשיקט אין געהיים געוואהר ווערען, וואס איז מיט איהם. איך האב איהם ניט געקענט געפינען, נאר איך האב איהם געטראפען אמאל אין גאס, בין איך צוגעגאנגען צו איהם, פרעהליך, ווי געוועהנליך, און געוואלט איהם די האנד דערלאנגען.

ווי ערשטוינט בין איך אָבער געוואָרען, אז ראָזענבערג האָט מיך קוים דערקענט. ער האט קיין צייט ניט געהאט מיט מיר צו רעדען. ער האט בלויז געזאגט אין איילעניש:

—, א דאס זענט איהר, דאכט זיך שמעון, א פריינד פון דאס מיידעל, יא, יא, איך דערקען אייך — און האט מיך איבערגעלאזט און איז ווייטער געגאנגען.

איך האב קיין מוטה ניט געהאט עס איבערצוגעבען רחל'ען. דאס קינד איז אויסגעגאנגען. זי האט ניט פערשטאנען וואס דא איז געשעהן. פאר וואס איז ער פערשוואונדען? פאר וואס קומט ער ניט, און רעדט איבער מיט יוסף'ן וועגען דער גרויסער אידעע, וועלכע ער פרעדיגט? וואס איז געשעהן?

זי האט מיר אויך פיינד געקראגען, זי האט מיט קיינעם קייןווארט ניט גערעדט. זי איז פערשטומט געווארען די ערשטע פאאר וואכען, איז ארומגעגאנגען ווי א שאטען איבער דער שטוב, צו קיינעם זיך ניט אנגערופען קיין ווארט. זי האט זיך ניט אנגעטהאן, זי איז ניט געגאנגען שפאצירען, נאר איז געזעסען און גענעהט די רויטע בלימעלעך, טהיילמאל איז זי צוגעגאנגען צום פענסטער, אראבגעקוקט, געזעהן די שפאצירענדע און צוריקגעצויגען זיך מיט א פערוואונדערונג און געלאזט פאלען א ווארט:

— צו וואס?

נאָר מיט איינער האָט זי זיך גע'חבר'ט, מיט מאטילדען. עס איז געווען ווי די צוויי מיידלאך וואלטען מורא געהאט, אז זיי זאלען זיך ניט פערליערען. זיינען זיי איז די פארנאכטען געזעסען צוזאמען אין שאטען פון שטיבעל, שטענדיג האבען זיי זיך געהאט וואס צו סוד'ען. שטענדיג האבען זיי געהאט עפעס וואס צווישען זיך א נע־היימניס, און וועלכען זיי האבען קיינעם ניט געוואלט אריינגעהמען. און גאנצע נעכט זיינען זיי געלעגען אויף די געלייגערס און גערעדט צווישען זיך אין דער שטיל, טהיילמאל פלעגט זיי צו זיי אריינגנב'ענען די עלטסטע ראזע, ווי זי וואלט געוואלט אריינגעהן אין זייער סוד אריין.

— פון וואס רעדט איהר? בעט זיך די עלטסטע, דערצעהלט מיר אויך.

— רחל'ע דערצעהלט פון א פרינץ וואס וועט קומען און ער וועט פרעדיגען די גרויסע ליעבע. ער וועט זיין אזוי שעהן, אז ווער עס וועט איהם נור אנטקעגען קומען, וועט איהם ליעב קריגען. און די אלע וועלכע וועלען איהם ליעב קריגען וועט ער פערבינדען מיט ליעבע. גרויסע אויגען וועט ער האבען — אויגען וואס קענען פער'סמ'ען מיט ליעבע.

ער וועט נור א קוק טהאן אויף א מענשען מיט זיינע אויגען, וועט ער איהם צובינדען צו זיך. און זיין הארץ וועט זיין דאס גרויסע הארץ פון דער וועלט, אלע הערצער פון דער גאנצער וועלט וועלען זיין איינ־געקניפט אין זיין הארץ, און ער וועט זיי אלעמען פערבינדען מיט די בליקען פון זיינע אויגען און מיט די ליעבע פון זיין הארץ — ער וועט זיין דער פרינץ פון ליעבע, און ער וועט קומען צו דער וועלט. בעפרייען די וועלט מיט ליעבע.

— אוי, קינדער, קינדער, דער פרינץ פון ליעבע איז געשטארבען. און אומזיסט ווארטען מיר אויף איהם. אויף דער וועלט געפינט ער זיך ניט. זעהט מיינע האהר ווערען שוין גרויע, ווארטענדיג אויף איהם. נאר ער קען נישט קומען ווייל ער איז טוידט און געפינט זיך אויך ניט אויף דער אנדער וועלט. און די וואס קומען האבען נאר געהערט פון זיין נאמען. זיי קענען נאר זאגען דאס ווארט פון איהם, אבער זיי האבען ניט די מאכט, קוים זאגען זיי דאס ווארט פון איהם און פיהלען ניט די מאכט, שרעקען זיי זיך און אנטלויפען און בעהאלטען זיך צווישען די מענשען, און אז מען פרעגט אויף זיי: „ווער האט עס געזאגט"? — רופען זיי זיך ניט אן ווייל זיי האבען מורא...

— עס קען ניט זיין, ראזע, ניין, דער פרינץ פון ליעבע איז ניט געשטארבען. — ער לעבט און זוכט אונז און מיר זוכען איהם. נאר מיר קענען זיך ניט געפינען. מיר האבען זיך פערבלאנדזשעט און ער ווייסט ניט ווי אונז אפצוזוכען.

— ראזע, צו וואס ווייטער לעבען אויף דער וועלט. עס קען דאך ניט זיין, אז מיר לעבען בלויז צוליעב דעם. רויטע און בלויע בלימע־לאך אויפצוגעהען. צו דעם זיינען דאך געגוג בלאסע הענד פאראן. — און יערעם אייזערנע צווייגעל קען דאך דאס מאכען. פיהלסטו ניט

אין הארצען א בענקשאפט נאכ'ן פרינץ פון ליעבע? און וואלט ער ניט געווען, וואלט דאך די בענקשאפט ניט געווען. די בענקשאפט איז דאך די שטימע פון איהם, וואס רופט אונז. ניין, איך וועל ווארטען אויף איהם, איך וועל איהם זוכען, דעם ריכטיגען, דעם שטארקען, דעם יונגען, וועלכער האט פאר קיינעם ניט קיין מורא, פאר קיינעם קיין שרעק, א, איך פיהל, איך וועל איהם באלד געפינען. ער איז נאהענט צו אונז, זעהר נאהענט, ראזע.

רחל'ע האט איינגעהילט איהר פנים אין מאטילדע'ס ברוסט און צו־וויינט זיך הויך, און לאנג און שטארק געוויינט.

— וואס וויינסטו, שוועסטער רחל? וואס וויינסטו? — האט זיך ביי איהר מאטילדע געבעטען און געקושט איהר קאפ.

— עס איז אומעטיג צו לעבען אזוי. עס איז אומעטיג—האט רחל'ע געוויינט אויף מאטילדע'ס ברוסט.

מאטילדע האט זי ארומגענומען:

— שוועסטער רחל — וויין ניט, וויין ניט — דו זאגסט דאך אליין אז ער וועט קומען. ער וועט קומען, דער פרינץ פון ליעבע, א יונגער, א שטארקער, און זיין הארץ וועט זיין איינגעקניפט מיט די הערצער פון די מענשען — מיט אלעמענס ליעבע, און מיט דעם גרויסען הארץ פון דער וועלט וועט ער דיך ארומנעהמען, מיט זיינע שטארקע הענד, אט אזוי וועט ער דיך ארומנעהמען—האט זי מאטילדע פעסט צו זיך צוגערריקט.

— יא, ער וועט קומען, שוועסטער, ער וועט קומען דער פרינץ פון ליעבע יונג און שטארק.

און די ביידע מיידלאך האבען זיך ארומגעקלאמערט מיט די ארימס און די הערצער.

---

15

## דער זיידע שטארבט.

דורך דעם גאנצען זומער איז רחל'ע געווען ביים זיידען אין דארף. זי האט פערגעסען אן דער גרויסער שטאדט. דער זיידע האט רעכט געהאט, דער קליינער צנועת'דיגער ווינד וואס בלאזט פון די דריי בערג אויף די פליגלען פון די מיהלען האט אויך איבער רחלע'ס לייב דורך־

געבלאזען. צווישען איהרע האהר געפלאשעט, און אויסגעלופטערט די גרויסע שטאדט. זי האט פערגעסען אן אלעם וואס זי האט איבער־געלעבט אין דער גרויסער שטאדט. זי איז געזונד און ווידער יונג גע־ווארען. נעלעזען אדער ארומגעגאנגען, געררוימט דאס שטיבעל און גע־זונגען. ווען דער זיידע האט זי דערהערט זינגען צום ערשטען מאל — האט ער אין דער שטיל געשמייכעלט און געפרעהט זיך, און מורא גע־האט א ווארט אויסצורעדען, אז ער זאל חלילה איהר פרעהליכקייט קיין עין הרע נישט געבען. נור עס האט זיך אין איהם ערוועקט די אלטע האפנונג רחל'ען פאר א מאן אויסצוגעבען, א רוהיגען, שטילען מענשען, א פראסטען און א געזונדען, וועלכער זאל איבערנעהמען די מיהלען, און זיין מילנער אין די דריי בערג, ווי ער, און ביי וועלכען ער זאל פערברענגען זיינע אלטע טעג אין מנוחה, און זאל די זכיה האבען זיינע אור־אייניקלאך צו וויעגען און צו ניאנטשען. און טאקע אז ער איז גע־ווען אין שטאדט האט ער אנגעטראפען לייבעל דעם שדכן, האט ער געהאט מיט איהם א שמועס:

— וואס זענט איהר פערשטומט געווארען, וואס הערט מען פון אייך גאר ניט?

— אז אייער אייניקעל האט פויגעלאך אין קאפ, פאהרט אין די גרויסע שטעדט ארום, און יאגט פון זיך די יונגע לייט — ווי אזוי זאלט איהר הערען פון מיר?

— איהר שיקט מיר נור צו די רעכטע סחורה — וועט מען שניידען לעקער.

און טאקע איז אויף חל המועד סכות ארויפגעקומען א יונגערמאן, חיים'ל אקסען־סוחר'ס א זוהן, אליין אן אקסען־סוחר, א בחור מיט איי־גענע אייניגע הונדערט רובל און אן אויסזיכט פריי צו ווערען פון מי־ליטער. דער זיידע האט איהם געקענט פון דאהי, ווי ער איז אלעמאל ארויסגעקומען אקסען ביים גוי האנדלען. דער זיידע איז צופריעדען געווען פון דעם שדוך, דער יונגערמאן איז איהם געפעלען, נישט קיין גראבער יונג און קען א פרשה חומש לערנען, און אז מען דארף אמאל קען ער זיך אוועקשטעלען ביים ברעטעל אויך. רחל'ע האט דעם יונגען מאן גאנץ פיין צוגענומען, איז געגאנגען מיט איהם שפאצירען איבער די פעלדער, געגאנגען אין שווייגען, ווייל צו רעדען האבען זיי ניט גע־האט וואס. דער יונגערמאן האט פון קיין אנדער זאך ניט געוואוסט

צו רעדען נור וועגען אקסען. און אפשר האט ער יא געוואוסט נור ניט געוואגט זיך. דער זיידע אז ער האט זיי געזעהן געהען איז ער איבער־גליקליך געווען, געטראכט, אוועקגעבען איהם די מיהלען אין נרן, אויסגעבען דאס איינציגע און אויסלעבען זיך די לעצטע יאהר.

רחל'ע איז ניט געשלאפען א גאנצע נאכט, איבערגעקלעהרט, אפשר האט דער זיידע רעכט. אפשר טאקע פון אלעס פערגעסען און איבער־בלייבען אין דארף, זי וועט שוין אויסקומען מיט איהם, און ווי איהר מאמא דאס בעל־בית'ישקייט פיהרען און די מיהלען זיינען דאך אזוי אלט היימישע, דאכט זיך אלע מאמעס פון איהר משפחה האבען געלעבט אונטער דעם שאטען פון די פליגלען, און וואו וועט זי געהן אין דער גרויסער קאלטער וועלט? וואס וועט זי ווייטער זוכען? — און וואס שטעהט איהר פאר צו געפינען? — נור זיכער איז זי ביי זיך, אז קיינע רייד ניט דעם זיידענס און אפילו ניט איהרע אייגענע וועט זי ניט מאכען צו פערבלייבען דא אין דארף מיט דעם יונגען מאן. זי האט געזעהען איהר לעבען פאר זיך, און אהן יענע האפנונג, אז עס מוז זיך דאך ערגעץ וואו געפינען דאס גליק, דאס גרויסע גליק, פאר וועלכען עס לוינט זיך צו ליידען — וואס איז דאס לעבען ווערטה? ניין, זי קען ניט פערבלייבען אונטער דעם שאָטען פון די ווינד־מיהלען. זי האָט געהערט אין זיך די שטימע וואָס רופט זי. און וואָס זיצט זי דאָ? וואָס טהוט זי דאָ אין קליינעם דאָרף? פון וועמען איז זי אנטלאָפען? פון זיך אליין?

פאר וועמען איז זי אנטלאָפען?

עס האָט זיך איהר מיט אמאָל דערמאָנט אָן די שוועסטער שטיינ־מאן'ס, און אפילו אָן ראָזענבערג. און ראָזענבערג איז איהר שוין ניט פאָרגעקומען אזוי שרעקליך ווי זי האָט עס פריהער געמיינט. זי האָט פערגליכען דאָס בענקשאַפט פון דער גרויסער שטאָדט מיט דער רו־היגקייט און מיט'ן טאָג איין טאָג־אויס קלייניגקייט פון דאָרף, און די ווינד־מיהלען מיט'ן דאָרף, מיט אַלעס צוזאמען איז איהר לאנגווייליג געוואָרען. זי האָט ניט געקענט פערשטעהן ווי זי האָט געקענט אזוי לאנג אויסזיצען אין דאָרף, אויסהערען דעם זיידענ'ס שבת'דיגע זמירות און די לאנגע, אָהן־טעם'דיגע געשרייען פון די קוהען. און אָנשטאָט איהר זיידען'ס זמירות וועט קומען אָן אנדער שטימע פון זמירות זאָגען, אָ פרעמדע, אָז אונהיימישע, דעם אָקסען־סוחר'ס.

צומאַרגענס האָט זי גענומען דעם יונגען מאַן, דעם אָפּכען סוחר מיט זיך אויפ׳ן שפּאַציער אין וואַלד אריין, און האָט איהם געגעבען צו פערשטעהן אין קלאָהרע פּראָסטע ווערטער:

— איך בין ניט פאר אייך, — האָט זי איהם געזאָגט. אייך וועט ניט גוט מיט מיר. מיין קאָפּ שטעהט שוין ניט צום היימישען דאָר־פישען לעבען. איך בענק שוין צוריק נאָך דער גרויסער שטאָדט, נאָך גאָר גאַנץ אנדערע מענשען. און דאָרטען אהין וויל איך צוריק פאָהרען באַלד נאָך יום־טוב. איך קלעהר גאָר ניט וועגען חתונה האָבען.

דער יונגער מאַן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, אַ שע־מעוודיגער געווען, יעצט, ווי עס האָט געהאַלטען ביי אוים שידוך, האָט ער זיין לשון צוריקגעפונען:

— איך וויים, דער שדכן האָט דאָך געזאָגט, און אייער זיידע האָט דאָך מיט מיר גערעדט, אז זי האַלטען ביי אַ שידוך טהאָן, אז ניט וואָלט איך זיך גאָר ניט דעם קאָפּ פערדרעהט, און בעלמוטשעט אַ חול־המועד, איך וואָלט געקענט דעם חול־המועד אַן אנדער כלה זעהן.

— זיי האָבען רעכט — האָט רחל׳ע אָבגעענטפערט, איך בעט אייך זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך דעם קאָפּ פערדרעהט, איך בין שולדיג.

איהרע ווערטער האָט דער יונג געקענט אָקעגען ריידען, אָבער נישט איהר בליק. ער האָט געזעהן דעם פייכטען אויגען־גלאַנץ און איז ווייכער געוואָרען:

— גלייכער יעצט ווי שפּעטער — האָט דער יונג געזאָגט מיט אַ קרעכץ.

— געוויס אזוי, און גיבען זיי מיר די האנד, אז זיי זיינען ניט בייז אויף מיר.

— פאַר וואָס זאָל איך בייז זיין, איך האָב נישט וואָס בייז צו זיין — האָט איהר דער יונג די האנד געגעבען.

— און יעצט האָב איך צו זיי נאָך אַ ביטע. זאָגען זיי דעם זיי־דען גאָר נישט. האָבען זיי ניט צו איהם קיינע פּרעטענזיעס. ער איז ניט שולדיג, אלעס בין איך שולדיג. איך בעט זיי, דער זיידע איז אַן אַלטער און קראַנקער מאַן.

— וואָס זאָל איך איהם זאָגען, איך האָב גאָר ניט וואָס צו זאָ־גען.

אז חתן־כלה זיינען אהיים געקומען האבען זיי געטראפען דעם זיידען פארענדיג זיך ביים טיש אין דער סוכה, וואו ער האט אנגעגרייט מיטאג פאר זיי.

— נו, קינדערלאך, דער טיש איז שוין געגרייט, קומט אהער — האט דער זיידע גערופען מיט זיין פרידליכער פרעהליכער שטימע. זיי האבען אבגעגעסען מיטאג אין שווייגען. שוין ביים מיטאג האט דער זיידע פערשטאנען, אז עס האט עפעס געמוזט זיין צווישען די „קינדער". נאכ'ן עסען האט זיך דער חתן צונויפגענומען זיינע זאכען און געזאגט מיט א בייזערדיגע שטימע:

— בלייבט מיר געזונד, ר' שמואל, איך וועל אן אנדערש מאל קומען צו אייך.

— וואס איז געשעהן?

— גאר ניט איז געשעהן. דער יונגער מאן וויל מיך נישט, איך געפעהל איהם נישט — האט רחל'ע רוהיג אבגעענטפערט.

— ניין, זי געפעלט מיר נישט, ר' שמואל — האט דער יונג גע־קוקט אויף איהר מיט בעטענדיגע אויגען, גענומען זיינע זאכען און איז האסטיג ארויס פון שטוב.

דער זיידע האט אלעס פערשטאנען. זי האט עס דערקענט אין זיינע בעטריבטע, דערשראקענע אויגען. דאך האט ער געזאגט אין זיין געוועהנליכער פריידליכער שטימע:

— זארג זיך ניט, מיין קינד, דו ביזט ניט ביי מיר קיין פערלע־גענע סחורה. עס וועט זיך אבגעפינען דער סוחר, עס וועט זיך אבגע־פינען.

— זיידע, — האט זי געכאפט דעם זיידען'ס האנד און האט זי ריהרענד געקושט.

דער זיידע און דאס אייניקעל האבען זיך ארומגענומען, שטום געווען און פערשטאנען זיך.

נור דער זיידע איז שטיל געווען, אראבגעלאזט דעם קאפ, און ניט אזוי טרויעריג ווי אונמוטהיג געווארען. עס האט זיך איהם גאר ניט גע־וואלט. דער גוטער שמייכעל איז ווי פערגליווערט געווארען אויף זיינע אלטע ליפען. אויף אלעם האט ער געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף

יאָ. ער איז שוין ניט געגאַנגען אין די מיהלען אריין, ער האָט זיך שוין ניט אינטערעסירט מיט דעם ווינד, געזעסען אין דער היים פאַר דער טהיר און געשוויגען, געשמייכעלט און געשוויגען ווי ער וואָלט שטום געוואָרען. נור זעהר זעלטען, אז רחל'ע האָט איהם געפרעגט: „ווילסט עסען?“ האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ. אויף אַלעם געזאָגט יאָ. וואָס אַ טאָג איז ער אראָבגעקומען. נור ביי־נאַכט האָט רחל'ע געהערט ווי דער זיידע זאָגט תהלים מיט אַ מורא'דיגע ערנסטע און וויי־נענדיגע שטימע; אַ גאַנצע נאַכט הערט זיך זיין תהלים זאָגען, ווי ער וואָלט זיך געוועז געריכט אויף אַ גרויס אומגליק און ער זעהט עס פאָר, און וויל עס פערהיטען מיט זיין תהלים זאָגען...

באלד נאָך יום־טוב האָט זיך רחל'ע גענומען איהרע זאכען פּאַקען און פאָהרען קיין ווארשוי. זי האָט געפרעגט דעם זיידען צו זי זאָל פאָהרען און דער זיידע האָט, ווי זיין געוועהנהייט, צוגעשאָקעלט מיט דעם גוטען שמייכעל אויף יא. נור די נאכט בעפאר זי איז געגאנגען אוועקפאהרען איז ער ארויפגעקומען צו איהר אין שטיבעל אריין, און אוועקגעזעצט זיך אין אַ ווינקעל, דעם קאפּ אנגעלעהנט אויף ביידע הענד און האט געשוויגען. אַ גאַנצע נאכט האט ער פערבראַכט אין שווייגען, און אז רחל'ע האט אנגעהויבען צו רעדען צו איהם האט ער געשמייכעלט און גאר ניט געענטפערט און צו מארגענס האט רחל'ע גע־זעהן אז איהר זיידע איז קראנק... און געלאָפען פלינק אין שטאדט אריין נאָך אַ דאקטאר.

אכט טעג האט ער געלעבט, און קיין איין ווארט ניט אויסגערעדט דורך דער צייט, ער האָט גאָר ניט געוואָלט נעהמען צו זיך, נור דער שמייכעל איז ניט אראב פון זיינע ליפּען, און אויף אלעם וואס מען האט איהם געפרעגט, האט ער געשאקעלט מיט'ן קאפּ אויף יא.

אַ האלבע שעה פאר'ן טויט האָט ער צוריקגעקריגען זיין פער־שטאנד און שפּראך — האט עפּעס געברומט: גאט, מיין קינד. און מיט די צוויי ווערטער איז ער אויסגעגאנגען.

דער שמייכעל איז נישט אראפּ פון די ליפּען, נאכדעם ווי זיין פּנים איז שוין געוואָרען איינגעשרומפּען און געל ווי וואקס. עס איז אַ שאד געווען איהם צו לעגען איז גרוב אריין מיט'ן שמייכעל אויף די ליפּען; און דער שמייכעל איז ניט פריהער פערשוואונדען פון טויטען פּנים ביז מען האט איהם פערשאטען מיט זאמד.

די מיהלען האט מען פערדונגען פאר צוויי הונדערט רובעל א יאהר, גערונגען האט זיי טאקע דער יונגער מאן, דער אקסען סוחר, וועלכער האט געהאט אן אנדער כלה צו זעהן און א חתן צו ווערען.
רחל'ע האט גענומען די צוויי הונדערט רובעל און איז געפאהרען צו די איינציגע משפחה וואס זי האט יעצט געהאט — צו דער גרויסער קאלטער שטאדט...



# דאָס נייע לעבען.

(ערצעהלונג).

1

א ווארימער ווינד האָט פון ים געבלאָזען. אין ניו יאָרק האָט מען פלוצלונג דערפיהלט דעם פריהלינג. מען האָט איהם ניט דער־זעהן, נאָר דערפיהלט.

פערשלאָסען אין די ערד אונטער אַ שטיינערנעם קאַסטען און דאָס גרינס האָט ניט קיין שפּאַלט פון וואַנען זיך ארויסצורייסען. און ווען עס האָט שוין יאָ אַ גרין קעפּעלע פון בליהעכטס אויף אַ בוים אין די ניו יאָרקער גאַסען ארויסגעוויזען — האָט מען עס ניט בעמערקט. פער־לאָרען און פערטרונקען ווערען די בוימער מיט זייערע פריהלינגס בליטהען אין די אידישע גאַסען אין ניו יאָרק, צווישען די שרייענדע פּלאַקאַטען און גראָב־שוואַרץ געדרוקטע אותיות, אז עס האָט קיינער קיין צייט זיך נישט אומצוקוקען אויף זיי. דערשפּירט האָט מען דעם פריהלינג פון די מאַטראַצען, קאָלדרעס, בעטגעוואַנד, וואָס האָבען זיך געלופטערט אין די אָפענע פענסטער. דערשפּירט האָט מען דעם פריה־לינג אין דעם לייכטען ברכה'דיגען ווינד, וואָס לויפט אין די גאַסען ארום. עס איז דער אָטהעם פון גאָט, וואָס קומט צו וועקען דאָס חיות פון דער ערד — געפינט ער נישט קיין ערד, וואו אויפצובליהען, זוכט ער זיך מענשען הערצער, אין זיי אויפוועקען דעם פריהלינג. נור אויך קיין מענשען געפינט נישט דער פריהלינג־ווינד אויף די אידישע גאַסען אין ניו יאָרק — ביי־טאָג אויסגעשטאָרבען זיינען די גאַסען, יונג און אַלט זיינען אין די שעפּער פערשלאָסען — נור אַן אַלט ווייב זיצט אויף די טרעפּלאַך פון איהר הייזעל, נור אַ קינד שפּיעלט זיך אויף דעם בע־

שטויבטען טראָטואר — און זיי ווערען ארומגעכאפט פון דעם פריה־
לינג'ס ווינד און לאכען און פרעהען זיך און זיינען איבער עטוואָס גליק־
ליך, און זיי ווייסען אליין ניט פארוואָס.

נור קוים קומט דער פארנאכט, און פון דעם פריהלינג'ס אטהעם
ווערט איין לויכטענדער, געלבליכער לייכטער נעבעל, וואָס רוקט זיך
אָן פון אַ עק הימעל און לאָזט זיך געדיכט אין אויר ארונטער און הילט
איין אין זיך הייזער און מענשען, ווערען שוין דאן די ניו יאָרקער
אידישע גאסען בעלעבט. פון אלע עקען גאסען, ווי קליינע שטראָמען,
הויבען אָן מענשען זיך צו גיסען, יונגע און אלטע, מיידלאך און ווייב־
לאך, און פילען אָן און בעלעבען די גאסען, ווי כוואליעס וואסער וואָל־
מען אַ טייך אָנגעפילט. די עלעווייטעדס קלאפּען איבער די קעפּ, און
יעדעס מאָל קומט צו לויפען אַ שרייענדע חיה איבער די קעפּ, שפּייט
אויס אַ מעננגע מענשען און לויפט צוריק אוועק. פון אונטער דער
ערד, דורך אַ לאָך הויבען אָן צו קריכען מענשען און לאָזען זיך אריין
ווי אַ נייער שטראָם אין דער מעננגע אריין. דאָס האָבען זיי, די לוי־
פענדע חיות אונטער דער ערד, אין די סאָבוויים, געבראכט די איינוואָה־
נער פון די אידישע גאסען פון אלע עקען פון ניו יאָרק, וואו זיי זיצען
דעם גאנצען טאג אין שאפּ און ארבייטען. די לופט נעהמט זיך שוין
אָן מיט'ן ברומען פון די מענשען. די שטולקאטשען האָבען זיך אָנגע־
צונדען און בעשימערען מיט זייער געלבען ליכט דעם הענגענדען לייכטען
נעבעל. דער מענשען־שטראָם איז שוין אראָב פון די טראָטוארען, אין
די ברייטע וועגען ווערען געוועלבער, פּושקאַרטס, טישלאך אויפגע־
שטעלט. עס פלאקערען אויף נייע פלאמען, שטולקאטשען, ליכטער
פאר די געוועלבער און שטעלען, אן די פערקויפער רופען אויס זיי־
ערע סחורות מיט שרייענדע שטימען. קינדער לויפען, שיסען שוין
מיט ביקסלאך, ווייבער שרייען, און די געוואלדען מישען זיך אויס,
און עס ווערט אלץ גרעסער דאָס ברומען פון דער גאס, די גרויסע
קאָכעניש, און עס דוכט זיך, ווי זי וואָלט זיך פון אַ קייט אראָבגעריסען.
און דער ים מענשען רייסט זיך אריין פון אלע ווינקעלאך, פון אלע
עקען פון אונטער דער ערד, פון איבער די קעפּ, ברעכט אריין און פער־
נעהמט די גאנצע גאס מיט זיין שטורמדיגען ברומען.

אין דער גרויסער שטופּעניש אויף דעם טראָטואר, אין דעם געל־
בען פארנאכטליכען נעבעל, בעלויכט מיט דעם געלבען שטולקאטשען־

ליכט, איילט א יונג מיידעל, אנגעקומען פון עק גאס, און דריקט זיך מיט שווערינגקייטען צווישען די מענשען אויף דעם אנגעפילטען טראטואר. איהרע געקרייזעלטע שווארצע לאקען האבען זיך פאר איילעניש ארויס־געריסען פון הינטער איהר שווארצען פריהלינג שטרוי־הוט און פאלען איהר איבער איהר איידעלען האלז. א יונגער מענש, אין א לייכטען פריהלינגס ראק, מיט א שטעקען אין האנד, איילט איהר נאך. אין זיין וואוקס, קליידער און האלטונג דערקענט מען, אז ער איז ניט אן איינ־וואהנער פון דיעזע גאסען, נור פערבלאנדזשעט דורך דער מיידעל, — איילט ער אין איהרע טריט און פרואווט רעדען צו איהר אין דער שטיל. נור אזוי שטיל און איינגעשטיקט, אז מען זעהט, אז ער איז ניט קיין געניטער אין דער ארבייט, ווי צו פאנגען מיידלאך. אביסעל איינגע־האלטען, מיט שעהנע תנועות און מיט אן אומגעלומפערטען שמייכעל אויף זיין שעהן גרוים געזיכט מאכט ער א טריט נעהענטער צו איהר און זאגט עפעס אויף ענגליש. דאס מיידעל בויגט צוריק איהם שעהנעם קאפ און קוקט איהם אן ערשטוינט, און איהרע גרויסע אויגען דריקען אויס מורא און אונרוהיגקייט. טרעט ער א מינוט צוריק, בויגט זיך, ווי ער וואלט געבעטען ענטשולדיגונג, אבער איילט איהר באלד נאך. און מען דערקענט, אז דאס מיידעל איז דאך אנגענעהם זיין עקשנות'־דיגע צודרינגליכקייט, ווארים זי וואלט געקאנט פערלארען געהן פון דעם יונגען מאן'ס אויגען, אריינלאזענדיג זיך אין דער מענגע. נור זי געהט דוקא וואו דער עולם איז שיטערער, פאמעליך, ווי זי וואלט געוואלט איהר פערפאלגער פיהרען נאך זיך. דאס גיט צו דעם יונגען מאן מעהר מוטה, און ער היט נאך איהרע טריט, און פרואווט רעדען צו איהר אין א שלעכטען אידיש, מיינענדיג, אז די מיידעל האט ניט פערשטאנען זיינע ענגלישע ווערטער.

— איך וויל זיך מיט אייך בעקענען... איך בין אייך א פריינד... האט ניט קיין מורא...

דאס מיידעל ענטפערט ניט קיין ווארט אויף זיינע רייד, ווי זי וואלט זיי ניט געהערט. נור געהט דעם קאפ געבויגען צו דר'ערד, האלב פערטראכט, קוקט זיך ניט אום... אזוי פיהרט זי איהם צו ביז פאר דער הויז, וואו זי וואהנט. אז די מיידעל איז אין הויז אריין, לויפט איהר דער יונגער מאן נאך און שרייט אויס:

— איך וועל דא ווארטען אויף אייך, ביז איהר וועט אראבקומען. איך האב אייך עטוואס צו זאגען. איהר וועט אראבקומען, נישט וואהר? די מיידעל איז פלינק אויף די טרעפ ארויף.

---

2

אין דער שטוב, וואו די מיידעל האט געוואהנט מיט איהרע צוויי עלטערע שוועסטער, האט איהר ערווארט א ווארימער עמפפאנג. עס איז דאס ערשטע מאל, וואס זייער אינגערע שוועסטער איז געגאנגען צו דער ארבייט. אז זיי האבען זי געהאט אראבגענומען פון דער שיף איז זי אזוי שעהן און פריש געווען, אז די עלטערע שוועסטער, וועלכע דער שאפ האט האלב געהאט אויפגעגעסען, האבען רחמנות געהאט אויף איהר, אויף איהר שעהנעם פנים'ל, אויף איהרע דינע ליפען און גרויסע אפענע אויגען, און זי בשום אופן ניט געלאזט געהן צו דער ארבייט, — אויסגעהאלטען זי. זיי האבען זי אויסגעהאלטען אזוי לאנג, ווי די קליידער האבען געסטייעט, וואס זי האט זיך פון דער היים מיטגע־בראכט; אויף עסען וואלט קיינמאל קיין מיידעל ניט געגאנגען איהר שעהן פנים'ל און גלאטע הענד דעם שאפ פערקויפען. זי וואלט זיך שוין געוועזן געפונען איהר עסען, ווי א טויב איהר שפייז, אויב נור דאס יונג מיידעל וואלט ניט איהר שעהנעם קרעפּער קליידען געדארפט. און קוים איז דאס פריהלינג געקומען, האט רחל'ע געבענקט נאך א נייעם קאסטום — האט זי געמוזט געהן אין שפיטצען־פאבריק אריין, וואו די ארבייט איז געווען א לייכטע, בלויז נאר אויף א קאסטום זיך אויפ־צונייהען, און זי איז דאס צום ערשטען מאל יעצט פון דער ארבייט אהיים געקומען.

די שוועסטער האבען זיך צוגעאיילט היינט פריהער, כדי דעם טיש צו גרייטען, אז רחל'ע וועט אהיים קומען. עס איז געקומען צוגעהן דער מיטעלסטער שוועסטער'ס חתן, חיים'ל דער ליטוואק, און האט איהר מיטגעבראכט א מתנה — א סאציאליסטישען בוך.

אויך דער לאנדסמאן, אדער דער ליידיג־געהער, ווי זיי האבען איהם גערופען, האט איהר מיטגעבראכט רויטע נעלקען, וואס ער האט געקויפט אויף א סטענד, און דער עלטערער ברודער, וואס וויינט בע־

זונדער מיט זיין פרוי און קינדער, איז אויך ארויפגעגאנגען געוואהר ווערען, ווי עס איז געגאנגען.

ווארים רחל'ע איז געווען די איינגסטע און אלע האבען איהר גע־פיעשטשעט.

אז רחל'ע איז אין דער שטוב אריינגעקומען, זיינען אלע אויף איהר ארויפגעפאלען מיט שמחה — „נו, ווי איז דיר געגאנגען? ווי שמעקט דיר דער ערשטער ביסען?"

— ווי זאל עס איהר שמעקען? די באסעם זאל אזוי דאס לעבען שמעקען! — הויבט די עלטערע שוועסטער אן צו שילטען, — אויף איהר אויך שוין די קליאמקע ארויפגעווארפען, קוים נור ווי זי האט אריינגעשמעקט. גיב נור א קוק, וואס פאר א יום־טוב זיי האבען זיך געמאכט, וואס איז אויף אייך די שמחה? זי איז געווארען א שאפ־מיידעל!

— וואס בעקלאגסט דו איהר אזוי די יאהרען! וואס לייגסטו איהר שטיינער אויפ'ן הארצען! זי איז דאך, חלילה, ניט געשטאר־בען — זאגט צו איהר די צווייטע חנה'לע.

— אוי, שוועסטער, געשטארבען — קלאגט ווידער די גרויסע,
— קוים ביזטו אין שאפ אריינגעפאלען, ווערסטו שוין ניט ארויסקריכען. ווי א כשוף איז דאס, וואס האלט דעם מענשען אונטער דער קללה.

— הער אויף קלאגען — שרייט חנה'לע אן אויף דער שוועסטער, און דערלאנגט רחל'ען די מתנות, וואס מען האט איהר צוגעגרייט, און ווייזט איהר אויף דעם געדעקטען טיש.

אבער די עלטערע פון איהר ווינקעל שמייכעלט ארויס:
— גיב נור א קוק די שמחה, וואס זיי האבען זיך געמאכט, עס וואלט געפאסט, אז זי וואלט א כלה געווארען.

נור דא האט זיך שוין דער ליטוואק, דער חתן אבגערופען.

— א, איהר זעהט אלעס אין שווארצע פארבען, ראזשע, און איך זאג אויך, אז עס איז יא א שמחה, זי איז געווארען אן ארבייטערין. וועט אריינטרעטען אין איהר יוניע, וועט זיך אנשליסען אן דער גרויסער משפחה פון דעם אלוועלטליכען פראלעטאריאט, אן זיין קאמפף, אן זיינע האפנונגען אויף א בעסערע צוקונפט. פאר וואס איז עס ניט קיין שמחה? וואס זאגט איהר ר' משה? — ווענדעט ער זיך צום עלטערען

ברודער, „דעם למדן" אין דער היים, און דא, א געוועהנליכער שניידער, וועלכער האט זיך פרום, ווי ביי זיך אין שטוב, אהין און אהער אומגע־שאקעלט — זי וועט ווערען א מענש?

—איך וואלט ליעבער געוואלט, אז זי זאל זיך אנשליסען אן די הייליגע אמהות, אן שרה, רבקה, רחל, לאה, און זאל קריגען א חתן און א סך נדן, וואלט זי מעהר חלק לעולם הבא געהאט, ווי אנשליסען זיך אן די ארבייטער, און עס וואלט פאר איהר גלייכער געווען.

— אי, ר' משה, איהר ווערט דאך אונגעטריי, איהר זייט דאך אויך אן ארבייטער, איהר געהערט דאך אויך צו דער יוניע, אויך צו דער משפחה פון אינטערנאציאנאל.

— די יוניע איז דאך אן אנדער זאך, עס איז דאך א תקון עולם פאר דער וועלט, — זאגט דער איד, וואס איז געווען אין דער היים א תלמוד חכם — מילא, אז דו ביזט שוין יא אן ארבייטער, מוז מען זיך דאך ראטעווען, מוז דאך זיין א אחדות, אז ניט וואלטען זיי דאך אונז לעבעדיגער־הייט אויפגעגעסען. אבער וואס איז זיך דא צו פרע־הען? זי איז געווארען א שאפ־מיידעל! וואס פאר א חלק לעולם־הבא וועט זי האבען דערפאר? זי וועט א בלאט „פארווערטס" לערנען?

— און מיט אייך האב איך געמיינט, אז איך בין שוין פערטיג, ר' משה. האבען מיר נישט פיעל מאל גערעדט, אז דא געהט ניט בלויז אין דעם, וואס מען איז אן ארבייטער, וואס די יוניע שטיצט אייערע פריוואט אינטערעסען, נור וואס דער ארבייטער איז דער איינציגער עהרליכער מיטגליעד אין דער געזעלשאפט. דער ארבייטער טראגט דעם אידעאל פון דער מענשהייט. די בורזשואזיע האט קיין אידעאל נימ. פרעסט און זויפט און גאר נישט מעהר. איהר פערשטעהט דאך דאס. איהר זייט דאך א איד א למדן. אז מיר, קעמפפענדיג פאר א בעסערע צוקונפט, קעמפפען מיר אויך דערביי פאר א גרויסע גערעכטיגקייט, פאר דער גאנצער מענשהייט. און מיר וועלען זיך דערשלאגען צו דעם; און מיט דעם, וואס מיר שליסען זיך אן אן דער יוניע, קומען מיר נע־העטער צו דעם גרויסען אידעאל, צו דער צוקונפטיגער „סאציאליס־טישער ארדנונג", וואס וועט...

און ווי די „סאציאליסטישע ארדנונג" וועט אויסזעהן, האט מען היינט דעם ליטוואק ניט געלאזט אויסמאלען ווי אן אנדערש מאל. די עלטערע, וועלכע האט שוין פערלארען איהר יוגענד און איהר שעהנקייט

אין דעם שאפ, — איהרע ליפען זיינען גראב געווארען, איהרע אויגען אויסגעלאשען און איהר ליים שווער־ריהרעווריג, אלץ ווארטענדיג אויף דער נייער „סאציאליסטישער ארדנונג“, האט איהם איצט איבערגע־האקט.

— נא, ער דערצעהלט דאך איהר אויך די גליקען, וואס ער האט אונז דערצעהלט, און איך וואלט ליעבער געוואלט, אז איהר באס, און אלע באסעס פון אלע שעפער זאלען אליין ווערען ארבייטער און אויס־דארען, ווארטענדיג אויף דער „סאציאליסטישער ארדנונג“, ווי זאגסט דו? שלמה, — ווינקט זי אהין, צו דעם „לײדיג־געהער“, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען אין א ווינקעל און האט זיך איינגעהערט צו דעם געשפרעך מיט א שפאטישען געלעכטער אויף די ליפען.

— זיי זיינען ביידע צוויי גוטע עולם־הבא'ניקעס — זאגט שלמה — ר' משה, ער איז — ווייזט ער אויפ'ן ליטוואק — אייערס א קאמ־פאניאן. ער גלויבט אויך אין משיח'ן.

נור דעם „לײדיג־געהער“ האבען זיי ביידע פעראכטעט, אי דער פרומער איד, אי דער סאציאליסט. דער ליטוואק האט געווארפען אויף איהם א פעראכטענדען בליק, און ר' משה האט זיך אבגערופען צו איהם מיט א פרומען שמייכעל:

— איהר זייט דאך גאר א כופר, עס איז גאר לית דין ולית דיין — א הפקר יונג. מיט אייך איז דאך גאר נישט צו רעדען.

און ר' משה ווענדעט זיך צו ביידע יונגע לייט מיט א שמייכעל — נו, נו, איהר וועט שוין ביידע צווישען זיך דורכקומען. — און ער געהט צו צו דער טהיר — מען דארף דאך אהיים געהן אויך. האט'ס מיר א גוטע נאכט. מיין „לײדי“ ווארט שוין אויף מיר אין דער היים. נו, רחל'ע, סיי ווי סיי, ווי עס זאל נישט זיין, זאל עס זיין מיט מזל. גאט זאל דיר העלפען, זאלסט באלד דיין גליק קריגען. און דאס איז דער עיקר — ווינשט דער עלטערער ברודער דער שוועסטער און פערלאזט די שטוב.

אז דער איד האט די שטוב פערלאזען, און דאס געשפרעך איז איבערגעריסען געווארען, האבען זיי ניט בעמערקט, אז רחל'ע איז זעהר צוטראגען. זי איז געזעסען אין א ווינקעלע אדער אומנענאנגען איבער'ן שטוב זעהר פערקלעהרט, און גאר ניט צוגעהערט צו דעם, וואס דא קומט

פאר. דאס האט שוין בעמערקט חנה, דעם ליטוואקס כלה, די מיטעלסטע שוועסטער, וועלכע האט זיך געזעצט נעבען איהר און געפרעגט זי, וואס איז מיט איהר געשעהן. רחל'ע האט ניט געענטפערט. זי האט זיך גע־שלאגען מיט דער דעה, צי זאל זי זאגען דער שוועסטער, אז א יונגער מאן איז איהר נאכגעגאנגען און ווארט אויף איהר אונטען, צי זי זאל עס פערהוילען און אראבגעהן צו איהם. ניין, דאס ניט, נור זי האט אויף עטוואס געווארט, און נאך אמאל געוואלט זעהן דעם יונגען מאן.

יעצט האט איהר אונרוהיגקייט די עלטערע שוועסטער ראזע בע־מערקט און מיט שרעק זי געפרעגט:

— וואס איז מיט דיר, איז דיר עטוואס געשעהן?

— ניין, — האט רחל'ע געענטפערט — גארנישט האט געשעהן — און האט ווייטער געקלעהרט וועגען יונגען מאן.

ביים עסען, פלוצים, אין מיטען דערינען, רופט זיך רחל'ע אב:

— א יונגער מאן איז מיר נאכגעגאנגען דעם גאנצען וועג, ביז אין דער טהיר.

— האט ער דיר עטוואס שלעכטס געטהאן? — פרעגען אלע

— ניין, פערקעהרט — ווערט רויט דאס געזיכט פון דער יונגער מיידעל, און איהרע האאר ווארפען פון זיך א שווארצען גלאנץ — ער האט מיך בעמערקט אין עלעווייטער, געקוקט אויף מיר, און ווען איך בין אראב, איז ער אויך אראב, נאכגעגאנגען מיר, עפעס מיר געזאגט, און בעגלייט מיך ביז צו דער טהיר. ער ווארט אונטען ביז איך וועל אראבקומען. ער זאגט, ער האט מיר עפעס צו זאגען.

— וואס פאר א יונגער מאן, אן ארבייטער? — פרעגט די עלטערע שוועסטער.

— ניין, קיין ארבייטער מוז ער נישט זיין, ער געהט זעהר עלעגאנט אנגעטהאן און קוקט זעהר איידעל אויס.

— וואס האט ער דיר געהאט אזוינס צו זאגען? —פרעגט נייגעריג די עלטערע שוועסטער, וועלכע האט שטענדיג געווארט אויף אן אונ־ערווארטעט גליק.

— איך ווייס נישט, — ענטפערט אב דאס מיידעל.

— זאל איך איהם אפשר ארויפרופען, ס'איז דאך זעהר אינטערע־סאנט — רופט זיך אב שלמה, דער הפקר־יונג.

— וואָס זייט איהר משוגע געוואָרען צו וואָס ? עפּעס אַ שראלאַ־טאַן דארט, דערזעהן אַ מיידעל, איז איהר נאכגעלאפען, זעהט וואס זיי מאכען פאר אַ חתונות, דערפאר ווייל ער געהט רייך אנגעטהאן.

— פארוואס מוז ער דאס זיין אַ שארלאַטען, וואס האט ער דאָ געטהאן אזעלכעס ? ער האט דערזעהן אַ שעהן מיידעל און איז איהר נאָכגעגאנגען. נו, וואָס איז, פאר וואָס איז ער דאָס אַ שארלאַטאַן. אפשר וויל ער מיט איהר חתונה האבען, פאר וואס מוז ער דאס זיין אַ שארלאַטאַן. דערפאר ווייל ער געהט רייך אַנגעטהאַן ? ווען איך האָב געלד, וואלט איך אויך געגאנגען רייך אנגעטהאַן.

— ער האָט צו מיר זעהר איידעל גערעדט — זאָגט רחל'ע פער־שעהמט.

— איך בעט אייך, הערט אויף — האקט אב דער ליטוואק דעם געשפּרעך ענערגיש — אז וואס זיי האבען זיך אנגעכאפּט. אז איהר ברענגט איהם ארויף, ווארף איך איהם פון אלע טרעפּ אראב. חנה'לע וואָהנט דאָ...

זיי האָבען ניט געוואָלט דעם ליטוואק דערצאָרנען, האָבען זיי אבגעהאקט דעם געשפרעך און ווייטער אין דער שטיל געגעסען. דאס עסען איז שוין אבער געווען אַ געשטערטעס. אלע זיינען געווען פער־קלעהרט און די עלטערע שוועסטער ראָזע האָט זיך דורכגעוואונקען מיט שלמה'ן מיט די אויגען. עס הייסט, אז דער ליטוואק וועט אוועק־געהן.

באלד נאָכ'ן עסען האָט דער ליטוואק גענומען זיין כלה, חנה'לען און איז מיט איהר אוועקגעגאנגען אויף אַן ערנסטע לעקטשור וואס איז גע־האלטען געוואָרען אין איינעם פון די פיעלע האָלס דאון־טאון. אָדער אויף אַ סאָציאליסטישען קאָנצערט־וואָרעוויל, ווי „דער הפקריונג" האָט זיי אנגערופען.

---

3

אז דער ליטוואק איז אוועק מיט דער כלה, זיינען די שוועסטער אונרוהיג געווארען. די עלטערע נאָך מעהר פון רחל'ען. זי האָט געהאַט שוין אויסגעשפּיעלט איהר לעבען. דער שאָפּ האָט אויסגעגעסען איהר פנים און שעהנקייט און קיין חתן איז נאָך אלץ ניט געווען. זי

האָט זיך שוין געהאַט מיאש געווען צו פֿיהרען אַן אייגענעם לעבען און איינציגווייז האָט זי שוין אָנגעהויבען ארויסצונעהמען פון קארב די זאכען, וועלכע זי האָט געהאַט אויפגענעהט אויף די וויפּראַווע און אָנגעגרייט שוין שטוב געשיער פאר אַן אייגענער ווירטהשאַפט. עס וועט שוין גאר נישט זיין. זי האָט ניט געזעהן קיין האָפנונג אויף דעם געוועהנליכען וועג, אבער אין הארצען האָט זי געטרוימט, ווי עס טרעפט זיך מעהרסטענס ביי אזעלכע מיידלאך, וועלכע פערליערען די האפנונגען אויף עטוואס רעאַלעס, וועגען א גרויסען גליק, נישט קיין געוועהנליכען. אַ גראף וועט זיך אין איהר פערליעבען און דאס טרויעריגע, יאוש'דיגע לעבען פון ארבייטען און שקלאפען, פון דער שרעקליכער ענדע, וועט פערוואנדעלט ווערען אין אַ לעבען פון פאלאצען און טהעאַטערס. נור אויב פאר איהר איז אזא גליק געווען א חלום, א פאנטאזיע, וועגען וואס זי האָט ליעב געהאַט צו טרוימען, איז אבער די פאנטאזיע שוין ביי איהר פאר איהר שוועסטער רחל'ע געווארען א ווירקליכקייט. זי האָט ליעב געהאַט די שוועסטער און געפרעהט זיך מיט איהר יוגענד און שעהנקייט, און מורא געהאַט, שרעקליך מורא געהאַט, אַז איהר גורל זאָל ניט זיין דער זעלבער, ווי איהר'ס. און וואָס פאר אַ גליקען ערוואַרטען שוין אפילו די אנדערע שוועסטער, דעם ליטוואק'ס כלה? דא וועט ער ארבייטען, דא זי, ביז זי וועט קינדער האבען.

אז רחל'ע האט דערצעהלט וועגען דעם יונגען מאן, וואס איז איהר נאכגעגאנגען, האבען זיך אנגעהויבען ביי דער שאַפ־מויד אויסצובילדען פערשיעדענע פאנטאזיעס.

אפשר איז ער א בעשערטער — א גראף, א רייכער מאן, וואס האט זיך פערליעבט אין איהר רחל'ען, און ווער ווייס וואָס וועט דערפון ארויס־קומען. עס האט זי נישט געלאזט רוהען און זי האט נאך אמאל אויס־געפרעגט די שוועסטער.

— וואס איז ער דיר נאכגעגאנגען? וואס האט ער גערעדט צו דיר?

—איך האב שוין דאך דיר געזאגט, ער איז מיר נאכגעגאנגען און עפּעס גערעדט צו מיר, כ'ווייס נישט וואס. האט רחל'ע אבגעענטפערט קארג און ברוגז'דיג.

— ווארט ער אונטען אויף דיר?

— יא, — האט רחל'ע געענטפערט קארג.

— זאל איך איהם אפשר ארויפרופען — פרעגט שלמה נאך אמאל.
— אויב איהר זענט אזוי נייגעריג.
— איך ווייס, — לאכט די שאפ מויד — פרעגט זי, אויב זי וויל.
— זאל ער איהם ארויפרופען, רחל'ע? — פרעגט די שוועסטער.
— וואס פרעגט איהר מיך? איך ווייס ניט. טהוט וואס איהר ווילט, — האט רחל'ע אבגעענטפערט, רויט ווערענדיג און אויפגערעגט.
— עס איז זעהר אינטערעסאנט, איך בין זעהר נייגעריג — זאגט די שאפ מויד — וואס וועט ער אונז טהאן? קיין שטיקעל שטוב וועט ער דאך אונז נישט אבבייסען, א, שלמה'לע?
— וואו איז ער געשטאנען? איך וועל דאך ניט וויסען ווער ער איז. א הויכער איז ער?
רחל'ע ענטפערט נישט.
— א הויכער איז ער? א שעהנער? רחל'ע, — בעט זיך די שוועסטער נייגעריג. זאג, רחל'ע — זאל ער איהם ארויפרופען? איך בין נייגעריג.
— ער וועט שטעהן ביי דעם לאמפ, געגען איבער, האט ער געזאגט, ער איז א הויכער — האט רחל'ע צוגעווארפען, פערשעהמט.
אז שלמה איז פון שטוב ארויס, איז די עלטערע שוועסטער צוגע־גאנגען צו רחל'ען און האט זי ארומגענומען.
— אוי, רחל'ע, דאס הארץ קלאפט מיר אזוי, איך ווייס ניט פאר וואס, — און זי האט געקוקט אויף דער שוועסטער מיט קנאה, — דו ביזט אזוי שעהן, רחל'ע — האט זי געקושט רחל'עס שווארצע האאר און א הייסע טרעהר איז געפאלען אויף דער שוועסטער'ס האלז.
באלד האט זיך רחל'ע בעפרייט פון איהר האנד, — אין דער טהיר האט זיך בעוויזען שלמה מיט א הויכען עלעגאנטען יונגען מאן.
דער יונגער מאן האט זיך ארומגעקוקט פערוואונדערט און פער־שעהמט — פערלעגען געשמייכעלט, בעטראכט אמאל די שוועסטער, אמאל רחל'ען און צום סוף געזאגט צו דער עלטערער שוועסטער:
— זייט מיר מוחל, וואס איך בין אייער שוועסטער נאכגעגאנגען, איך האב נישט געמיינט איהר קיין שלעכטס טהאן. אייער שוועסטער איז אזוי שעהן, איך האב עס ניט אנדערש געקאנט. איך האב געוואלט זיך מיט איהר בעקענען.

ראזע האָט זיך נעהנטער צוגערוקט און געשמייכעלט צום יונגען מאַן פריינדליך, רעדענדיג ענגליש:

— שי אנדערסטענדס נאטהינג. א שעהן מיידעל, א יונגער בוים, אבער מיר זיינען ניט פון די מיידלאך...

דער יונגער מאַן איז רויט געווארען, פערשעהמט:

— גאט בעהיט, איך האב מיט אַן אמת גאר נישט געמיינט. איך בין איהר נאכגעגאנגען ווייל עס האט מיך פערוואונדערט איהר שעהנהייט, איך האב זעלטען ווען געזעהן אזא שעהן מיידעל, אזא איידעלקייט... — האט דער יונגער מאַן אבגעבראכען אין מיטען.

נור שלמה האָט געמאכט אַן ענדע צום פיינליכען און פאר אלעמען אונאנגענעהמען שמועס, אין וועלכען די עלטערע שוועסטער האט אריינגעבראכט. ער האט געזאגט צום יונגען מאַן:

— די זאך איז פערשטענדליך, און איהר האט זיך נישט וואס צו פערענטפערען. איהר האט דערזעהן א שעהן מיידעל, זי איז אייך געפעלען, און איהר האט זיך געוואלט מיט איהר בעקאנען. די זאך איז אזוי נאטירליך, אז יעדער אויף אייער ארט וואלט דאס געטהאן. אָט האט איהר זיך געוואלט מיט אונז בעקענען, אָט זיינען מיר. דאס זיינען צוויי שוועסטער, ווארשאווער; איך בין א לאנדסמאן, וואס קומט דאָ צו זיי אריין. מיר זיינען אלע ארבייטער, שקלאפען פון „שאפּ", אבער נישט מיט דעם גאנצען ווילען, דאס לעבען האט אונז איינגעשפאנט און מיר ווילען זיך אלע בעפרייען דערפון. ווי אזוי ווייסען מיר ניט. דאָס איז אין קורצען אונזער געשיכטע, מיט וועמען האבען מיר די עהרע?

— דאס געפעלט מיר, — האט דער יונגער מאַן אויסגערופען אין אידיש, מיט פרייד, ווי מען וואלט איהם דאס מויל אויפגעעפענט. — איך בין א טאטענס א זוהן. מיין פאטער איז געווען אַן ארימער ארבייטער, היינט איז ער אַן אפּ־טאון ביזנעס־מאַן, און מיר גיבען אויס זיין געלד. מיר זוכען פערווייילען אין פערגעניגענס וואו עס לאזט זיך. מען געפינט זיי אבער אזוי זעלטען אין אונזערע קרייזען. צו די אמעריקאנער קען מען זיך נישט ארייינקריגען — לאנגווייליגט מען זיך. האט מען געלד און מען לאנגווייליגט זיך. איך האב דערזעהן די מיידעל געהן אויף די סטריט, איך זאג אייך, אז אין אונזערע קרייזען זעהט מען נישט אזא קינד, בין איך נאכגעגאנגען זיך מיט איהר צו בעקענען.

דאס איז אין קורצען אויף מיין געשיכטע — האט ער געענדיגט מיט א שמייכעל.

— דאס איז אינטערעסאנט. לאנגוויילינט מען זיך ביי אייך אויך. איך האב געדענקט, אז ביי די רייכע איז עס אנדערש. איך ווייס, ווען איך וואלט געהאט געלד, וואלט איך זיך ניט געלאנגווייליגט, איך וואלט מיר אלע טאג אנדערע פערגעניגענס אויסגעטראכט, אויף בעלער גע־נאנגען, אין די אפעראס — זאגט דאס שאפ־מיידעל.

— ס'דאכט זיך אייך נור אזוי, די בעלער מיט די אפעראס וואלטען אייך באלד פערמאוסט געווארען. און מיט אונזערע מענשען צוזאמען צו זיין, וואו די ווייבער רעדען נור תמיד וועגען עסען און קליידער, און די מענער פון ביזנעס, — איז איינעם גאר ניט מקנא צו זיין; — איבריגענס וועל איך אייך זאגען, אז איך האב שוין לאנג געוואלט זיך מיט אייך בעקענען — מיט די ארבייטער, ווי מען רופט, און אייער שוועסטער...

דער יונגער מאן האט געגעבען א בליק אויף רחל'ען. זי איז געזע־סען שטיל און א טיעפער טרויער האט זי ארומגענומען און געלעגען אויף איהרע שווארצע גלענצענדע האאר, און אויף איהר פריש־קינדיש גע־זיכט — האט ער אבגעהאקט וואס ער האט געוואלט זאגען וועגען דער שוועסטער.

די עלטערע שוועסטער איז זעהר נייגעריג געווען צו וויסען, פאר וואס עס איז אזוי לאנגוויילינג ביי די רייכע לייט און אויסגעפרעגט איהם וועגען די בעלער און וועגען די אפעראס. נור דער יונגער מאן איז גע־ווען קארג מיט ווערטער יעצט. ער האט אלץ געוואלט רעדען מיט דער אינגערער, מיט רחל'ן. מיט איהר זיך נעהנטער בעקענען. אבער די אינגערע איז געווען צו געשלאסען און געשוויגען.

יעדענפאלס איז זיי דער פרעמדער יונגער מאן, מעהר דער עלטע־רער ווי דער אינגערער, זעהר געפעלען. זיי האבען זיך מיט איהם גע־פיהלט היימיש. דער יונגער מאן האט פארגעלייגט אין איינעם ארויס־צוגעהן, אדער נאך עפעס צו שיקען. — זיי האבען מורא געהאט פאר'ן ליטוואק, אז ער זאל נישט באלד אנקומען און טרעפען דעם יונגען מאן, אדער ער זאל זיך נישט דערוויסען — האבען זיי איהם געזאגט, אז זיי האבען מורא פאר'ן „פאטער". זיי האבען געמיינט דעם ליטוואק, אז ער זאל נישט אנקומען.

— איהר האט דא א „פאטער"? — פרעגט דער יונגער מאן.

— יא — ענטפערט אפּ די עלטערע מיט שטאלץ — מיר זיינען ניט קיין קינדער פון דער גאס, מיר האבען דא עלטערן.

פאר'ן אוועקגעהן איז דער יונגער מאן צוגעגאנגען צו רחל'ען און האט זי געפרעגט:

— וואו קען איך אייך נאך אמאל זעהן? איך וואלט אייך זעהר גערן געוואלט זעהן.

— אין ערגעץ נישט — האט רחל'ע ווי אויסגעשריען און איז אריין אין די צווייטע שטוב און צוגעקלאפּט די טהיר הינטער זיך.

— זי איז אויפגערעגט — בעט די עלטערע דעם פרעמדען איבער — קומט אריין אין אבענד, אין די שטונדען זיינען מיר שטענדיג אין דער היים, איהר וועט אזוי פריינדליך זיין ארויפפייפען, וועלען מיר אייך שוין צו וויסען געבען, צו דער „פאטער" איז נישטא אין דערהיים.

---

### 4.

אז דער יונגער מאן מיט שלמה'ן זיינען אוועק, האט די עלטערע געוואלט אריינגעהן צו רחל'ען. זי האט אבער געפונען די טהיר צו.

— עפען אויף — לאז מיר אריין, רחל'ע, איך האב דיר עפּעס צו זאגען.

רחל'ע האט זיך גאר ניט אפּגערופען.

די עלטערע האט כיטרע געשמייכעלט אין זיך און פערקליבען זיך אין א ווינקעלע צו לעזען א צייטונג.

אויף איהר בעט איז דערווייל געלעגען דאס יונגע זיעבצעהן־יעהריגע מיידעל, איהר פנים איינגעהילט אין איהרע שווארצע האאר און האט ביטער געוויינט.

פאר וואס האט זי נישט געוואוסט. עס איז איהר טרויעריג געווארען און עפּעס א אונבעוואוסטע שרעק האט זי ארומגענומען. נישט פאר דעם יונגען מאן. דער יונגער מאן איז איהר געפעלען, זיין פנים איז איהר פארגעקומען היימיש און זי האט זיך נישט געשראקען פאר איהם, נור פאר עפּעס אנדערש, פאר אונבעוואוסטעס, פאר א זאך, וואס וועט קומען. און וואס פאר א זאך, ווייס זי נישט. דעם פאטער האט זי

פערלארען פריה, געווען איז זי נאך א קליין מיידעל, ווען די שוועסטער זיינען אוועקגעפאהרען קיין אמעריקא און זי איז איבערגעבליבען מיט דער מאמען ביי אן עלטערען ברודער און געווארט אויף דעם, וואס די שוועסטער מיט דעם ברודער האבען געשיקט. די מוטער האט איהר ליעב געהאט, איין איינציגע געווען ביי איהר און דאס אינגסטע, און זי געפיעשטשעט, און אז זי איז אראבגעקומען צו די שוועסטער, האבען איהר די שוועסטער ליעב געהאט, נישט געלאזט זי געהן ארבייטען, גע־האלטען זי אין דער היים און קליידער איהר געמאכט — זי פיהלט, מען האט זי ליעב. און יעצט קומט עס עפעס פרעמדעס, שרעקליבעס, וואס זי וויים נישט, וואס עס איז.

עס איז איהר געקומען אויפ'ן זינען די מאמע, וואס זיצט אין דער היים ביים אויסגעגעבענעם זוהן. עס איז איהר געקומען אויפ'ן זינען דוד'ל, איהר קוזען, דעם פעטער לייזער'ס זוהן, דער לערנער, וואס האט איהר אמאל געזאגט, אז ער וועט אוועקווארפען דאס לערנען און ער וועט געהן אין די „שקאלעס", ער לערנט זיך שוין אין דער שטיל אין די ביבלאך, און דאס וועט ער טהאן, ווייל ער האט זי ליעב. זיי זיינען גע־גאנגען שפאציערעןביידע אויף מארשאלקאווסקע, אויפ'ן מוראנאוו צום אידיישען שפיטאל. איין מאל זיינען זיי געזעסען שבת צו נאכט שפעט אויף די גראז, די לבנה האט געשיינט און דוד'ל האט זי געקושט... און א סך אך אנדערע זאכען זיינען איהר יעצט אויפ'ן זינען געקומען. שלמה, וואס קומט אריין צו זיי, עפעס אזא אפיקורס איז ער, ער זאגט, אז עס איז קיין גאט נישטא — דער ליטוואק גלויבט דאך אין עפעס, אז עס וועט בעסער זיין, און דער שלמה גלויבט אין גאר נישט. קיינמאל נישט, קיינמאל נישט וועט אנדערש זיין. און פון אלע שעהנע מיידלאך וועט זיין אזוי דער סוף ווי פון ראזען... און דאך צו איהר איז ער אזוי גוט. קומט ארויף בייטאג, ווען קיינער איז נישטא דא און לעזט איהר פאר מעשה־ביכלאך, און ליעדער זינגט ער איהר, און אזעלכע טרויעריגע ליעדער, און פיהרט זי אין אידישען טהעאטער אריין.

ווי מען שפיעלט נור א שטיק, פיהרט ער זי אהין, און ווי נור ער האט נור געלד, ברענגט ער איהר א מתנה, א בלימעל, א שטיקעל שפיצעל, א האלב טוץ שנופ טיכלאך, און דאך האט ער ארויפגעבראכט דעם יונגען מאן. פאר וואס האט ער אזוי געטהאן? ווער איז דער יונגער מאן? פאר וואס איז ער איהר נאכגעגאנגען אין דא ארויפגעקומען און געזעסען אזוי

לאנג צוליעב איהר? וואס וויל ער פון איהר? זי האט זיך געפרובט פאר־צושטעלען דעם יונגען מאן א מיאוס'ען און א שרעקליכען, מיט אן אויס־געשטאכען אויג — אין א בייז געזיכט. נור קיין מיאוס'ער איז ער דאך נישט געווען, אדרבא, זי האט איהם געזעהן, ווי ער לאכט און ווייזט זיינע פולע ווייסע צייהן, און זיינע גוטע אויגען, וואס ער האט, ווען ער קוקט אויף איהר. און אזא איידעל געזיכט האט ער, א לאנגעס, און אזוי הויך איז ער און שלאנק; און שטארקע לאנגע הענד האט ער, נור וואס וויל ער פון איהר! פאר וואס האט די שוועסטער גערעדט מיט איהם אזוי פריינדליך? און וואס וועט זיין מארגען, איבערמארגען, אין א יאהר ארום?... און א גרויסע שרעק איז זי בעפאלען פאר דעם, וואס קומט, פאר דעם אונבעוואוסטען, וואס ליעגט אין די צוקינפטיגע טעג, און דאס מיידעל האט זיך געשראקען און געוויינט.

די שוועסטער אבער האט איהרע שלוכצען ניט געקענט הערען, גע־האקט אין דער טהיר און געבעטען זיך ביי איהר: „לאז מיך אריין", צום סוף האט זי זיך דאך אריינגעקריגען, געזעצט זיך אויפ'ן בעט, ארומ־גענומען די קליינע שוועסטער, ווי מען נעהמט א קליין קינד ארום — איהר אויסגעקושט די טרעהרען און געזאגט:

— אוי, רחל'ע, רחל'ע, איך פערשטעה דיין הארץ. איך וויים וואס דו קלעהרסט, נור מיט אלעם זאל דיר גאט פרואווען, רחל'ע, נור נישט מיט דעם, מיט וואס ער האט מיך געשלאגען. צו אלעם זאלסט דו געפרואווט ווערען, נור נישט צו דעם וואס איך. איך האב חתונה גע־האט מיט דעם שאפ, מיין שוועסטער. פאר דעם שאפ האב איך מיין וויפראווע געמאכט. מיט דעם שאפ וועל איך קינדער האבען. אלעם זאלסט דו טהאן, אלעם, נור נישט קומען צו דעם, צו וואס איך בין געקומען.

א גרויס רחמנות האט ארומגענומען רחל'ען אויף די שוועסטער. זי האט זיך צו איהר צוגעטוליעט און זיך אריינגעגראבען אין איהר ווי א קאלב צו דער קוה, און געוויינט אין איהר.

ווען דער ליטוואק האט זיין כלה אבגעפיהרט, האט חנה געפונען ווי די גרויסע מויד איז געלעגען אין בעט און צו זיך צוגעטוליעט רחל'ען, ווי א הינדעל, געגלעט איהר איבער איהר זיידענעם שווארצען קאפ האאר און טרעהרען האבען גערונען פון איהרע אויגען אויף די שוועסטער'ס האאר.

6

די זונן האט זיך אנגעצונדען אין אן עק פון ניו יארקער הימעל, האט זיך איינציגווייז אראבגעלאזט אויף די הייזער, אנגעהויבען שוין צו קריכען און צו בעלעקען מיט איהר שטראהל דעם שטיינערדיגען ברוק. ווי זי וואלט געווען געזוכט די פייכטע וועגד אנצואווארעמען מיט איהר פריהלינגס־שטראהל. זי טריקענט אויס די פייכטע טהיר, וואס איז בעפאלען ביינאכט די שטיינער און מויערען, און פאלט אין א נאקעטער שויב אריין, וואס ווייזט זיך אין א פענסטער. זי גלענצט דארט מיט איהר ליכט, און זוכט עפעס צווישען די גראבע שווארצע טינט־בוכשטאבען פון די גרויסע רעקלאמעס אויף די וועגד, א גרין קאפ בליהעכטס ברעכט זיך ארויס פון די קנאספען פון א קאשטאן בוים וואס איז פערבלאנזשעט געווארען אין דער גאס. די זון קלייבט ארום די שטראהלען ביי דעם שטיקעל שווארצע ערד, וואס ווייזט זיך ארום דעם בוים, ווי זי וואלט איהר גאנצע ווארימקייט און מוטערליכקייט געוואלט אויסגיסען אויף דעם אפענעם ערד־מויל, וואס זי האט געפונען אין דעם צוגעשלאסענעם שטיינערנעם קאסטען פון די ניו יארקער גאסען.

ניו יארק שלאפט נאך, פענסטער זיינען פערהאנגען, געוועלבער זיינען פערמאכט, נור פון די עקען, פון די הייזער ארויס הויבען אן ארויסצושטראמען די ערשטע קופקעלאך מענשען. צומישט, איינציגווייז — נור באלד פון אלע לעכער, פון אלע גאסען, הויבען אן ארויסצושטראמען, ווי א גרויסער טייך, ארבייטער מיט פעקעלאך אונטער'ן ארעם. צוערשט זיינען זיי געווען שיטערע, איינציגע, נור באלד זיינען זיי אנגעקומען אין די מענגעס, ווי פלוצלינג ארייגעשטראמט, מען האט נישט געוואוסט פון וואנען זיי נעהמען זיך, פון וואנען זיי קומען.

פון די הייזער ארויס פון די עקען געסלאך האבען אנגעהויבען צו שטראמען טייכען מענשען וואס אמאל מעהר און מעהר. זיי האבען נישט קיין צייט געהאט צו בעשענקען די מארגען־זונן מיט איין בליק, און פערשוואונדען אין די לעכער פון דער ערד, אויף די בוידעמס פון די עלעווייטערס, אויף די קארס — זיינען זיי מיט אמאל געווארען צוגאסען, אקוראט ווי זיי וואלטען אלע איינגעזונקען אין דער ערד.

אין די לעכער טיעף אין דער ערד איז יעצט א גרויס בעוועגונג. ווי די הונגעריגע וועלף קומען צולויפען יעדען אויגענבליק ברענענדיגע

אייזען חיות און שלינגען איין זיך אין די מאסען מענשען און לויפען אוועק מיט זיי טיעף אין דער ערד אריין. עס יאגען זיך די מענשען ווי אם שנעלסטען איינצושלונגען צו ווערען אין די בייכער פון די אייזען חיות און אנטלויפען מיט זיי. פול אנגעשטאפט זיינען שוין די די וואגאנעס פון די עלעווייטערס מיט מענשען. עס גיסט זיך אבער נאך דער מענשען־שטראם אין דער פולער מאס, און די טויערען ווערען צוגעהאקט און זיי מוזען איבערבלייבען ווארטען אויף די אנדערע אייזען־חיות, וואס וועלען קומען ארויסצולויפען פון די טונקעלע לעכער פון דער ערד. דאס סאפען און ברומען פון די חיות הערט מען שוין פון דער ווייטענס. די וואגאנעס זיינען איבערפילט. אויסגעמישט איז די מענשהייט, יוגענד און אלטקייט, אזעלכע, וואס שטעהען ביים ראנד פון גרוב און אזעלכע, וואס הויבען ערשט אן צו לעבען, אלטע, אויסגעלאשענע אויגען אין געזיכטער פון ווייבער און מענער, און יונגע ציטערענדע מיט פרישקייט דורכגעהויכטע פנים'ער און האאר פון אינגלאך און מיידלאך — נור דא איז דאס פלייש, דאס מענשליכע טייג געווארען גלייך. אלעמען האט די אייזען־חיה געהאט אין איהר בויך און אלעמען האט זי געטראגען מיט דעם זעלבען סאפען צו דער ארבייט, טייל האבען נאך דא פערענדיגט זייער ביסעל מארגען־שלאף, וואס איז איבערגעריסען געווארען פון וועקען צו דער ארבייט. אויף א טייל געזיכטער האט נאך געשוועבט דער שמייכעל פון זיסער צערטליכקייט, וואס זיי האבען גענאסען אין דער נאכט... נאך א טייל געזיכטער זיינען נישט געווען אבגעוואשען פון די קושען און פון די צערטליכע געפיהלען..

נור די מייסטע געזיכטער זיינען דא געווען קאלטע און ערנסטע, די מייסטע אויגען אויסגעלאשענע און גלייכגילטיגע, ווי דאס אייזען פון די ווענד, אין וועלכע זיי זיינען געפאהרען.

אין איינעם פון די פיעלע וואגאנעס זיינען אויך געווען אריינגעקנאטען די דריי שוועסטער, ראזע, חנה, און רחל'ע, וועלכע זיינען געפאהרען צו דער ארבייט. דער ליטוואק מיט חנה'ן זיינען געפאהרען ווייטער, זיי האבען געדארפט אפ־טאון, און ראזען מיט רחל'ען האט די אייזען־חיה אויסגעשפיגען מיט נאך א סך מענשען אויף 42טע סט., וואו זיי האבען געארבייט. אז זיי זיינען ארויס פון סטיישאן, האבען זיי בעמערקט שלמה'לען, דעם הפקר־יונג, וואס האט זיי שוין דא אבגעווארט.

— וואס טהוסטו דא ? דו דארפסט דאך נאך פאהרען נאך ווייטער.

— עס איז אזא שעהנער טאג. די זונן שיינט, די ערשטע פריה־לינגס־זונן, מיר גלוסט זיך נישט היינט געהן צו דער ארבייט. ווייסט איהר וואס, קומט נאר, מיר וועלען שפאציערען אין סענטראל פארק, עס איז א פראכטפאלער טאג, שאד אוועקצוגעבען אזא טאג צו דעם שאפ — הויבט זיי אן שלמה'לע איינצורעדען.

— אהא, שלמה איז שוין דא, ווילסט אונז ווייטער בעלעמוטשען, ניט געהן צו דער ארבייט. דו הפקר־יונג — לאכט די גרויסע מויד.

— וואס פערדיענט איהר דעם היינטיגען טאג, צוויי דאלאר, אט האט איהר די צוויי דאלאר און פערקויפט איהם מיר — זאגט שלמה — קומט וועלען מיר זיי אין איינעם אויסגעבען.

— נו, לאמיך זעהן — זאגט די עלטערע און איז שוין גרייט מיט־צוגעהן, באלד אבער כאפט זי זיך צוריק : — איך בעט דיר, שלמה'לע, בעלעמוטשע אונז נישט, מיר קענען ניט זיין אזוי הפקר, ווי דו. לאז אונז געהן צו דער ארבייט.

— זעהט, ווי דאס ציהט צו דער עבודה־זרה. איהר ווייסט, אז דער „שאפ" טהוט כשוף, אז קוים קומט מען אריין אין איהם, לאזט ער שוין נישט ארויס פון זיינע הענד. זעהט, ווי עס ציהט זי צו דעם „שאפ", זעהט, זעהט — ווייזט ער אויף ראָזען, וועלכער עס האט ווירקליך גע־צווינגען צום שאפ : זי האט נישט געקענט מעהר מיט געהן ביז צו דעם הויז, אין וועלכען זי האט געארבייט. קוים איז זי געקומען צו דעם הויז, האט זי קיין טריט נישט געקענט שטעלען ווייטער — עפעס א אינערליכע פליכט האט זי ארומגענומען און איהר נישט געלאזט אבטרעטען פון הויז, זי האט זיך געדרעהט, געדרעהט, געקוקט אויף די זונן, אויף די גאַ־סען און גערעדט :

— יא, דו האסט רעכט, שלמה, מען דארף נאר דעם היינטיגען טאג אוועק'גנב'ענען, נישט אבגעבען איהם אין שאפ, שפאצירען געהן. קום שלמה, אין סענטראל פארק, כאפט עס דער שווארץ יאהר.

נור קיין טריט האט זי נישט געקענט טהאָן פון הויז.

— איהר רעדט דאך נור מיט'ן מויל — לאכט שלמה — אבער אין הארץ זייט איהר דאך צוגעבונדען מיט אייזערנע קייטען צו דעם שאפ, געהט שוין, שקלאף, געהט שוין צו אייערע צוויי דאלאר, צו דעם אבגאט, געהט שוין — זאגט שלמה.

— יא, א פּנים דו האסט רעכט, מען איז צוגעבונדען מיט אן אייזערנער קייט צו דעם „שאפּ" — האט די עלטערע געזאגט מיט א שמייכעל. זי האט יעצט געקלעהרט וועגען רענט, וואס זי האט צו צאהלען, ווארים דאס „הויז", וואו די שוועסטער האבען געוואוינט, האט געפּיהרט די עלטערע, און ארייגגעהענדיג צו דער ארבייט, האט זי נאכגעשריען שלמה'ן :

— פארפיהר נישט רחל'ען, לאז זי געהן צו דער ארבייט, כ'האב מורא, זי וועט דעם פּלאץ פערלירען. יא !

אָבער אין רָאזע'ס טאָג איז געווען צו פיהלען, אז רחל'ען האָט זי נישט געוואלט שיקען צו דער ארבייט אין דעם ערשטען פריהלינגס־טאג. און די שאפּ מויד איז פערשוואונדען אין דעם שטיינערנעם קאסטען אריין.

---

## 6.

אז שלמה'לע איז געבליבען מיט רחל'ען אליין, האט ער זי אנגעהויבען צורעדען, אז זי זאל געהן מיט איהם אין סענטראל פּארק. מיט איהר האט ער נישט געהאט קיין סך צו ארבייטען.

דער הפקר־יונג איז געווען א פרייער גייסט, וואס קיין זאך איז איהם נישט געשטאנען אין וועג און אלעס איז געווען פריי און אפען פאר איהם. איז קיין זאך האָט ער נישט געגלויבט, שוין פון זיין יוגענד האָט ער פערלארען די אמונה אין גאט. דער פאטער זיינער איז דוקא געווען אַ איד אַ למדן, וואָס איז געזעסען יום ולילה און געלערנט און קינדער געהאט, קינדער אהן א שיעור אויף דער מוטער'ס רעכענונג, וועלכע האט געמוזט טראגען און געבוירען, און נאך זיי געמוזט מפרנס זיין ; זי איז ארומגעלאפען גאנצע טעג איבער די הייזער, מיט אייער און פוטער געהאנדעלט. זיין מוטער'ס ליידען און פּלאגעניש האט ביי דעם קינד איינגעפּלאנצט א שנאה צו זיין פאטער, וועמעס לערנען און פרומקייט ער האט נעהאלטען פאר עגאאיזמוס. און אויך א שנאה צו זיין גאט, וואס פערלאנגט גאר נישט, נאך זיין מיינונג, פון מענשען, נור מען זאל לערנען און דאווגען צו איהם א גאנצען טאג. די שנאה צום פאטער האט איהם געבראכט באלד צו קאנפליקט מיט זיין פאמיליע, וועלכע ער

האט פריה פערלאזט, און פון דענסמאל אבגעריסען יעדע בעציהונג מיט זיין משפחה, אזוי אז עס ווייסט ניט איינער פון צווייטען'ס לעבען און עקזיסטענץ. פון קליינערהייד אן איז ער געווען באלד אנגעוויזען אויף זיך אליין, ארומגעוואלגערט זיך אין ווארשא, אין לאדז, אלס משרת, אלס ארבייטער ביי קליין פאבריקאציע, ביז עס האט איהם דער מזל ענד־ליך פערטראגען קיין אמעריקא. דא איז ער אריינגעפאלען ווי אין א ים אריין. יעדער מענש איז פאר זיך אליין, און יעדער געהערט צו זיך. ער האט זיך אויסגעלערענט א מלאכה, גאלדשמידעריי, און קען אפילו גוט פערדיענען, ווען ער וועלט געארבייט, וויל ער נישט. בעלעמוטשעט פיעל טעג אין דער וואך. ער האט ניט פאר וועמען און קיין זאך בינדעט איהם ניט צו. דער סם פון פערביטערקייט, פון אונגלויבען, וואס האט זיך אריינגעגעסען אין זיינע ביינער פון קליינערהייד אן, האט איהם שוין ניט גלויבען געלאזט אין קיין זאך, אין קיין מאראל. ער האט זיך צוערשט געהאט צוגעשלאגען צו די סאציאליסטען. נור קיין מאל ניט געגלויבט אין דער צוקונפט, אין דעם קומענדען סאציאליסטישען שטאאט. אויך דענסמאל וועט זיין שלעכט, קיינמאל וועט נישט בעסער זיין. פון די אנארכיסטען האט ער גענומען זיין טעאריע, אז יעדער רעגיערונג, אין וואס פאר א פארם זי זאל ניט זיין, איז שלעכט. אבער ער האט נישט געגלויבט אין די נאטירליכע גוטסקייט, אין יושר, וואס ליעגט אין מענשען'ס הארץ פון דער נאטור אויס. ער האט אין גאר נישט געגלויבט, און קיין ליכט נישט געזעהן אין דער צוקונפט. דאס האט איהם פריי געמאכט זיינע הענד, און ער איז גרייט געווען אויף אלעס. פאר קיין זאך נישט מורא געהאט. קיין זאך האט איהם נישט צוגעבונדען צום לעבען און ער איז שטענדיג גרייט געווען צו לאזען זיך אויף גאט'ס חסד אין די ברייטע וועלט אריין. עס האט איהם נור ארומגענומען א גרויס קנאה צו די נגידים, וואס האבען די מעגליכקייט צו געניסען פון דעם לעבען, ווארים ער האט געוואוסט, אז דער מענש איז נור צו דעם דא, כדי צו לעבען און אויסצוניצען זיין גאנצע מאכט צו געניסען פון דעם לעבען, און קיין זאך נישט דורכצולאזען. אבער זיין לעבען האט איהם וועניג וואס געקענט בעפריעדיגען. יעדען טאג האט ער צוערשט געמוזט קויפען מיט א טאג ארבייט. ער האט מקנא געווען די אלע, וואס שטעהן ביים פענסטער פון לעבען און קוקען דע־רינען אריין דורך דער שויב — ער שטעהט ביי דער שויב אויך נישט.

די קנאה האט איהם געבראכט צו שנאה — ער האט אנגעהויבען פיינד צו קריגען, פיינד געהאט די רייכע, נור נאך מעהר די ארימע, וואס זיינען אליין אזוי ארים און אונגליקליך, ווי ער, און גלויבען אין א בעסערע צוקונפט, אין א „סאציאליסטישען שטאאט“ — וואס וועט שוין זיין, אז עס וועט שוין ווערען איינגעפיהרט דער סאציאליסטישער שטאאט? — האט ער גע'טענה'ט מיט זיינע חברים, די סאציאליסטען, ביי דער ארבייט. דענסמאל וועלען אלע מענשען ארבייטען, נור מ'וועט ארבייטען אנשטאט ניין שטונדען „דריי שטונדען“, און דריי שטונדען איז יא גוט צו ארבייטען דענסמאל, ווען עס ווילט זיך נים? וועט עס נישט זיין א פערגוואלדיגונג פון'ם ווילען?

אבער אויך איהם האט דאס לעבען געלא/ט אריינזעהן דורך די שפאלטען, און ער האט דערפיהלט דעם טעם און דעם אינהאלט דערפון וואס גיט דעם מענשען דעם כח און מוטה אויסצוטראגען אלע צרות און פורעניות פון לעבען. דער טעם פון זיין לעבען איז געוועזען רחל'ע. יא, דורך איהר וואלט אפשר אויך דער הפקר־יונג געקענט זיך איינקני־פען אין דעם געשפאן פון דער וועלט, און מיט אלעמען צוגלייך שלעפען דעם וואגען. ער האט פערקעהרט צו דער הויז פון די מיידלאך, וואס ער האט נאך געקאנט פון ווארשא. ווען די אינגערע שוועסטער, רחל'ע איז געקומען, האט זי אויף איהם אן איינדרוק געמאכט. האט ער זי גע־ליעבט? — איז דען דא ליעבע אויף דער וועלט, וואס דער מענש טהוט עס נישט פאר זיך, פאר זיין איינגעליעבע, ניצליכקייט? קען זיך דער מענש אוועקשטעלען נישט נור בלויז פאר זיך, פאר רוהם, פאר חלק לעולם הבא — נור אהן אייגענגוץ? און דאך פאר רחל'ען וואלט ער דאס געקענט. פאר איהר, האט ער געפיהלט, וואלט ער געטהאן אלץ, אוועקשענקען זיך איהר, גאר נישט, גאר נישט דערפון צו געניסען. דורך דעם טאקי האט ער זי נישט געוואלט ליעב האבען. וואס וועט זי האבען פון זיין ליעבע? וואס קען ער איהר געבען? אפשר פיהרען אויך אזא ליעבע ווי דער „ליטוואק“? ער זאל ארבייטען פון איין זייט, זי פון דער צווייטער זייט? פערשפארען דאס עסען פון מויל, אוועקלעגען א סענט צו א סענט, ביז עס וועט זיין א דירה צו דינגען און א דיינינג־רום זיך איינצוארדנען? דערנאך, ווען עס וועט שוין זיין די דירה מיט דער דיינינג־רום, וועלען זיי חתונה האבען, און ער וועט ווידער געהן אין שאפ און זי וועט געהן אין איהר שאפ. אין אבענד וועלען זיי זיך טרע־

פען אין אַ רעסטאָראַנט, וואו זיי וועלען סאָפּער עסען און ווידער סייפען אַ סענט צו אַ סענט, אנזאַמלען אַ פּאָר דאָלאַר, ביז דאָס ערשטע קינד וועט קומען, דאַן וועט זי שוין זיצען אין דער היים אויף „צרות" און שטענדיג טענות האָבען צום מאַן, אַז ער פערדיענט ווייניג. אין אַ שעה־נעם טאָג וועט ער זי איבערלאָזען און אנטלויפען, און זיין „פּיקטשור" וועט שטעהן אין „פאָרווערטס" אין דער „גאַלעריע פון פערשוואונדענע מענער". צי ווערט נישט דאָס הייליגסטע געפיהל צוטרעטען ביי אַזאַ לעבען? קען דאָ צווישען דערינען אריינקומען דאָס געפיהל פון ליעבע, פון אויפאָפּפערונג פאַר'ן צווייטען, און נישט פון אייגעננוץ, פון בע־האַלטענעם עגאָאיזם?

א, אַלעס וואָלט ער געוואָלט זאָל געשעהן. אָבער נישט די וואַ־כענדיגקייט, די ניכטערקייט פון טרויעריגען לעבען — וואַרים צו רחל'ען האָט ער געהאַט דאָס געפיהל פון אויפריכטיגער פריינדשאַפט. פאַר וואָס, ווייס ער נישט, אפשר איהר אונבעהאָלפענקייט, די אונשולד און דער חן, וואָס ליגט אויף איהר פנים, און אפשר די שטילע מוזיק, וואָס שפּיעלט ארוים פון די בעוועגונגען פון דעם קינד, האָט איהם געריהרט. ער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל איהר גוט זיין, איהר אַליין, אָהן אייגענ־ליעבע דערביי.

ער האָט זי מיט געוואָלט אָבגערעדט פון צו געהן אַרבייטען אין דעם הערליכען פריהלינגס־טאָג. „זעהסט" זאָגט ער, „איז אייך דען ניט אַ שאָד די זונן און די לופט, און אַזאַ יונגען, יונגען טאָג, וויפיעל טעג וועט איהר האָבען אין אייער לעבען אַזעלכע? זעהר ווייניג, זעהר ווייניג, קומט מיט מיר, איך האָב נעכטען אָבגענומען ווייידזשעס, מיר וועלען גע־העז אין די גאַסען, אין סענטראַל פּאַרק, מיר וועלען לעבען היינט, מיר זיינען די שררות, מיר זיינען פון די פינפטע עוועניו — קומט.

דאָס מיידעל האָט זיך ניט געשטעלט שטאַרק אנטקעגען. זי האָט דערשפּירט אין איהם וואַרימע פריינדשאַפט, און זי האָט איהם גערן געהאַט — זיינען זיי ביידע אוועק אויף די פינפטע עוועניו — צו סענט־ראַל פּאַרק צו.

די גאַס האָט ערשט אנגעהויבען צו ערוואַכען. פון די אָבגעשלאָ־סענע הויפען האָבען זיך ארויסגעלאָזט איינצעלנע עלעגאַנטע קאַטשען אין רייך געשפּאַנטע פערד, מיט קעלנערס פון פאָרענט און געלאָזט זיך צום סענטראַל פּאַרק. אַן עלעגאַנטע דאַמע מיט אַ הערר האָבען זייער

הויז פערלאזט און געמאכט א מארגען שפאציער — א לאקעי איז פון הינטען זיי נאכגעגאנגען, נאכטראגענדיג זיי זייער פלעט, אדער א לאקעי האט געפיהרט אן אלטען געלעהמטען הערר אין אן אינוואליד־שטול. די מעהרסטע געשעפטען זיינען נאך געווען געשלאסען. עס האבען זיך אנגעהויבען צו עפענען די גרויסע בלומען־סטארס. פון די אפענע טהירען האט זיך ארויסגעריסען דער געשמאק פון די בלומען און ארכידעען־ריחות, וואס האט זיך אנגעזאמעלט דורך א גאנצע נאכט; די סטרוזשעס זיינען פאר די טהירען געשטאנען און מיט גרויסע שפריצערס די טראטוארען און די שטיינער געוואשען, און ברייט און אפען האבען ענטוויקעלט די קאשטאנען־בוימער זייער בליהעכץ, געהילט דעם טראטואר אין דעם שאטען פון זייערע צווייגען. פון די פענסטער האבען ארויסגעקוקט טייערסטע ווענעציאנער שפיצען און איבער דער ברייטער גאס פון די גבירים האט געשוועבט א רוהיגע, שטילע יום־טוב שטימונג.

זיי האבען זיך אבגעשטעלט פאר אן עלעגאנטען מאגאזין, וואו עס זיינען געווען ארויסגעשטעלט די נייעסטע מאדעלען פון דאמען קליידער פון דער פאריזער מאדע, בעפוצט זיינען געווען די זיידענע שטאפען מיט טייערע שפיצען, און די איידעלע ארבייט פון די שפיצען האט אויסגעדריקט דאס לעבעדיגע, דאס ווייבליכע אויף דער גלעזערנער טויטער ברוסט פון דער פופע, וועלכע איז געווען בעקליידעט דערמיט.

דאס מיידעל האט זיך איינגעקוקט צו די קליידער און האט זיי מיט די אויגען אויפגעגעסען. שלמה האט עס בעמערקט און געזאגט צו איהר:

— רחל׳ע, איך וויים, אז אייך קומען גיכער די קליידער, ווי זיי אט דא, אז איהר פאסט דא אהער, דא האט איהר געדארפט וואהנען און לעבען. כ׳לעבען, איהר בעדארפט עס מעהר פאר זיי, און איהר פיהלט די בעדערפעניש גיכער פון זיי. זעהט, ווי זיי קליידען פופען מיט אזעלכע שטאפען און לעבעדיגע, פיהלענדע קינדער מוזען געהן זייער שעהנקייט, זייערע לייבער און פנים׳ער אוועקגעבען דעם שאפ, אז זיי זאלען האבען זייער שאנד צו פערדעקען. זיי מוזען קויפען זייערע אויסערליכע פון מענשען געמאכטע קליידער מיט דער שעהנקייט, וואס די נאטור האט זיי געשאנקען.

— פאר וואס רעדט איהר אזוי צו מיר?

— ווייל עס טהוט מיר וועה, רחל'ע וואס מיר, איהר מוזט לעבען אין אזא פינסטערען לאך אויף די 5טע סטריט, צווישען קליינע, שטינקענדע קרעמלאך און יאטקעס. ניין, ניט אייך דארף קומען דארט צו לעבען, די שטילע, זינגענדע רחל'ע מיט איהרע שטילע בעוועגונגען און שווארץ פאלענדיגע האאר דארף לעבען אט אין דער שטילקייט ארום. נישט זיי זיינען פארלעצעס, וואס זיי לעבען אזוי, נור מיר זיינען פאר־לעצעס, הינד, קליינע קעץ, וואס מיר קענען נישט אזוי לעבען ווי זיי. אזוי דארף דער מענש לעבען, ווי זיי, אין דער שטילקייט מיט בלומען אין די הייזער, צווישען די גארדינען פון זיידענס און שפיצען, און מוזען צו הערען ארום, ווי אזוי זיידענס זאל רוישען אויף דיוואנען. זיי לע־בען ריכטיג, נור מיר לעבען נישט ריכטיג, און מיר דארפען טהאן אלעס מעגליכע — גנב'ענען, גזלן'ען, רויבען, אבי צו לעבען ווי זיי — ווייל די ערשטע פליכט פון מענשען איז מענשליך צו זיין. און אזוי ווי מיר זיי־נען, זיינען מיר נישט מענשליך, אזוי זיינען מיר הינד, ארימע חיות — זיי לעבען מענשליך און זיינען מענשליך און זיי קענען בעגעהן דערנאך אלע געמיינהייטען. מיר נישט, ווייל מיר זיינען ווערים.

— מיט אלע מיטלען, זאגט איהר, דארף מען זיך דערשלאגען צו דעם? — פרעגט איהם דאס מיידעל, קוקענדיג איהם אין די אויגען אריין — אפילו מיט דעם, ווי איהר האט נעכטען געהאנדעלט?

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— צו וואס האט איהר נעכטען דעם יונגען מאן ארויפגערופען? וואס האט איהר געמיינט דערמיט? — קוקט איהם דאס מיידעל אין די אויגען אריין.

— יא, מיט אלע מיטלען, רחל'ע.

— אפילו מיט דעם, וואס איהר האט געוואלט? צו וואס האט איהר ארויפגענומען דעם יונגען מאן? וואס האט איהר געמיינט דערמיט?

— איך האב געמיינט דערמיט גאנץ איינפאך. דער יונגער־מאן איז רייך, ער וועט זיך אין אייך פערליעבען. איהר וועט אין איינעם לעבען. ער וועט אייך קליידער מאכען און אייך האלטען, ווי אייך קומט עס.

— איהר ווייסט וואס דאס הייסט? איהר ווייסט? — שרייט אויס דאס מיידעל.

— רופט עס, ווי איהר ווילט. און אייער שוועסטער איז בעסער? אז אנדערע פערקויפט זיך צו א מענשען, צו א ווילען, צו א לייב, און זי

פערקויפט זיך צו א שאפ, צו א מאשין. יעדע זאך, וואס מען טהוט אהן ווילען און אהן צוועק, נור ווי א שטיק ליים, ווי א שטיק מאשין — נור דערפאר, וואס יענער בעצאהלט מיר און גיט מיר עסען דערפאר — איז עס פראסטיטוציע. און בעטראכט יעצט אייער שוועסטער. איך האב זי דאך געקענט פאר איינינגע יאהרען, ווען זי איז נאך אהער געקומען א פרישע, א יאהר אבגעוועזן אין שאפ — איהר פנים אוועקגעגעבען דעם שאפ, צוערשט די ליפען. זי זיינען איהר גראב געווארען און געשפאל־טען, דערנאך האט זי אוועקגעגעבען דעם שאפ די אויגען. גרויס זיינען זיי איהר געווארען און אויסגעלאשען, דערנאך די הענד מיט די פינגער — גראב זיינען זיי געווארען און אויסגעקרימט. דערנאך די פיס, דער־נאך דאס ליב, וואס איז איהר דין געווארען און שווערפעליג — אלעס האט זי איבערגעלאזט ביי דער מאשין אין דעם שאפ, אהן ווילען און אהן חשק — און פאר וועמען, צו וואס? אז אנדערע האט געלעבט מיט מענשען. זי האט געלעבט מיט א טויטע מאשין.

— הערט אויף, הערט אויף! — שרייט אוים דאס מיידעל און גרויסע, אונשולדיגע שרעקענדע טרעהרען שטעהען איהר אין די אויגען.

—און וואס מיינט איהר, מיט אייך וועט ניט זיין אזא סוף?—רעדט שלמה ווייטער. — די מאשין מאכט נישט קיין אונטערשיעד, א מעהר שעהן פנים'ל אדער א ווינציגער שעהן פנים'ל; געוועהנליכע גליעדער, בעשאפען פאר פיזישע ארבייט, אדער די גליעדער בעוועגען זיך אין א שטילען, זינגענדיגען ריטמוס — אלעס עסט זי אויף, אלעס איז פאר איהר „שאפ־פלייש". און ווען איך האב אייך דערזעהן צום ערשטען מאל אהיים קומען פון דעם „שאפ" און געטראכט מיר, אז די שווארצע צעפ, אז אט די ווייסע, נעטאקטע צייהן אייערע, אז אייערע שטילע קעניגליכע ברעהמען וועט אויפעסען דער שאפ, פון דעם וועט א תל ווערען — נו, האב איך מיר שוין געטראכט, גיב עס ליעבער א מענ־שען אוועק, נאך דערצו, ווען דער מענש בעצאהלט בעסער. און, אזוי ווי מיר דאכט זיך, געפעלט ער אייך אויך בעסער.

— איהר וועט אויפהערען?! אז נישט, לאז איך אייך שטעהן! — שרייט אוים דאס מיידעל.

— שוין, שוין, איך בין שוין פארטיג — שמייכעלט דער יונג.

זיי זיינען אריינגעקומען אין פארק אריין. דא איז שוין אלעס גרין געווען. א גאנץ אנדערע וועלט האט זיך פאר זייערע אויגען געעפענט;

די גאנצע ערד האט זיך אויסגעשפּרייט אויף היגלען און טהאלען אין א גרינעם, טונקעלען, פּייכט־בעטויטען טעפּיך, אויף וועלכען עס זיינען ארויסגעוואקסען געוואשענע, געשווירענע און צערטליך אבגעהיטע בוי־מעלעך, און גלייך, סימעטריש אויסגעשפּרייט זייערע גרינע בעוואקסענע צווייגען. שווארצע וועג־שטעגען, איינגעזעצט אין געשניטענע נאטיר־ליכע צווייגען־צוימען, האבען זיך דורכגעשניטען דורך די לענג און ברייט פון דעם גרויסען גארטען טעפּיך, אויף וועלכען יונגע לייט און יונגע מיידלעך, אנגעטהאן אין שווארצען, האבען אויסגעריטען אויף זייערע לעבעדיגע, גלאטע, שטארקע פערד. זיי האבען זיך ביידע אוועק־געזעצט אויף א באנק און בעטראכט די רייטער, וואס זיינען פערביי־געריטען אין דעם גרינעם מארגען. עס זיינען געוועזן א יונג פּאר, א בחור און א מיידעל, ביידע הויכע, אין שווארצען געקליידעט, האבען זיי געריטען אויף צוויי שווארצע פערד און אריינגעקוקט זיך איינס דעם צווייטען מיט ליעבע אין די אויגען אריין. די פערד, ווי זיי וואלטען גע־וואוסט, אז זייערע הערען ליעבען זיך, האבען זיך גענעהנט איינס צום צווייטען און געלאפען אין איין טאקט. רחל׳ע האט די רייטערס לאנג נאכגעקוקט, און צום סוף געזאגט:

— און פּאר וואס נישט חתונה האבען, שלמה? — האט זי איהם געקוקט אין די אויגען אריין, — ווי דער ליטוואק מיט חנה׳לען.

א מינוט האט זיך א ליכטעל אנגעצונדען אין די אויגען פון דעם הפקר־יונג, באלד איז עס פערלאשען געווארען, ער האט געמאכט מיט די הענד.

— נאך ערגער, רחל׳ע, נאך ערגער ווי דער שאפּ — ביי דעם שאפּ איז קיין געפיהל נישט פערלוירען געגאנגען, בלויז דער פיזישער לייב. דא ווערט דער געפיהל, אז עס געוועזן אזעלכער, פערברודיגט, צוטרעטען, פערשוועכט און בעשפּיגען פון לעבען. קוקט זיך גוט צו צו זיי — צום ליטוואק — אין א יאהר, אין צוויי — ער ארבייט אין זיין שאפּ, זי אין איהר שאפּ. און זיי עסען אין רעסטאראנט ביז דאס קינד וועט קומען און דאן — וועט דאס לעבען זיי פאר שונאים מאכען. ניין, רחל׳ע דו זעהסט אט זיי — ווייזט ער אויף די רייטענדע אין גארטען — זיי לעבען דאס ריכטיגע לעבען, אזוי דארפען מענשען לעבען. פאר זיי איז בע־שאפען ליעבע און גליק — אלעס פאר זיי, ווייל זיי קענען עס אבהיטען — דער ליטוואק וואלט דא געוועזן, וואלט ער זיי געשאלטען, פּרעטענזיעס

געהאט צו זיי, וואס זיי געהן נישט ארבייטען. איך נישט. וואס טהוען זיי שלעכטעס ? אזוי דארף טאקי דער מענש לעבען. צו רייטען שפא־צירען מארגענס צווישען גראז און בוימער, חתן־כלה־פאר דארף זיך דורכרעדען אויף די פערד צווישען גרינס, נישט צווישען יאטקע־קלעצער. זאלען מיר האבען פרעטענזיעס צו אונז, און מיט אלע מעגליכקייטען צו דערגרייכען דאס מענשליכע — איז די פליכט פון מענש, איז דאס מענשליכע, אויף וואס פאר אופנים, איז אלץ איינס.

דאס מיידעל האט שוין שטיל געשוויגען די גאנצע צייט און גע־לאזט איהם זיך אויסריידען.

---

### 7.

דער גרויסער זאל איז געווען האלב בעלויכטען, א געלבעס פער־נעבעלטעס ליכט איז געפאלען פון די זייטען באלקען און די יונגע פאר־לעך האבען זיך געקענט בעהאלטען אין האלבען שאטען ביי זייערע טרינק־טישלאך ארום די ווענד. די מוזיק האט געשפיעלט דעם נייעס־טען מאדערנעם „שיבער"־טאנץ פון פאריז, וועלכער איז געווען אנגע־זאפט מיט א רוהיגער טיעפער אויסגעלאסענער תאוה. צום טאקט פון דער מוזיק האבען זיך בעוועגט אין דעם גרויסען זאל יונגע טאנצענדע פארלאך. די יונגע איידעלע גליעדער, געהילט אין זיידענס און שפיצען, צוגעפרעסט איינס צום צווייטען אין א קראמפפהאפטער ליידענשאפט, האבען זיך בעוועגט ליכט און שטיל ווי די טענער פון דער מוזיק. די שלאנקע קנאכענדיגע אמעריקאנער האבען געהאלטען די יונגע מיידלאך אוים אלע נאציאנען פון דער וועלט — ווי פולע בעכערס מיט וויין נאהנט צום מויל, נור מעהרסטענס האבען דא געטאנצט מיידלאך מיט מיידלאך. עס האבען געשוואומען די ליכטע יונגע לייבער און געקוקט זיך אין די אויגען מיט האלבגעעפענטע פער'חלש'טע מיילער, און זיך בעוועגט, אין דעם פער'שכור'טען תאוה'דיגען עקסטאז. עס האבען זיך ארויסגעקושט די איינצעלנע גליעדער אוים דעם זיידענס פון דעם פער'־שכור'טען טאנץ — די ליכטע ווינדיגע הענד, די געטאקטע עלפענביי־נערנע פים, בעצויגען אין די זיידענע ווי אויסגעגאסענע זאקען. די זיעגענדע בעוועגונג פון אקסעל און די ציטערנדע ווי פריש מארגענדער

טהוי בריסטען און האלז אלין האט זיך בעװאויגען, געזונגען ווי לייכטע שוימענדע װעלען אויף א קלארען דורכזיכטיגען טייך אין דעם פערשכור'טען געלבען ליכט. דא האבען זיך די מיידלאך געגעבען אין גאנצען, פאר קיינעם איז זיך ניט געװען וואס צו שעמען און צו בעהאלטען. די יוגענד האט זיך ענטבלױזט פאר דער יוגענד — און עס האט זיך געדאכט, ווי די נשמות פון די מיידלאך װאלטען פון זייערע טיעפעניש ארויסגעגאנגען און האבען זיך געהויבען אין דעם געזאנג פון זייערע שטילע לייכטע טריט...

אין א ווינקעלע ביי א טישעל איז שוין געזעסען רחל'ע און שכור פון געזאנג און טאנץ האט זי מיט בענקענדע גליהענדע בליקען און פערחלש'טע אויגען געקוקט אויף דעם יונגענמאן, וואס איז געזעסען נעבען איהר. איהרע שווארצע האר זיינען געפאלען אויפ'ן רונדען פולען האלז און האבען היינט מעהר געפערילט זיך ווי אן אנדערס מאל; איהרע ליפען, אזוי פול און אזוי רויט ווי די ווייטרויבען אין דער ווארעמסטער זונן, האבען זיך ארויסגעבויגען פון איהר ווארעם מויל, ווי א לעכצענדע דורשטיגע בלום... עפעס וואס איז אויפגעװאכט געװארען אין דעם מיידעל — און די ערוואכונג האט ארויסגעקוקט פון איהרע גרויסע בעטרערטע אויגען — עס איז געװען ווי א ווארימער פריהלינגס־ווינד װאלט דורכגעגאנגען דורך די שווארצע בעאקערטע ערד.

דער יונגער מאן האט געקוקט אויף איהר. אין איהרע יונגע אויגען איז געלעגען א צער און א בענקשאפט, א צער און א ליידענשאפט, און ער האט רחמנות געקריגען אויף איהר, ווי מען קריגט רחמנות אויף א יונגען בליהענדען בוים. ער האט זי געקיהלט מיט זיין בליק — און ווידער האט זי זיך געדריקט צו איהם און זיי זיינען ארויס אין דעם זיעגענדען טאנץ. אויג אין אויג, ליפ אין ליפ האבען זיי זיך בעװאויגען און איינגעוויעגט אין דעם פער'שכור'ענדען טאנץ. און איהרע גליעדער האבען אנגעהויבען אין דעם טאנץ אויסצואוויקלען זיך און צו ערוועקען ווי אויס א שלאף ארויס... קיין איין ווארט האבען זיי נישט געדערט צווישען זיך. עס איז ניט געװען קיין ווערטער — עס איז געװען א געזאנג — וואס האט ארויסגעזונגען צווישען זיי. זיי האבען זיך געקוקט טיעף אין די אויגען אריין, און זי האט ארויסגעזונגען מיט דעם בליק דאס געזאנג פון דער יוגענד.

אז זיי זיינען צוריקגעגאנגען צו זייער טישעל, האט דאס מיידעל גע־וואלט טרינקען.

האלב מיט געוואלט האט ער ארויסגענומען פון איהר האנד די גלע־זער וויין, וואס זיינען געשטאנען אנגעגאסען. ער האט מורא געהאט, אז דאס מיידעל איז שוין שכור פון געזאנג און טאנץ, זאל זי ניט אנ׳שכור׳ן זיך מיט וויין — און עס זאל ניט ווערען קיין סקאנדאל. ער האט זי צוגערעדט אהיים צו געהן. ער האט זי דערמאהנט, וואס ער האט צוגעזאגט איהר שוועסטער, אז ער וועט זי ברענגען פאר עלף. דאס מיידעל האט נישט געוואלט אהיים געהן. זי האט געוואלט טרינ־קען און טאנצען און שרייען און זינגען הויך. ער האט זי ארויסגעפיהרט אויף דער פרייער לופט — ער האט יעצט גאר ניט מעהר געפיהלט צו איהר נור רחמנות און ליעבע, רחמנות, וואס מען האט צו א יונגען בליהענדען בוים, ווען ער הויבט אן ארויסצוגעבען זיינע ערשטע בלי־טהען. ער האט זי אריינגעזעצט אין א דראזשקע און געהייסען אהיים פאהרען אויף דער 5טער סטריט. אין דער טונקעלער דראזשקע האט זיך דאס מיידעל נעגאסען צו איהם, ווי עס גיסט זיך א פריהלינגס־רעגען אויף שווארצע ערד, זי האט געקושט ציטערדיג זיינע ליפען, זיינע אויגען, האר און הענד, און געבעטען זיך און געוויינט: „טהו מיר ניט קיין שלעכטס, טהו מיר ניט קיין שלעכטס“. און זי האט זיך געטוליעט צו איהם ווי א טוליפאן צו דער ערד, אין איהרע הייסע קושען און די קיהלע האר זיינען געפאלען ווי וואסער איבער זיינע הענד...

אז זי איז שוין געלעגען אין איהר בעט אויף דער פינפטער סטריט, איבערגעצויגען די קאלדרע איבער׳ן קאפ און פערזונקען געווען אין א לויכטענדען נעפעל, וועלכער האט פערצויגען איהרע חושים, האט זי פלו־צים דערפיהלט, ווי א קאלטער קערפער דריקט זיך צו איהר וואַרעם לייב. זי האט זיך מיט שרעק אומגעקוקט און דערזעהן די גרויע אויגען פון איהר עלטערער שוועסטער, וועלכע האט זי פעסט ארומגענומען, גע־קושט איהר און געבעטען זיך ביי איהר מיט א רחמנות׳דיגען שמייכעלע:

— דערצעהל, רחל׳ע, וואס איז דארט געווען. געווען עפעס אינ־טערעסאנט? — דערצעהל, רחל׳ע.

זי האט זיך אבגערוקט פון איהר שוועסטער אין א ווינקעל, איינגע־וויקעלט זיך אין דער קאלדרע, ווי זי וואלט מורא האבען, אז די שוועס־טער זאל זי ניט אנריהרען מיט איהר לייב — און ווידער אריין אין

איהר לייכטענדען וואלקען. די שוועסטער האט געקוקט אויף דעם קנויל אונטער דער קאלדרע און דערשפירט שוין דעם סוד, אין וועלכען די שוועסטער איז אריין, און זי שטעהט פון דרויסען...

---

.8

דאס מיידעל האט זיך געענדערט, האט אנגענומען גאר א גאנץ אנ־דערען אויסדרוק. צי האבען זי די קליידער אנדערש געמאכט? די קליי־דער אויך, נור נאך עפעס. זי איז געווען פערהויילען ווי אין א סוד און קיינעם נישט אריינגעלאזט צו זיך.

אמאל אין א זונטאג ווען מען ארבייט נישט, איז זי אהיים געקומען אין א נייעם קאפעלוש און א נייעם מאנטעל, גאר גאנץ איינפאכע, אזוי אבער צוגעשניטען און אויפגענעהט, אז דאס מיידעל האט אויסגעקוקט אין דער בעקליידונג איידעלער, שטילער. עס האבען זיך ארויסגעוויזען איהרע גרויסע אויגען און די שווארצע געבויגענע ברעמען — דאס ליכט פון דער הויט און די בעוועגונגען איהרע דורך דעם לייכטען זיידענעם שטאף זיינען לייכטער געווען און ריטמישער. די שוועסטער האבען זיך געפרואווט אנצוטהאן איהר קליידונג און געקוקט אין שפיגעל אריין און האבען זיך ניט דערקענט. דער עלטערער מויד האט זיך אויסגע־וויזען, אז זי איז פיעל אינגער געווארען און לעבעדיגער, אז די קנייטשען ביים מויל און די אויגען זיינען פערשוואונדען, און זי האט געזאגט צו חנה׳לען, צום ליטוואק׳ס כלה, אויף וועלכער זי איז זעהר בייז געווען, ניט פערשטעהענדיג אליין פארוואס: — זאג דיין ליטוואק, זאל ער דיר אויך קויפען אזא קאפעלוש מיט א מאנטעל.

חנה׳לע אבער האט זיך געפיהלט צייט רחל׳ע האט אהיים געבראכט די נייע קליידער גאר ניט בעקוועם. דאס איז איהר געווען אונאנגענ־נעהם, און זי האט אנגעהויבען חושד צו זיין, אז דער קאסטיום און קאפעלוש, וואס רחל׳ע טראגט, זיינען ניט פון א געוועהנליכען סטאר, וואו זי זאל האבען געקויפט אויף אויסצאהלען, ווי די עלטערע שוועס־טער האט דערצעהלט. זי האט יעצט געלאזט מערקען די שוועסטער, אז זי ווייסט פון וואנען דאס שטאמט, און האט אבגעענטפערט אויף דער עלטערער׳ס רייד:

— מיין ליטוואק האט ניט קיין לייכט געלד ווי אנדערע. ער מוז שווער ארבייטען.

האט רחל'ע ניט פערשטאנען, וואס די שוועסטער מיינט, איז זי ארויס מיט א שטראם טרעהרען און די עלטערע האט זיך אנגענומען איהר קריוודע:

— וואס מיינסטו דערמיט, וואס האסטו געזאגט?

האט חנה'לע אנגעהויבען צו וויינען, דערזעהענדיג רחל'עס טרעה־רען, און איז ארויפגעפאלען אויף איהר און זי אנגעהויבען צו קושען און זיך געבעטען, אז זי האט גאר ניט געמיינט.

און די עלטערע האט געשאלטען און געשריען:

— זי מיינט, אז זי האט דעם ליטוואק, האט זי די וועלט אוועקגע־נומען.

האט חנה'לע זיך ניט געמאכט הערען. נור באלד האבען זיי זיך אלע איינגעשטילט, זיי האבען דערהערט טריט אויף די טרעפען און עס איז געווען די צייט, ווען דער ליטוואק קומט צו געהן. איז רחל'ע אריין צו זיך אין צימער, די שוועסטער האבען זיך אוועקגעזעצט און גע־ווארט אויפ'ן ליטוואק. נור דער ליטוואק האט זיך היינט ארומגעקוקט מעהר זאנדערבאר ווי אן אנדערס מאל און געפרעגט, וואס איז די מעשה, וואס מען זעהט דעם הפקר־יונג, שלמה'ן, שוין אזא צייט ניט ארויפקומען. האט די עלטערע שוועסטער געענטפערט, אז ער איז פער־פאלען געווארען און מען ווייסט ניט וואו ער איז. נור עס איז אזוי זיין געוואוינהייט — ער ווערט מיט אמאל ניט. ער ארבייט אודאי. האט דער ליטוואק איבערגעפרעגט: אזוי? און שטיל געשוויגען, און חנה'לע איז היינט געווען מעהר צוגעלאזט צום ליטוואק, ווי אנאנדערס מאל, האט געקוקט אויף זיין גרויסען פליך מיט ווענינגער אונרוהיגקייט און איז געזעסען נעבען זיין האנד און געשמייכעלט איהם אין די אלטע ראמען פון זיינע אויגען, און איז עפעס שטאלץ געווען אויף איהם. נור דער ליטוואק איז היינט זעהר מאדנע, און פרעגט וואו איז רחל'ע, — ער האט זי שוין ניט געזעהן א לאנגע צייט. ענטפערט מען איהם, אז רחל'ע איז דערינען אין צווייטען שטיבעל, האט קאפ־וועהטאג. בע־רוהיגט ער זיך נאך נישט, אין גאנצען ווערט ער ערנסט, און הייבט אן צו רעדען זעהר ערנסט:

— עפּעס־וואס קומט פאר לעצטענס ביי אייך אין שטוב, איך ווייס ניט וואס, נור מיר געפעלט עס ניט, איך האב אפילו ניט דאס רעכט זיך ארייננצומישען אין אייערע זאכען, נור איך מוז דאך אייך זאגען, אז אט דער איינפלוס פון דעם אנארכיסטעל אט דא איז ניט גוט.

— וואס מיינט איהר דערמיט ? — פרעגט די עלטערע ערשטווינט.

— איהר האט זיך ניט וואס צו בעהאלטען פאר מיר. איך ווייס, אז אט דער מיסטער קומט דא אריין צו אייער שוועסטער, און איהר ווייסט דערפון. און איהר לאזט עס צו. ווייסט איהר ווער דער מיסטער איז ? וועט ער מיט איהר התונה האבען ? איהר זיינט אן עלטערע שוועסטער, ווייסט איהר וואו ער געהט אויס מיט איהר ?

— יעדער ארדענט זיך איין זיין לעבען אזוי ווי ער וויל ; איך מיש זיך ניט אריין אין פרעמדע ביזנעס.

— איהר טארט אזוי ניט זאגען, איהר זיינט פעראנטווארטליך, וואס די קליינע טהוט. דאס האט איהר אזוי געבראכט צו דעם.

— דאס גליק, וואס שטעהט איהר פאר אינ׳ם שאפ, וועט פון איהר ניט אנטלויפען. זי וועט שטענדיג צייט האבען אין שאפ צו געהן.

— ראזשע, איהר טארט אזוי ניט רעדען, — ווערט דער ליטוואק ערנסט — דאס לעבען איז ערנסט. אייך האט דאס לעבען אן עולה געטהאן — האט איהר פערלוירען דעם גאנצען מענשליכען אידעאל. עס איז ניט גוט, ראזשע. צו אונז אלע איז דאס לעבען ניט גוט געווען, אלע זיינען מיר מארטירער פון דער היינטיגער אונגערעכטער ארדנונג. נור מיינט ניט, אז אייער צער, אייער לייד איז נור אייער אייגענער. ניין, ער איז אונזער אלעמענס ; דאס איז די אונגערעכטיגקייט, אין וועלכער מיר לעבען. איהר דארפט ניט פערלירען דעם גלויבען, נור זיך אנשליסען אן דעם אלגעמיינעם קאמפף פאר א גערעכטע ארדנונג, וואו אזעלכע מארטירער, קרבנות וועלען ניט מעהר זיין. דענסטמאל, ווען איהר וועט האבען דעם אידעאל פאר אייערע אויגען, וועט איהר כח האבען אלעס אריבערצוטראגען אום ניט אריינפאלען אונטער שעדליכע איינפלוסען פון אט אזא אנארכיסטעל, א שארלאטאן, וואס קען אייך ברענגען, גאט ווייס צו וואס...

ראזע האט אייגענטליך ניט אין גאנצען פערשטאנען, וואס דער ליטוואק זאגט, האט נור פון דעם אלעס ארויסגענומען איהר אייגענע בעליידיגונג, און עס האט זי געקרענקט, האט זי געשריען :

— וואס האט איהר זיך צו מישען אין פרעמדע זאכען? מיר לעבען אין אמעריקא, „מיינד יור אוֹן ביזנעס", קוקט נאך אייערע אייגענע זאכען.

— אז איהר ווילט ניט, דארף מען ניט. נור איך האב געפיהלט א חוב דאס אייך צו זאגען, — זאגט דער ליטוואק רוהיג און קאלט, און קנייטשט זיין פארמענטדיגען שטערען אין זיין הויכען פליך — איך האב עס אייך געמוזט זאגען, ווייל מיין כלה וואהנט דא, און איהר זיינט מיין כלה'ס שוועסטער.

— טא ציהט זיך ארויס פון דאנען, אז אייך געפעלט נים.

— אז עס וועט ניט זיין קיין אנדער עצה, וועט מען מוזען.

— נור חנה'לע האט זיך אריינגעמישט, ניט געלאזט דעם ליטוואק רעדען און איהם געצויגען אויפ'ן גאס, טענה'נדיג צו איהם: „וואס ווילסטו האבען, וואס איז געשעהן?" אבער דערביי איהם געקוקט אין די אויגען אריין, און געקוואלען פון זיינע רייד און שטאלץ געווען אויף איהם.

ראזע האט עס גאנץ גוט בעמערקט, ווי זי נעהמט איהם איין, זאגט זי צו דער שוועסטער מיט א שטאך:

— האב ניט קיין מורא, אזעלכע גליקען ווי דו וועט זי שטענדיג באפען. א ליטוואק וועט זי קריגען.

דער ליטוואק האט איהר געוואלט עפעס ענטפערען, חנה'לע האט ניט געלאזט, האט איהם ארויסגעצויגען אין גאס אריין: „איך האב דיר עפעס צו זאגען". אז זיי זיינען אין קארידאר ארויסגעקומען, האט ער זי געפרעגט:

— וואס האסטו מיר צו זאגען?

— קום שפאצירען אויף „גרענד סטריט", — שמייכעלט איהם דאס מיידעל אין פנים אריין. ער האט געוואוסט וואס דאס הייסט — בעקוקען קיך זאכען אין א סטאר פאר זייער קינפטיגערווירטהשאפט, וואס דער ליטוואק האט זיכער ליעב געהאט. א שמייכעל האט זיך איהם צוגאסען פון זיינע אלטע אויגען אויפ'ן גאנצען פנים און ער האט געמאכט א חנ'דעל, ווי א קינד:

— אז דו ווילסט דוקא, טא קום. — האט ער געזאגט צו דער כלה. אז זיי זיינען ארויס פון שטוב, האט זיך די עלטערע געפיהלט זעהר איינזאם און אונגליקליך. זי האט געפיהלט, אז דאס כלה־פאר רעדען

איצט אויפ'ן שפּאַציר גאַנג וועגן זייער צוקינפטיגען לעבען. זי איז אריין אין דער צווייטער שטוב צו רחל'ען. רחל'ע איז געלעגען, ווי תמיד, איינגעהילט אין דער קאָלדרע און איהרע אויגען האָבען ערגעץ וואו אפען געקוקט. זי האָט ניט געענטפערט. זי איז געווען, ווי תמיד, איינגעהילט אין איהר סוד, זעהט אויס, אז זי האָט גאָר ניט געהערט, וואָס אין שטוב איז פאָרגעקומען. ראָזע האָט זי פערלאָזט, צוקלאַפּ־פענדיג די טהיר נאָך זיך, ארומגעדרעהט זיך איבער דער שטוב, ענדליך איז זי צונעגאַנגען צו איהר קאַסטען מיט דער וויפּראַווע, וואָס זי האָט שטעהן געלאָזט אין א ווינקעל, און האָט אנגעהויבען בעקוקען איהרע זאַכען. זי האָט געפונען די עטליכע שטוב־זאַכען: זאַלץ מעסטלאָך און שעהנע געשליפענע גלעזלאך, וואָס זי האָט זיך שוין איינגעקויפט פאַר איהר ווירטהשאַפט. זי האָט געקלעהרט, אז זי וועט עס דאַרפען אוועקגעבען חנה'לען, האָט זי עס גענומען צוברעכען און וואַרפען אין א ווינקעל אריין.

---

.9

חתן־כלה־פּאָר זיינען געגאַנגען שפּאַצירען אויף גרענד סטריט. די טראָטואַרען זיינען געווען איבערפילט מיט שפּאַצירענדע. עס איז געווען זונטאָג, און די חתן־כלה פּאָר פון ארומיגע אידישע גאַסען זיינען אויסגעגאַנגען אויף גרענד סטריט שפּאַצירען. אידען זיינען אן אריענט פאָלק און האָבען זיך ליעב צו פּוצען, אָבער ניט נאָך אן איי־גענעם געשמאַק, נור נעהמען באַלד איבער די הערשענדע „מאָדע". אויף פינפטע עוועניו איז דענסטמאָל געווען די „שאַנטעקלער מאָדע", וועלכע איז געקומען פון פּאַריז, און באַלד האָט זי זיך אנגענומען אויף גרענד סטריט. און די אידישע מיידלאָך האָבען געהאַט בעפּוצט זייערע קעפּ מיט די פערשיעדענסטע פויגלען, וואָס געפינען זיך נור אין „ברעהם'ס" טיער־לעבען. די אַלטע בעזעסענע ווייבער פון דער „באָורי" האָבען אויך נאָכגעמאַכט די מאָדע מיט געוועהנליכע הינער, וועלכע האָבען ווי אויסגעצוויגענע אויסגעזעהן אויף זייערע ברייטע קעפּ. אוי, טהייער האָבען בעצאָהלט די אידישע מיידלאָך פאַר זייערע רייך און מאָדנע אויסגעפּוצטע קעפּ — וועלכע מיט וואָכען־לאַנגע אר־

בייט אין שאפּ, וועלכע אפילו מיט חדשים לאנגע ארבייט. זייערע ליפּען זיינען דורך דער צייט גרעבער געווארען און זייערע געזיכטער בלייכער. אזוי האט די נאטור, גאט'ס געבוירענע שעהנקייט, צינזען געגעבען דער אויסערליכער מאדע.

נור דאס חתן־כלה פּאר האבען ניט געזעהן די שפּאצירענדע און נישט בעטראכט די „שאנטעקלער־מאדע". זיי זיינען געווען פערנומען מיט זיך. זיי האָבען גערעדט וועגען געלד, וואָס זיי האָבעןביידע „אנגעסייפט" און געהאט אין די „סטייט בענק" אויפ'ן ביכעל. חנה'לע האט ניט פריהער געוואלט חתונה האבען, ביז זי וועט ניט האבען איינצוקויפען זיך א „פראנט־רום", א „בעד־רום", און א „קיט־שען", און וויפיעל חיים האט נישט געארבייט מיט איהר און געגעבען צו פערשטעהן, אז נישט אין דעם ליגט דאס גליק פון חתונה האבען. נור אין עטוואס טיפערעס, האט זי באין אופן נישט געוואלט פער־שטעהן. די „בעל הבית'קייט" האט זי שוין מיטגעבראכט פון איהר א מאמ'ס? — האט זי גע'טענה'ט, זי וועט זיך שעהמען פאר מענשען, פאַר די שוועסטער. ביי איהר מוטער אין דער היים איז געווען דאָפּעלט געפּעס און פאר צוועלף מענשען צו דעקען, זילבערנע לעפעל, מעסער, און א פולע קיך מיט מעש און מיט קופּער. און וואו זי האט געזעהן א קופּערנעם פענדעל אין א פענסטער ארויסגעשטעלט, האט זי זיך אב־געשטעלט — ביי איהר אין קיך וועלען מוזען זיין אזעלכע קופּערנע פענדלעך, און וויפיעל דער ליטוואק האט מיט איהר גע'טענה'ט, אז זיי זיינען נישט אין פּוילען, נור אין אמעריקא, און זיי זיינען נישט קיין קליין שטעדטעלדיגע קליין בירגער, נור גרויס־שטעדטישע פּראַ־היימאס, פון פּוילען, א „בעל־הבית'טע צו זיין... „צוויי טעלער און „סאציאליסטישע ארדנונג", אבער נישט חתונה האבען אהן „מעשענע פענדלאך". צו דעם איז זי צופיעל פּוילישע אידענע געווען.

אגב, האט דער ליטוואק אויך דערפון הנאה געהאט. ער איז גע־בוירען געווארען ביי זעהר ארימע עלטערען, אין א פער'חשך'ט ליטוויש שטעדטעל. ביי זיין מאמע אין דער היים האט מען גענעסען אויף קליינע טעלערלאך, מיט צינערנע לעפעל אין דערוואכענס און שבת. דערנאך, אז ער איז ארויס פון דער מוטער'ס שטוב, האט ער זיין לע־בען שטענדיג פערבראכט אין קליינע פינסטערע שטיבלאך, פערדרוי־

כערטע, שמוציגע אידישע רעסטאראנטלאך. זיין בעל־הבית׳ישקייט איז תמיד בעשטאנען ניט מעהר פון דעם, וואס געפינט זיך אין זיין קליינעם קעסטעל אונטער׳ן בעט, און ער קען קיינמאל ניט זאגען, אויב ער האט דריי העמדער, אויב ער זאל יענע האלבע, אהן אן ארבעל, אויך מיטרעכענען פאר א העמד. נור זייט ער האט זיך בעקענט מיט אט דער פוילישער דא און פאר איהר א חתן געווארען, געהט ער אנשטענדיג אנגעטהאן און ער האט דארט אין דער היים א פולען קאסטען מיט וועש. זיין גאנץ געלד האט זי גע׳פטר׳ט אויף וועש פאר איהם און אויף אנציגער. צוערשט האט ער געמיינט, אז זי איז אן אויסברענגעריין און אט „די פוילישע״ איז ניט ערנסט געמוג. נור וואס אמאל ווייטער, האט ער אנגעהויבען צו פערשטעהי אז ס׳איז יא דא א טעם אין דער זאך — אז מען טהוט אן א פאר גאנצע זאקען אהן לעבער. און עס האט איהם געפרעהט, אז ביי איהם אין דער היים מיט „דער פוילישער״ וועט זיין א גאנצער סטאר טעלער, און עסען וועט ער אויף צוויי טעלער און א ריין סערוועטעל ביי דער זייט. און די קיך וועט זיך פינקלען פון קופער און פון מעש. ער האט הנאה געהאט מיט איהר צו געהן און אין איינעם מיט איהר דאס איינצוקויפען. ער איז געוועזן א האלבער אינטעליגענט. אין דער יוגענד האט ער אפילו פערבראכט א פאר יאהר אויף „עקזאמענס״, ער האט „עקסטערניטשאיעט״, ביז די בעוועגונג איז אויפגעקומען. דערנאך איז ער אריין אין די „בעוועגונג״, איז ער געווארען אן ארבייטער. ער איז קיינמאל ניט געוועזן קיין רעדנער און קיין פייטער, ער זאל ווערען א מאכער, אן אגיטאטאר, אז ער איז גע־ווארען א סאציאליסט און אנגעהויבען צו גלויבען, אז דאס מענשליכע גליק ליגט אין דער צוקינפטיגער סאציאליסטישער ארדנונג, איז ער געווארען אן ארבייטער און געלעבט נור אין דער פאנטאזיע פון דער צוקונפט, אז דענסמאל ערשט וועט זיין דאס ריכטיגע לעבען, און דאס היינטיגע לעבען איז נור אויף אזוי פיעל ווערט, וויפיעל זי דערנעהרט און ברייטעט צו צו דעם קינפטיגען לעבען. די ירושה פון זיינע עלטע־רען, פון די טרוקענע ליטווישע רביים — משיח איז ביי איהם מגולגל געווארען אין אן אנדער משיח׳ן. זיין היינטיגעס ארימעס לע־בען האט ער גאר ניט געזעהן, ער האט נור געלעבט אין דער גרויסער צוקונפט. און דאס צוקינפטיגע לעבען איז ביי איהם נישט געוועזן קיין פאנטאזיע, אהן בעשטימטע פארמען, ניין, ער האט עס געזעהן

בחוש, ווי די וועלט וועט אויסזעהן, ער האט זיך דאס געקענט אויס־מאהלען, ווי עס שטעהען די גרויסע הייזער, מיט די גרויסע, גרויסע מאשינען און אלע ארבייטען 3 שעה א טאג, און נאך די דריי שעה שפאצירט די גאנצע וועלט ארום אין גרינע גערטנער. דעם גלויבען האט ער געדארפט פאר זיך, אויפצוהאלטען זיין וואכעדיגען, ארימען לעבען, ווי דאס גלויבען אין משיח'ן האט אויפגעהאלטען דאס לעבען פון זיינע זיידעס. דורך דעם, אז ער איז געקומען קיין אמעריקא, האט ער נישט געשטרעבט מיט זיין סאציאליזמוס צו ווערען א מאכער אין דער דארטיגער גרויסער בעוועגונג. ער האט זיך געלעבט זיין בע־שיידענס, ארימעס שאפ לעבען, און נור געווען איינגעטונקט אין דער אמונה, אין דעם גרויסען צוקינפטיגען אידעאל. נור זייט ער האט זיך בעקענט מיט אט דער „פוילישער" דא, וועלכע האט איהם ארומגע־פיהרט איבער אלע שויערס, און געוויזען איהם די זאכען, וואס זיינען זעהר נויטיג צו זייער חתונה האבען, האט ער אנגעהויבען צו פער־שטעהן, אז ניט בלויז די צוקינפטיגע סאציאליסטישע ארדנונג, נור דאס לעבען פון היינט האט אויך א טעם.

שטעהן זיי יעצט דא פאר א גרויסען שויער פון קיך־זאכען, אין פענסטער שטעהט ארויסגעשטעלט א מאשינדעל אויף אויסצוואוואשען טשערקעס, וועלכע זי האט זעהר בעטראכט, אז עס איז א נויטיגע זאך אין זייער צוקונפטיגער בעל־הבית'קייט.

און דער ליטוואק האט הנאה דערפון. א שמייכעל צוגיסט זיך אי־בער זיין גרויסען טרויעריגען פנים, אויף וועלכען עס פאלט דאס געלע, רויהע ליכט פון דער גאז־בעלויכטונג אין דער שויער און ער זאגט מיט א שמייכעל:

— אז מען דארף עס אין בעל־הבית'ישקייט אריין, טו קויף עס. דארף מען עס דאך.

---

.10

נור חנה'לען האט נישט געלאזט רוהען די שוועסטער איהרע. זי האט געוואוסט, אז זי טרעפט זיך מיט דעם יונגען מאן און זיי געהן אויס צוזאמען אין די מוזיק־האלס, אז זי געהט נישט אין שאפ ארבייטען און דעם נייעם אנצוג מיט דעם קאפעלוש האט זי פון איהם געקריגען.

זי האט דאס פערצעהלט דעם ליטוואק, וועלכער איז זעהר ערנסט געווא־רען און האט בעשטימט אריין צו געהן צום עלטערען ברודער, צו משה'ן און איהם דערצעהלען דערפון.

דער ברודער האט געוואוינט זעהר ארעם אויף א הויכען פינסטערען שטאק אין א ברודיג הויז אין פינסטערע צוויי שטיבלאך, און האט ג[illegible]־האט א סך קינדערלאך. אין דער היים איז ער געווען א לערנער, דא איז ער פערפינסטערט געווארען ביי דער ארבייט, דאך האט ער נישט פערלארען זיין הומאר און גוטען שמייכעל פון די ליפען, און געגלויבט אז עס איז א גאט־זאך.

זיי האבען איהם געטראפען ביי דער ארבייט. ער האט נאך אהיים גענומען אויף דער נאכט צו ארבייטען. (ער האט געהאט א סך קינדער־לאך צו דערנעהרען). ער האט זיך פערשעהמט פאר די געסט, און האלב בעהאלטענדיג די ארבייט, האט ער אויסגעשריען אין די צווייטע שטוב צו דער ווייב:

— זעה שרה'לע, וואס פאר א געסט מיר האבען, קום ארויס!

נור שרה'לע איז ניט אזוי פלינק ארויסגעקומען. און דער איד, רויט ווערענדיג פאר חרפה, האט זיי זיצען געהייסען, איינגעשטילט אויף א מינוט די קינדערלאך, וואס האבען אין שטיבעל געשריען. די קינדערלאך האבען זיך דערפרעהט מיט דער „טאנטע", און האבען זי ארומגערינגעלט; זי האט זיי געטיילט צוקערלעך, וואס זיי האבען גע־קויפט אויפ'ן וועג, און געפרעגט זיך, וואו איז די מאמע.

די „מאמע" וועלכע איז אין דער היים געווען א חסידישע גבירישע טאכטער און דא האט זי געמוזט אליין די טרעפ וואשען און איז יעצט ניט געווען געווען עלעגאנט אנגעטהאן, האט זיך ניט אזוי פלינק געוויזען, און דער איד האט זיך אליין געמוזט בעשעפטיגען מיט די געסט, געוויזען אויף דעם עלטסטען אינגעל, א באיטשיק פון א יאהר פיערצעהן, וועל־כער איז געזעסען ביים פענסטער און געלערענט אויס א ביכעל: „נא, אין דערהיים וואלט ער א דרשה צו בר מצוה געזאגט, א בלאט גמרא געלערענט: נא, זעהסט, קומט אהיים פון דער סקול, אנשטאט וואס ער זאל נעהמען א חומש, א מדרש אין האנד אריין, לערענט ער זיך די קור־סען, וויל דוקא דאקטאר ווערען", — ווייזט ער אן אויפ'ן אינגעל. דאס אינגעל האט זיך אומגעדרעהט פון פענסטער און געזאגט:

— דו האסט דאך געלערענט גמרא, און וואס קומט דיר ארויס פון דיין גמרא, דא? אין אמעריקא איז גמרא א קליינע סחורה.

— נא, הערסט, דאס איז שוין אייער ארבייט, — זאגט ער צום ליטוואק מיט א שמייכעל — געקומען אהער, א לערן־אינגעל געווען, גע־קענט א גוטען בלאט גמרא אפלערנען, דא וויל ער עס ניט אנקוקען. איך קען איהם עפעס טהון דערפאר? מען איז דאך אין אמעריקא. שלאג איהם, וועט מען ארייגזעצען אין פריזאן — שמייכעלט דער איד.

נור דערוויל האט זיך די „ליידי", ווי שלמה פלעגט זיין פרוי רופען, ארויסגעוויזען פון קיטשען, פלינק געכאפט דאס שייטעל אויף זיך, וועל־כעס איז ניט געווען צורעכט געקעמט, און ארויפגעווארפען אויף זיך לכבוד די געסט דאס שבת מאנטעלע. געוועהנט געווארען פון דערהיים זיך שעהן צו קליידען: „א מאדאם געווען אין דער היים", זאגט זי נאך מיט דעם גרויס־פוילישען שמייכעלע, וואס „קאלומבוס'עס ביטערע פרנסה" (ווי זי האט גערופען אמעריקא) האט ניט געקענט פון איהרע ליפען אבווישען.

— נו, זעהסט, חנה'לע, דיין ברודער איז דא א שניידער געווארען — א שניידער־יונג, ר' דוד אלבערקרוינ'ס זוהן א שניידער, — דער־צעהלט זי דער שוועגערין א נייעס — וואס מאכט עטץ, וואס פאר א געסט — לייג שוין אוועק דיינע שניידערשע ארבייט, שוין גענוג גע־שניידערט, לאז שוין זיין — בייזערט זי זיך אויף דעם ארימען אידען. אזוי ווי ער וואלט נעבעך שולדיג געווען דערינען, וואס זי האט יעדעס יאהר געטראגען און געבוירען.

דער איד האט געשמייכעלט אין זיין שעהנער שווארצער בארד אריין וועלכע ער האט זיך נאך מיטגעבראכט פון דער היים, און געפרעגט:

— מיאוס איז א יגיע כפים. וואס זאגט איהר, מיסטער ניט וואהר?

— ווענדעט ער זיך צום ליטוואק.

— א, האט איהר א זארג, ר' משה, לאזען זיי לאכען, לאזען זיי נור לאכען, אבער מיר ווייסען דאך, אז עס וועט גוט זיין.

— ווען וועט שוין אייער משיח קומען, אז זיין (ווייזט אויפ'ן מאן) משיח קומט ניט, זאל כאטש אייערער קומען.—ווענדעט זיך די אידענע צום ליטוואק, ביי וועלכען אין מח די „יוניע" מיט דעם סאציאליזמוס, ווענגען וועלכער דער ליטוואק פרעדיגט אין דער משפחה, האט זיך אויס־געבילדעט ווי א גלויבען אין א נייעם משיח.

— ער וועט קומען מיסעס, ער וועט קומען, — לאכט דער ליטוואק.

— רעד שוין ניט אזוי פיעל און דערלאנג ליעבער דאס גוטע גלעזעל טהעע, — שמייכעלט דער ברודער.

דערנאך, אז דער ברודער האט געהערט די מעשה וועגען רחל׳ען און דעם פרעמדען יונגען מאן, וואס קומט ארויף, איז ער ערנסט געוואָרען און טרויעריג און אויסגעשריען:

— ווי הייסט, איז שוין נישטא קיין גאט, קיין טאטע־מאמע, לית דין ולית דיין? איז שוין אלעס הפקר אין אמעריקא, וואס? ווי הייסט?

און געווארפען די ארבייט, געכאפּט אויף זיך דעם ראק און איז מיט זיי אינאיינעם אהין צו דער שוועסטער אוועק.

.11

— נא, די גנבה האט זיך דאך אויסגעפונען, — רופט זיך אב די עלטערע פון די שוועסטער צו רחל׳ען ביי שלמה׳ס פלעצליכען אריינ־קומען — וואו ביזט דו עס פארפאלען געווארען אין די גרויסע פרעסט?

— איך האָב ארבייט געזוכט, געוואָלט פערדיענען, — לאַכט שלמה׳לע.

— וואס, דו געהסט אויך התונה האבען — שאפּסט דיר געלד, ווי דער ליטוואק?

— עס וואָלט גאָר ניט קיין קרומע זאך געווען, — שמייכעלט שלמה׳לע — מען ווערט עלטער, — גיט ער א שטאך דער עלטערער.

— טא געה שוין און צוברעך דאס — און ווער פערכאפּט ווי אם געשווינדסטען. יא, איך וועל דיר צושטייער געבען, דרישה־געשאנק, — ווייזט זי אויף די צובראכענע נייע זאכען, וואס ליגען אין ווינקעל.

— צובראכען! — קוקט זיך שלמה׳לע איין — און איך האב גע־מיינט, אז איהר וועט דאס אוועקשענקען אייער שוועסטער חנה׳לען.

— לאָזען זיי אביסעל ווארטען מיט דער חתונה, ביז זיי וועלען מעהר געלד סייפען זאכען זיך איינצוקויפען; וואס האבען זיי זיך אזוי צו איילען?

— אהא, איך פערשטעה...— זאגט שלמה׳לע מיט א שמייכעל — און וואו איז רחל׳ע?

— ליעגט דערינען אין בעט פון פריהער אן; געווען דא דער ליט־וואק, און געמאכט א חתונה, עס געפעלט איהם ניט דער קאפּעלוש, וואס

זי האט. וואס האט ער זיך צו מישען אין פרעמדע ביזנעס ? זאלען זיי געהן אויף גרענד סטריט אין די שוי־פענסטער קוקען פון א דייניגג רום, קיטשען זאכען, קינדער־וויעגען און שמועסען פון זייערע זאכען. וואס האבען זיי צו אונז ? א, שלמה, לאמיר מאכען א לעבען, אז עס זאל זיין אין די באקעם אריין. נא, האסטו געלד, ברענגט וויין, — ווארפט זי צו איהם צו דאס בייטעלע, — וואס זיצטו אין געהאקטע וואונדען ? רחל'ע, רחל'ע, קום אריין ! נא, ער האט זיך דאך געפונען !

נור רחל'ע האט ניט געוואלט אריינקומען, זי האט זיך געשעמט צו קוקען שלמה'לען אין די אויגען אריין, און האט מיט אנגסט זיך בעהאל־טען אונטער דער קאלדרע.

— געה נור, שלמה'לע, ברענג וויין, זי וועט שוין קומען. פריהער ברענג.

— וואס איז מיט אייך היינט דער מער, וואס איז די מעשה, אזוי אויפגערוימט, אזוי לוסטיג ?

— כאפט דאס דער שווארץ יאהר. וואס וועל איך מיר דעם קאפ פערדרעהען ווי דער נאר, ווי חנה'לע מיט א קאלטען אויסגעווייקטען ליטוואק, סייפען געלד אויף א דייגינג רום... — כאפט דאס דער שווארץ יאהר, דאס גליק וואס שטעהט זיי פאר ! — יא, ברענג וויין, מיר וועלען האבען די וועלט, הע.

— ע, עפעס איז ניט מיט אייך אין גאנצען היינט, איך האב מורא, איהר זאלט דערנאך קיין חרטה ניט האבען.

— לאז דיר דאס מויל הינטען שטעהן — וואס שטעהסטו, דו שאר־לאטאנטשיקעל, געה שוין, פלינק, וואס איז מיט דיר היינט ?

— אז איהר ווילט עס דוקא, אלל־רייט, איך געה.

אז שלמה'לע איז אראב נאך גוטע זאכען, האט זיך דערהערט פון הינטען א פייפען. עס איז געוועז דער מיסטער אייזיק, רחל'עס פריינד. רחל'ע האט זיך אויפגעכאפט און איז אריינגעקומען פון דער צווייטער שטוב א צוהיצטע, דאס גאנצע פנים האט איהר געפלאמט און די אויגען זיינען איהר געוועזן רויטע, פערלאפענע, און זי האט זיך פלינק גענומען אנטהאן.

— געה ניט היינט אויס, געה ניט היינט אויס, רחל'ע — בעט זיך ביי איהר די עלטערע — רוף ארויף מיסטער אייזיק, מיר וועלען היינט אינאיינעם פערברענגען.

רחל'ע האט געשוויגען, נור פערקרימט דאס געזיכט, זי האט ניט געוואלט בלייבען אין דער היים, נור די עלטערע האט שוין געהאט גע־עפענט דאס פענסטער און ארויסגעבויגען זיך, גערופען מיסטער אייזיק:

— וויל יו קאם אפסטערז, פליעז!

רחל'ע איז ווידער אריין אין בעדרום און צוגעהאקט די טהיר נאך זיך, אהן א ווארט.

אז מיסטער אייזיק איז ארויפגעקומען, האט צו איהם די עלטערע געשמייכעלט:

— רחל'לע איז ניט וואויל. פערברענגט היינט דעם אבענד מיט אונז אין דערהיים.

— וויטה פלעזשור, — רופט זיך אב דער יונגער מאן — וואו איז רחל'ע?

— ביי זיך אין צימער, איז ניט אנגעטהאן. רחל'ע טהו זיך אן. ווייסט ווער עס איז דא? — רופט די עלטערע מיט א שמייכעלע — נור רחל'ע האט זיך ניט אבגערופען.

— שעהמט זיך... — שמייכעלט די עלטערע — נו מיסטער אייזיק, וואס הערט מען נייעס?

— אי דאנט נאו.

עס איז געווארען א פיינליכע שטימונג. מיסטער אייזיק האט ניט געהאט וואס צו רעדען מיט דער עלטערער. ער האט נור געהאלטען אין איין פרעגען דורך דער טהיר רחל'ען: „וואט איז דהי מעטער, ראַ־כעל"? און רחל'ע האט ניט אבגעענטפערט. ער האט געסטראשעט, אז ער וועט אוועקגעהן, און די שוועסטער האט ארויסגענומען איהרע זאכען פון שראנק און אנידערגעלעגט רחל'ען — „טהו דיך אן, דו נאר", און האט געזאגט צו מיסטער אייזיק מיט א שמייכעלע:

— זי איז א נאר, די קליינע, שעמט זיך פאר א שוועסטער. „קום אריין, דו נאר," האט זי אריינגעשריען צו דער שוועסטער.

נור באלד איז אריינגעקומען שלמה'לע מיט די פלאשען.

— האלא, האו דו יו דו, מיסטער? — רופט אוים מיסטער אייזיק.

— האלא.

— וואס איז היינט פֿאר א שמחה? — פרעגט מיסטער אייזיק.

— עס איז ביי מיר היינט געבורטסטאג.

— א, מאי בעסט קאנגראטולײשאנס, — רופט אויס דער מיסטער אייזיק — א שאד וואס איך האב ניט געוואוסט, איך וואלט אייך א מתנה געבראכט — רופט אויס דער אמעריקאנער, און וויל כאפען זיין הוט.

— ניין, מיסטער, אין אנדערס מאל. צוערשט מוזט איהר טרינקען מיט מיר און קושען זיך מיט מיר, און דו אויך, שלמה'לע ממזר, — רופט זי אויס — גיס אן די גלעזער.

— א, וויטה פּלעזשור, — רופט אויס דער אמעריקאנער, רויט ווע־רענדיג און גיסענדיג וויין אין די גלעזער.

ראזע האט זיך אנגעגרייט צום קוש, געלאפען פריהער געבען א קוק אין שפּיגעל אריין און אויסגעשטרעקט די באק צום מיסטער, דערנאך צו שלמה'לען.

אבער די שמחה איז ניט געווען גאנץ אהן רחל'ען, מען האט זי גערופען דורך דער טהיר, זי האט באין אופן ניט געוואלט אריינקומען. די עלטערע אבער האט שוין געהאט געטרונקען צוויי גלעזער : „אז איהר ווילט דוקא רחל'ען — טשארט פאבערי" — און זי האט זיך אריינ־געריסען אין דער טהיר פון בעדרום און מיט געוואלט ארויסגעשטופּט רחל'ען, וועלכע איז ניט געווען אין גאנצען אנגעטהאן. זי האט זיך פערהאלטען מיט דער האנד די שטיקער אפענע האלז און אפענע נאקעטע הענד, וואס האבען איהר ארויסגעקוקט פון אלע זייטען. די האר זיינען איהר געווען צושויבערט, זי האט זיך בעהאלטען און די שוועסטער האט איהר געשטופּט און געזאגט : „אז דו האסט דיך ניט געוואלט אנטהאן, מוזט דו דיך אזוי ווייזען".

אלע האבען געלאכט, נור רחל'ע האט ניט געוואלט די אויגען עפע־נען. זיי האבען זי אוועקגעזעצט און געגעבען איהר א טוף ארומצוהי־לען. אז זי האט געעפענט די אויגען מיט א פערשעמטען שמייכעל, האט זי בעגעגענט שלמה'ס פארשענדען בליק, וועלכער האט איהר דוקא געוואלט קוקען אין די אויגען אריין, זי האט צו איהם די צונג ארויס־געשטעקט און געכאפּט אליין דאס ערשטע בעסטע גלאז וויין, וואס זי האט געטראפען אויפ'ן טיש און אויסגעטרונקען אין איין אטהעם.

— דו ווייסט, ער האט מיר געקושט, דו ביזט ניט אייפערזיכטיג?

— ווייזט ראזע אויף אייזיק'ען.

רחל'ע פערקרימט די ליפּען.

— האב ניט קיין מורא, איך האב פון איהם קיין שטיק ניט אבגע־ביסען. עס וועט נאך פאר דיר אויך בלייבען. זעה וואס פאר א גרוי־סער שטארקער יונג!

רחל'ע האט וויעדער געמאכט א גרימאסע ווי צו וויינען. און שלמה'לע האט איהר אלץ געקוקט אין די אויגען אריין, רויט ווערענדיג דערביי און מיט הארץ־קלאפען און זי האט געפרואווט זיין בליק אויס־מיידען.

— בעט זי איבער, אייזיק — זאגט די עלטערע, וועלכע איז שוין געווען האלב־שכור — קושט זי, קושט זי, אייזיק. אויך אזוי קאלט ווי מיר! קושט זי!

אייזיק איז רויט געווארען און שלמה'לע מיט הארץ־קלאפען האט דוקא געוואלט רחל'ען אין די אויגען קוקען. עס האט זי ערצארנט, האט זי זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו אייזיק'ען און איהם ארומגענומען מיט איהרע נאקעטע הענד, און איהרע לייכט דינע ליפען האבען דורשטיג געזוכט זיינע ליפען, און איז אוועק פון איהם, און דער־ביי פרעך געקוקט שלמה'לען אין די אויגען אריין.

א מינוט האט אלעמען דער אטהעם פערכאפט און שלמה'לע האט געזוכט דעם וויין.

נור באלד דערהערט זיך טריט און דער ליטוואק מיט זיין כלה און דער ברודער משה זיינען אריינגעקומען, זיינען אלע רוהיגער געווארען, שטיל, די גרויסע האט זיך געווענדעט צו משה'ן:

— אהא, גיב נור א קוק, משה איז דאך דא! וואס מאכסטו? דו קענסט נישט דעם מיסטער אייזיק — מיסטער אייזיק, מיין ברודער, דער שוועסטער'ס חתן, מיסטער דייווידזאהן.

דער ברודער האט גוט געשמייכעלט, א מינוט האבען אלע געשווי־גען. פלוצלינג האט זיך דער ליטוואק אנגערופען:

— מיסטער אייזיק, גוט וואס מיר טרעפען אייך דא. מיר ווייסען אז איהר קומט דא ארויף און איהר געהט אוים מיט רחל'ען. מיינט איהר מיט איהר חתונה האבען?

דער יונגער מאן איז רויט געווארען, הויבט זיך אויף און פרעגט:

— וואס איז עס אייער ביזנעס?

— וועל, מיסטער, עס איז אונזער אלעמענס ביזנעס. דאס מיידעל האט קיין עלטערן ניט, און מיר זיינען איהרע ברידער.

— איך האלט אז דאס איז מיין ביזנעס און דער מיידעלס, און קיינער האט זיך ניט אין דעם אריינצומישען.

— ניין, מיסטער, איהר מאכט א „מיסטייק”. דאס מיידעל איז א יתומה, איז דא אין א פרעמד לאנד, און א יונגע. און איהר האט עפּעס וואס פאר אבזיכטען, דאַרפט איהר זיך צו דער משפחה ווענדען. ארענטליכע מענשען טהוען אזוי.

— איך בעט אייך, מיסטער, לערנט מיך נישט קיין ארענטליכקייט. איך וויים וואס איך האב צו טהאן, איך בין ניט צו אייך געקומען.

— מיר וועלען זיך ניט קיין סך באדערען, נור אז איהר וועט אונז ניט זאגען אייערע אבזיכטען, מיסטער, ווען מיר אייך בעטען, אז איהר זאלט דעם רום פערלאזען און סטאפּען זיך זעהן מיט דעם מיידעל.

נור דא איז שוין די עלטערע אויפגעשפּרונגען:

— וואס פאר א רעכט האט איהר צו יאגען מענשען פון מיין שטוב? בלייבט, מיסטער אייזיק, עס איז מיין רום, איך בעצאהל די רענט, און וועמען עס געפעהלט ניט, קען זיך פון דאנען ארויסקלייבען.

— וואס רעדסטו, רויזעלע, וואס טהוט זיך מיט דיר? ער האט דאך רעכט!

— וואס פאר א רעכט? וואס איז ער איבער אונז פאר א פאטער געווארען? אונזער פאטער איז געשטארבען. אין אמעריקא זארגט יעדער פאר זיך. וואס האט ער זיך אריינצומישען אין פרעמדע זאכען?

— אז איהר הייסט דעם מיסטער בלייבען, קען איך דא מיין כלה ניט לאזען. חנה'לע, נעהם צונויף דיינע זאכען און קום, דו קענסט דא אין דעם רום ניט בלייבען.

חנה'לע האט אבער אנגעהויבען צו וויינען, און איז צו צו דער עלטערער שוועסטער און זי אנגעהויבען צו בעטען.

מיסטער אייזיק אבער האט זיך דערווייל אויפגעהויבען, ענטשולדיגט זיך פאר דער שוועסטער, געגעבען איהר די האנד.

— וואס לויפט איהר, בלייבט, איהר זייט ביי אונז אין שטוב.

— ניין, ס'איז גלייכער, איך געה איצט. אויף וויעדערזעהן אן אנדערס מאל.

און צוגעהענדיג צו רחל'ען און איהר עפּעס זאגענדיג אין דער שטיל איז ער ארויס, ווארפענדיג א פעראכטענדען בליק אויף דעם ליטוואק.

חנה'לע האט אבער יעצט די שוועסטער געבעטען מיט טרערען.

— וואָס טהוסטו, ראָזע, וואָס טהוט זיך מיט דיר?

און דער ברודער, דרעהענדיג זיך איבער דער שטוב, דריקט מיט די פּלייצעם:

— וואס איז מיט דיר געשעהן, רויזעלע, וואס טהוט זיך מיט דיר?

— פֿאר וואס ניט? אויף וואס איז דא צו ווארטען? שרייט די עלטערע — ער נארט אייך אב, דער ליטוואק, גלויבט איהם ניט, עס וועט קיינמאל ניט זיין בעסער אויף דער וועלט. דער ארבייטער, דער ארימאן וועט שטענדיג פערשווארצט ווערען. עס איז אויף גארנישט דא צו האפען!

— עס איז ניט וואהר? וואס רעדט זי? מען טאר אזוי ניט רעדען, — שרייט ר' משה — זאָגט איהר, מיסטער, — ווענדעט ער זיך צום ליטוואק — זאגט איהר, איהר קענט דאך, א איד טאר ניט אזוי רעדען. עס איז דא א גרויסער גאט אויף דער וועלט. זאגט איהר.

— הער זיי ניט, — רופט די עלטערע צו חנה'לען — טהו אזוי ווי איך האב געטהאן. זעהסט, איך האב צובראכען די טעלער מיט דער וויפּראוועע. צו וואס, נאר, וואס פאר א לעבען וועסטו האבען ביי איתם, ביים ליטוואק דיינעם? וועסט ארבייטען אין שאפּ נאך דער חתונה, ווי פריהער, ביז דו וועסט א קינד האבען אין געהאקטע וואונדען, א לעבען וועסטו האבען ביי איהם! עס איז דא וואס מקנא צו זיין דאס ווייב פון א שאפּ ארבייטער! דאס זעלבע מזל וואס זיין ווייב! — ווייזט זי אויפ'ן ברודער — דו, נאר, וואס טויג דיר דאס? ביזט א שעהן מיידעל, איינמאל לעבט מען נור אויף דער וועלט, טהו ווי רהל'ע טהוט. נעהם דיר א רייכען באי, לאז ער דיר מאכען שעהן אנצוטהאן, טשארט פּאבערי! איך קען שוין ניט, מיר האבען זיך שוין אבגענארט, עס איז גאר ניטא וואס צו ווארטען, עס וועט גאר ניט זיין, גאר ניט.

— טאטע אין הימעל, וואס רעדט זי! — שרייט אויס דער ברודער — ניין, חנה'לע, גלויב איהר ניט. איהם גלויב — ווייזט ער אויפ'ן ליטוואק — עס איז דאך דא גערעכטיגקייט אויף דער וועלט! ער האט רעכט, דיין ליטוואק, רעכט האט ער, עס וועט בעסער זיין! עס מוז בעסער זיין. עס איז דא א גרויסער גאט אויף דער וועלט. זאגט איהר מיסטער חיים, זאָגט איהר. אין מיין גאָט גלויבט זי שוין ניט, אין מיין משיח'ן ניט, אפשר וועט זי אין אייער גאט גלויבען, אין אייער משיח'ן

— זי איז דאך אויך אן ארבייטארין. ווי קען מען אזוי לעבען ? זאגט איהר, איהר קענט דאך.

— ניין, ר' משה, עס וועט איהר שוין גאר ניט העלפען ! — זאגט דער ליטוואק — זי האט זיך אבגעריסען פון כלל און איז אריין אין תהום פון פינסטערנים. א שפעלע א קליינס, וועלכעס האט זיך אבגעריסען פון דער סטאדע און בלאנדזשעט ארום און זוכט שוין גאר ניט מעהר, נור איהר קליין וועלטעלע פון ליידען. איהר וועט שוין גאר ניט העלפען. ניט מיין גאָט, ניט אייער גאָט. א, וועמעס כח איז עס — דער שטן, ווייזט ער אויף שלמה'לען, איהר האט נאך א נשמה אראבגעצויגען אין תהום. דא מוז מען ראטעווען וואס לאזט זיך. קום, חנה'לע, דו קענסט דא ניט לענגער בלייבען, קום".

דער הפקר־יונג האט צוגעקוקט, ווי חנה'לע פאקט איהרע זאכען און דער ליטוואק העלפט איהר; געקוקט אויף רחל'ען, וועמעס אויגען האבען אויסגעדריקט גלייכגילטיגקייט, ווי זי וואלט גאר ניט דא געווען, נור ווי זי וואלט מיטגעגאנגען מיט מיסטער אייזיק, אין גאנצען פער־נומען מיט איהם. עס איז איהם עפעס באנג געווארען, רופט ער זיך אב צום ליטוואק:

— יא, איהר האט רעכט, אום צו קענען לעבען, אום ניט אראבצופאַ־לען אין דעם פינסטערען תהום, ווי איהר זאָגט, מוז מען האָבען אַ פּאַר פּיראַסענעם בריק, אויף וועלכען זיך צו האלטען. — און האט פערלאזט די שטוב, ניט זאגענדיג קיינעם א "זייי געזונד".

אַז ר' משה האָט דערנאָך בעגלייט חנה'לען מיט דעם ליטוואַק צו זיך אהיים, וואו זי האט געזאלט וואוינען ביז צו דער חתונה, זאגט ער צום ליטוואק:

— עס איז א גלייכע זאך, אייער אמונה אין די "יוניעם". עס איז דאך א חיזוק פאר דעם גאנצען דור, וואס האט פערלוירען די אמונה אין ר' ומשיחו. עס דערהאלט. אהן דעם וואלט דאך גלאט געווען א הפקר וועלט, לית דין ולית דיין. עס איז א גלייכע זאך. איך גלויב, דער רבונו של עולם האט דאס בעשאפען, כדי צו דערהאלטען די וועלט.

שאטיללאן, מערץ, 1913.

---

# אַמעריקאַנער איינדריקע.

1

## ניאגארא פאָללס.

מען זאָגט אז די פארצייטיגע פעלקער האָבען זיך געבוקט און גע־האלטען פאר א גאָט יעדע גרויסע ערשיינונג פון דער נאטור, ווי די בערג, דעם ים, די גרויסע וואסער־פאלען. מען זאָגט, אז די פארצייטיגע פעלקער האָבען זייערע ערשטע געבוירענע זיהן, די בכורים, געבראַכט פאר קרבנות צום ים־גאָט; זיי האָבען זיי אראָבגעוואָרפען פון די בערג און געלאָזט זיי קייקלען זיך אין די וואַסער־שטראָמען פון די גרויסע וואסער־פאלען. עס קען גרייליך זיין. איך געדענק, אז דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב דערזעהן דעם אָפענעם ים, בין איך אַנטלאָפען פאר אימה; איך האָב מורא געהאט, אז דער ים זאָל נאָך ניט ארויס פון זיין צוים און מיר נאָכלויפען און איינשלינגען. מיט דערציטערטע אימה האָב איך געדאנקט גאָט, וואָס ער האָט אָבגעצאמט דעם ים און האט איהם בעפוילען ניט ארויסצוגעהן פון זיינע ברעגען. איך געדענק, אז דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב דערזעהן דעם וויים־בעשנעעטען שפיץ פון „געבאנט" אין די טאטרען־בערג, ווי ער האָט געברענט אונטער די שטראהלען פון דער אונטערגעהענדער זון — בין איך איינגעקאָרטשעט געוואָרען פאר קליינקייט. אלץ מורא געהאט, אז די הויכע טאטרען, וואָס האבען אמאָל געמוזט זיין לויפענדע ים־שטראָ־מען און זיינען, פאר עפעס א זינד, פון גאָט פערשאָלטען געוואָרען און פערוואנדעלט געוואָרען אין ווילדע שטיינער מיט מאָך בעוואקסען — זאָלען זיך ניט צושיטען און די יאנצע וועלט פערשילינגען. דאָס זעלבע

איז געווען ווען איך האָב צום ערשטען מאָל דערזעהן די גרויסע וואסער־פאלען פון אימאַטראַ. און נאָך מעהר איצט — דעם וואסער־פאל פון ניאַגאַראַ.

אַליין אַ קינד, געבוירען אויף די פויערישע פייכטע פעלדער פון קליאַווע אין פוילען, וואו דער גרעסטער אויסברוך פון דער נאַטור איז אַ רעגען־שטורם, וואס פערפלייצט די געסלאַך פון אונזער שטעדטעל, אדער אַ בליץ, וואס ברענט אוים די הילצערנע בריקעל, וואס ליגט איבער אונזער טייך — שרעק איך זיך פאַר יעדע אויסערגעוועהנליכע נאַטור ערשיינונג. ניט דאָס ערשטע מאָל זעה איך אַ וואסער־פאַל; איך קען גוט די אימאַטראַ, אין פינלאַנד, אין וועלכען עס האָבען זיך אריינגעוואָרפען מיידלאַך פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן.

דער אימאַטראַ איז אַן אויסגעגאָסענע טייך איבער אַ ברייט פעלד און יאָגט זיך איבער שטיינער. דאָס וואסער צוברעכט ביין און געניק, נאָך איידער עס קומט צו צום וואסער־פאַל. אז מען קוקט אויף דעם אימאַטראַ פאַל אין פינלאַנד, האָט מען דאָס געפיהל, אז מיט'ן טייך האָט עטוואָס געטראָפען אַ סיבה פאַר מייל ען ווייט; ער איז ארוים פון זיינע ברעגעס און האָט זיך צוגאָסען אַ ווילדער איבער פעלדער, און די שטראָמען יאָגען זיך ווי דערשראָקענע הירשען איבער די פעלדער, ביז זיי פאלען אראָב אין אַ טיעפען גרוב און צוברעכען ביין און רוקען.

אַנדערש אָבער איז דער ניאַגאַראַ־פאַל. דער טייך איז נאָך פעסט איינגעשלאָסען אין זיין קארעטע; די ברעגעס פון ביידע זייטען טייך זיינען אויסגעבעטט מיט די אונשולדיגסטע, צאַרטססטע גרעזלאַך און געוויקסען.

עס איז נאָך פריה אין פריהלינג. די שוואַרצע בוימער זיינען נאָך שיטער בעבלומט מיט יונגע, נאָר וואָס ארויסגעקומענע קנאָספען, און צווישען די שיטערע צווייגען ווייזט זיך דער קלאָהרער, בלויער הימעל. די זון האָט גענוג פלאַץ ארויסצוקומען פון צווישען די צווייגען און אויסצובעטען זיך ווייך און קוים בעריהרענדיג איבער די נאָר וואָס געשניטענע, געל בעבלומטע לאָנקע. די גרעזלאַך פון די לאָנקעס, ביי דער קארעטע פון טייך, זיינען אזוי יונג, אזוי צאַרט, אז עס דאכט זיך, אז אַן איידעלע, צאַרטע פרויען־האַנד האָט געצערטעלט יעדעס גרעזעלע, אויסגעגלעט עס מיט איהרע קאַלטע נשמה'דיגע פינגער און בעקושט עס מיט איהרע בעטויהטע פרישע ליפּען...

דאָס וואַסער אין טייך איז פריש, בעלעבט, נאָר וואָס בעפרייט פון אייז. עס לאָזען זיך נאָך איבער'ן טייך שטיקער קריהעס אייז, שטיקער העלצער, אויסגעריסענע צווייגען, צונויפגעשלעפטע בוימער, וואָס דאָס אייז ברענגט מיט זיך. — דאָס אלעס שלאָגט זיך אָב אָן די שטיינער, וואָס זיינען אין טייך, נאָר דער שטראָם כאַפּט עס מיט און לאָזט זיך ווייטער. מיט איין רגע פריהער ווייס נאָך ניט דער שטראָמדיגער טייך, אַז זיין סוף איז אַזוי נאָהנט. ער פערלאָזט זיך נאָר אויף גאָט'ס חסד און ווערט נאָך אָבגענאַרט פון די אונשולדיגע, בעבלימטע ברעגעס, און פון דער שעהנער זון. און פלוצלונג, אין מיטען שטראָמען, רייסט זיך איבער די וועלט. און דער גאַנצער טייך, אַזוי גרויס ווי ער איז — מיט'ן קאָפּ אַראָב, איבער שטיינער, איבער פעלזען, איז אין דעם טיעפען תהום אַראָב!

און ווי עס דערשרעקען זיך די שטראָמען, אויף אַ סעקונדע וואָלטען זיי שטעהן געבליבען דערזעהענדיג פלוצלונג דעם טיעפען אַבגרונד, אין וועלכען זיי פאַלען אריין. פאַר שרעק שטעלען זיי אויף זייערע וואַסער שטראָמען, ווי די ווילדע חיות זייערע קאָדלעס, נאָר עס שטופּען זיי באַלד אַראָב די שטראָמענדיגע וועלען וואָס קומען אָן צויאָגען הינטער זיי. און איינס נאָכ'ן אַנדער'ן קייקלען זיך די וועלען מיט די קעפּ אַראָב אין טיעפען תהום אריין. אויף טויזענדער שטיקלאַך ווערט צומאַהלען יעדר טראָפּען וואַסער צווישען די פעלזען־שטיינער.

עס ווערען אויפגעשניטען די שטראָמען, פאַלענדיג איבער די פעלזען. די זון רייסט זיך אריין אין דעם אויפגעשניטענעם האַרץ פון'ם וואַסער, און דו זעהסט דאָס פערבאָרגענסטע געהיימנים, וואָס דער טייך בעהאַלט אין זיין טיעפעניש.

עס פאַלען מיט מיט'ן טייך די גרויסע שטיקער אייז, די קלעצער, די בוימער, די צווייגען, און אלעס ווערט צוריבען צווישען די פעלזען און די שטראָמענדיגע קאָדלעס פון דעם פאַלענדען טייך.

פון אונטען, פון תהום געהט אַרויס אַ געשריי. אָס איז דער גסיסה־געשריי פון די פאַלענדע וועלען, וואָס ווערען צוריבען אין דעם גיהנם מיהל. עס הויבט זיך אויף אין דער לופט אַ ווייס שוימענדיגער וואָלקען פון דעם צוריבענעם וואַסער און עס רייסט זיך אריין די זון אין דעם שוימענדיגען וואָלקען און פלעכט איהם אַדורך מיט די פייערען פון רע־

גען־בויגען און פערשטעלט פאר'ן מענשליכען אויג דאס געהיימנים פון טויט...

געשטארבען איז דער טייך וואס גיסט זיך אין דער הויף און גע־בוירען איז געווארען א נייער טייך איז טיעפען טהאל. פאמעליך, מיט קינדערשע טריט, גיסט זיך דער טייך אין דער טיעפער קארעטע; עס איז דער ערשטער טאג פון דעם ניי־געבוירענעם טייך...

---

איך האב ליעב צו זיין מיט דער נאטור אליין אין דער שטילער נאכט. אין דער שטילער נאכט הער איך דאס גערויש פון דעם וועלטען גאנג אין זיין קרייזלען זיך אין תהום. אין דער שטילער נאכט בין איך ביי דעם ניאגארא־פאל געשטאנען און צוגעזעהן ווי די וועלט קייקעלט זיך אין טיעפען תהום אריין. אלעס האט דער טייך געשלעפט מיט זיך. און איך האב געגלויבט, אז נאך א מינוט וועל איך זיך אויך מיטלאזען מיט די שטראמען מיט'ן קאפ אראב, אז יעדער טראפען בלוט מיינער, יעדעס ביינדעל מיינס, זאל צוריבען און צומאהלען ווערען אויף טויזענ־דער שטיקלאך און אויפגעשטראמט ווערען צווישען די שארפע קיזעזל שטיינער מיט די שרייענדע וואסער וועלען...

ארום און ארום האט די וועלט געטהאן דאס איהריגע; געהארכ־זאם האט זיך אלעס צוגעהערט צום בעשעפער'ס געבאט און ערפילט עהרליך די פליכטען. געוואשען האט זיך די יונגע לבנה צווישען די בלויעליך, מלוכה־ווייבערשע וואלקענס; געשטאנען זיינען די שטערן יעדער אויף זיין וואך אין הימעל־פעלד, און יעדעס בוימעל איבער דער ווייטער לאנקע האט זיך פרום געשאקעלט און געלופטערט זיינע צווייגען. געטוליעט האבען זיך די געלע טולפאנעס, אין די בייטען, צו דער ברוסט פון דער ערד, און די יונגע בלומעלאך, ווי בלינדע קינדער האבען בעהאלטען זייערע קעפלאך אונטער די ווייכע פליעגלען פון די נאכט־גרעזער. און איבער דעם אלעס איז געהאנגען, מיט איהר ברייט־פאלדען קלייד, די מוטער־נאכט און צוגעדעקט אלעס אונטער איהר טונקעלען פארטוך.

נאר דער טייך, ער האט ווידער געשפעניגט; ער האט געשאלטען גאט אין פנים אריין, ניט געוואלט פאלגען זיין געבאט און געווארפען זיך מיט'ן קאפ אראב אין טיעפען טהאל אריין...

אַה, זיי געלויבט, ניאַגאַראַ־פאַל! דו גרויסער געשריי! האַלט אויף, האַלט אויף, דאָס ביסעלע ווילען! עס איז אַזוי ווייניג דאָ אין דער וועלט!

פערשטאַנען האָב איך די פאַרצייטיגע פעלקער, וואָס האָבען געדיענט צום ניאַגאַראַ־פאַל, און געוואָרפען אין איהם זייערע ערשט־געבוירענע זיהן.

---

און ווידער בין איך געשטאַנען ביים ניאַגאַראַ־פאַל. אין פריה־מאָרגען, ערשט נאָר וואָס הויבען זיך אָן ארויסצוהויבען פון מאָרגען־טהוי די איינצעלנע בוימעלער און די לאַנגע לאַנקעס ענטפּלעקען זיך פון נאַכט וואָלקען. מיט פערוואונדערונג עפענען אויף די טול־פּאַנען זייערע מיילכעלאַך און הויבען אָן צו טרינקען דעם טהוי און די זונען־שיין. און די געלע גאָלד־בלימעלאַך ענטפּלעקען זיך פון אונטער די גראָז פּליעגלען. אויפגעדעקט ווערט דאָס גאַנצע לאַנדשאַפט; די ווייסע וועלט קומט פון דער נאַכט אַרויס ווי אַ יונגע פּרויענצימער פון איהרע שווארצע שלייערס. און ווידער שטראָמט דער וואַסער מיט'ן קאָפּ אַראָב אין טיעפען אַבגרונד, ווידער הערט זיך דאָס בעשטענ־דיגע געשריי פון די וועלען.

אַ גאַנצע נאַכט האָבען זיך די וועלען געוואָרפען אויף די פעלזען און גאָר נישט האָט זיך געענדערט דורך דער נאַכט; אַלעס איז ווי עס איז געווען נעכטען, ווי איבער־נעכטען — אַפילו אויף אַ האָהר האָט זיך זיין קאַרעטע ניט געביטען; דער זעלבער שטראָמען, דער זעלבער רוישען. קיין איין טריט איז ער נישט ווייטער געגאַנגען, ניט אויף לינקס און ניט אויף רעכטס.

לאַנגווייליג איז מיר געוואָרען זיין שטראָמען. איינטאָניג זיין ברומען. איך בין ניט מעהר דערשראָקען געוואָרען פאַר איהם, מיט יעדען אויגענבליק בין איך געוואַקסען ביי מיר: — ניין, ניין! ניט דו ביזט דער ווילען, ניט דו ביזט דער געשריי. עהרליך ערפילסט דו דיין פליכט. ווי דאָס בלינד־קינדישע בליהמעלע, וואָס שטרעקט יעצט אַרויס זיין קעפעל פון הינטער דער גרעזעל, אַ שטיקעל שטראַהל־ליכט צו כאַפּען, אַזוי וואַרפסט דו דיך מיט דיין קאָפּ אין טיעפען טהאַל אַראָב. דו געפעלסט מיר אויף וויפיעל די זון שפּיעלט זיך אין דיין

וואסער און ענטפלעקט די פארבען פון רעגען־בויגען... איך בין דער ווילען! איך ווידערשפעניג, איך שפיעל מיט די פליכטען, איך טהו, וואס איך וויל! איך וועל דיר איינשפאנען, וואסער־פאל, איך וועל צונעהמען דיין שטראם, אריינציהען א צאפען פון דיינע שטראמען אין מיין וואש־צימער אריין און וועל מיך איעדען פריה־מארגען ארונטער־שטעלען אונטער איהם אויסצואוויקען זיך... דיין בעשטענדיגעס ברומען ערשרעקט מיך שוין מעהר ניט; עס בערוהיגט מיינע נערוועןֹ, עס שלעפערט מיך איין. לאנגווייליג ביזטו מיך גאר, איך וועל ליעבער געהן אין דער גרינער לאנקע און צוקוקען זיך צום קאליערען־שפיעל, וואס איז אין די רויט־בלוטיגע קנאספען בליהמעלאך, וואס די לאנקעס ניבען ארויס פון זיך: נאכקוקען דעם שאטען־שפיעל, וואס די בעבלע־טערטע צווייגעןווארפען אויף די גרינע לאנקעס. איך בענק אויף נאך אן אויסברוך פון דער נאטור. איך וויל, אז דער הימעל זאל זיך איינשפאלטען, אז איך זאל בלייבען הענגען אין דער לופטען! און אויב ניט, בענוגען איך זיך מיט'ן היימישען דונער און מיט דעם בליטץ, וואס צינדט אונטער דעם הילצערנעם בריקעל איבער אונזער טייכעל.

ניאגארא־פאל! דו ביזט דאס געזאנג פון פערניכטונג! אז איך וועל וועלען מיינע ביינער צושיטען, וועל איך קומען אויסמישען מיין בלוט מיט די שטראמען פון דיינע וואסערען, וואס לויפען איבער די שפיציגע פעלזען מיט'ן קאפ אראב אין טיעפען תהום אריין. היינט איז דער מאנאט מאי, און אין דעם געצערטעלטען טיעפען יונגען גרינס פון אן איינציג גרעזעלע איז מעהר שעהנהייט פאראן; דא האט זיך די נאטור מעהר ענטפלעקט ווי אין דיינע וואסער־פאלען.

ניאגארא־פאלס, מאי דעם 9טען.

---

2

## דער אינדישער זומער.

(א ליעד אין פראזע)

עס זיינען געוועזן די לעצטע טעג פון זומער. טעג ווי ליעדער, הערליכע, ווי די לעצטע טראפען פון א קעניגליכען בעכער... אבער אין דער ווארימקייט פון דער זון האט זיך שוין דערפיהלט דער טויט־

אורטהייל וואָס הענגט איבער איהר. מיט בענקישאַפט און אַ חרטה־געפיהל איז זי אונטערגעגאַנגען אין די פאַרנאַכטען און בעגאָסען די הימלען ארום מיט איהר רויטע פייערדיגע בלוט, ווי אַ געשריי פון אַ חיה, וואָס וויל ניט אַוועקגעהן... מיט דעם בליק פון טויט איז זי געבאָרען געוואָרען יעדן פריהמאָרגען, בעטריבט אין איהר טרויער האָט זי ארויסגעקוקט דורך איהר מאָרגען־שלייער — דורך די וואָלקענס, איבער דער וועלט. און אין די מיטאָג־שעה'ען, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט צוריקגעקריגען איהר גלאַנץ און פּראַכט, האָט זיך ניט געפיהלט מעהר אין איהר וואַרימקייט דאָס מעגליכע און דאָס פרוכטבאַרע. קיין בייגער זיינען מעהר ניט געווען אין איהרע שטראַהלען, נור לעדיגע ניערען און הוילע הויט... ווי דאָס רעשט לעבען פון אַ מענשען וואָס איז צום טויט פעראורטהיילט.

נור דער ווילדער פּאַרק האָט זיך געבאָדען אין זיין אייגען בלוט... עס איז געווען ווי אַ פּרינצעסין שטאַרבט אַב, פאַר איהר טויט וואַרפט זי פון זיך אַראָב איהר ציערונג, איהר פּראַכט, איהרע קליידער, שניידט איהרע גאָלדענע לאָקען פון איהר קאָפּ, איהר ווייסע ברוסט אַב, און מענשען טרעטען אויף זיי... עס האָבען געוואָרפען פון זיך אָהן־רחמנות'־דיג די בוימער זייער לעצט ביסעל גאָלד, ווי טראָפּענס בלוט, און געבאָרען זייערע וואַרצלען אין זייער אייגען בלוט... און רויט־פייערדיגע ברעזינטעמען זיינען קראַנק געוואָרען אויף זייערע דינע צווייגעלאַך און אַנגעהויבען צו וועלקען. נאַקעט זיינען געוואָרען די בוימער, און דער־שראָקען זיינען די וועוויאָרקעס ארומגעלאָפען פון איין בוים צום אנדערען און געזוכט אַ בעהאַלטעניש. עס איז ענטפּלעקט געוואָרען די לעדיג־שטעהענדע נעצען פון די פויגלען — נור דאָס וואַסער אין פּאַרק איז געווען פריש, געדרונצעלט זיין איבערפלעכע פאַר קאַלטקייט, און אַזוי אויפגעוועקט ווי מען וואָלט מיט אַ מעסער איהם דורכגע־שניטען...

---

אין די צייטען פון שפּעטען הערבסט ווערט מיין פריינדין אונ־געדולדיג. אַ גאַנצען יאָהר איז מיין פריינדין שטיל, זי געהט נאָך איהר טאָג־טעגליכער ארבייט, ווי אַן אונטערטהעניגער אייזעל טראָגט זיין יאָך. אין די וואַרימסטע זומער־טעג, ווען אַלע זוכען ערקוויקונג

ביים ברעג פון ים — איז מיין פֿריינדין ניט היים, זי אַרבייט. אין די שנעע־געפּראַהרענע אבענדען פון ווינטער, ווען אַלע זוכען פערוויילונגען אויף בעלער, אין די טהעאַטערע — זיצט מיין פריינדין מיט דער נאָדעל אין דער האנד און פעררריכט די וועש פון שטוב. דאָס יונגע ווינטעל פון פריהלינג גלעט ניט איבער די האָר פון מיין פריינדין, רוימט איהר גאָר ניט אין אויער איין. נור ווען עס קומען די רויטע טעג פון הערבסט — ווערט מיין פריינדין אונגעדולדיג. עפּעס־וואָס וועקט זיך אין איהר, זי ווייסט אליין ניט וואָס.

אין די טעג פון הערבסט קען מיין פריינדין ניט ארבייטען. זי נעהמט די טאַליע קאַרטען מיט זיך — פאָהרט פריה אין פּארק, זוכט זיך אויס דאָס שטילסטע ווינקעל ביים וואסער, האלב בעהאַלטען אין די רויטע ריטער לעבען טייך — לעגט זי זיך די קארטען אויס.

זי שפּרייט אויס די טאַליע קארטען פאר זיך, פערטיעפט זיך אין זיי מיט דעם גאַנצען ערנסט פון איהר לעבען. איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען, דאָס איינציגע איבערבלייבעכץ פון איהרע יונגע טעג — ווע־רען בעלעבט; אָט ווערט זי גליקליך, שמייכעלט אין זיך אריין, און עדעלער אויסדרוק פון אַ ווייטע האָפנונג בעלעבט איהרע געזיכטס־ציגע, דער שניט פון איהר גאמבע ווערט לענגער, אויסגעצויגענער, עס בעהאלט זיך די אונטער־גאמבע, עס פערשווינדען די געלע פלעקען אונטער די אויגען, דער קנייטש ארום מויל ווערט אויסגעשלאָסען, און דער מיידעלשער חן, וועלכער איז נאָך אויף איין מינוט ניט פערשוואונ־דען פון איהרע שווארצע האָהר, וועלכע זיינען שייטעל־גלאטיג פער־קעמט, בעהערשט דאָס גאַנצע פנים, און עס דאכט זיך, אז מיין פריינדין איז נאָך גאָר אַ יונגע מיידעל. עדעל שניידען זיך די קליינע צייהן פון די פרישע ליפּען ארויס, ווי ווייסע געוואַשענע שעפּסלאָך וואָלטען פרעהליך פון אַ טהאָל אויפגעשטיעגען... און זי מורמעלט פאר זיך מיט גליק:

— ער קומט... ער קומט...

**נור באַלד איז עס ווי מען וואָלט עס אין מיטען איבערגעשניטען. עס לאָזט זיך אראָב דער גווידער פון די אונטער־גאמבע, די אויגען פאַלען איין אין די געלע לעכער אריין, דער אלטער בעקאנטער וואַכענ־דיגער גרוי גיט זיך אַ ציה אויס איבער איהר פנים — און זי ווערט צוריק די אלטע בערטהע.**

— די טויז פיק איז דורכגעלאָפען.

— דער טויט איז דורך דורכ'ן וועג.

נור די טרויעריגקייט דויערט בלויז א מינוט. באלד, מיט מעשה ענערגיע, נעהמט זיך מיין פריינדין די קארטען אויסצולעגען, און ווי־דער בעווייזט זיך יענער האָפנונגספּאָלער שמייכעל איבערן פּנים, ווידער מורמלען די ליפּען אין דער שטיל מיט גלאנץ אין די אויגען: ער קומט... ער קומט... ביז עס בעווייזט זיך די טויז פּיק — דער טויט לויפט דורך איבער'ן וועג.

און א גאנצען הערבסט, אזוי לאנג ווי עס האלטען אָן די לעצטע טראָפּענס פון קעניגליכען בעכער, אזוי לאנג ווי די בוימער ווארפען פון זיך דאָס לעצטע ביסעל גאָלד — קען מיין פריינדין קיין רוה ניט האָבען, קומט אין פּארק אריין, בעהאלטען פון מענשען, און זוכט אין די קאָרטען עפּעס.

קענט איהר מיר ניט זאָגען, וואָס מיין פריינדין זוכט אין די קארטען?

ביז עס פאלט דער ערשטער שנעע, און עס ווערט צוגעדעקט און בעגראָבען דאָס לעצטע ביסעל רויט פון זומער, ווערט מיין פריינדין ווידער רוהיג, געהט צוריק צו איהר טאָג־טעגליכער ארבייט און טראָגט מיט געדולד דעם יאָך פון לעבען ווי אַ אונטערטהעניגער עזעל.

ביז צום נעקסטען הערבסט.

---

דריי צייטען האָט מיין פריינדין געהאַט. אז זי איז יונג געווען, איז זי אונרוהיג געווארען אין פריהלינג: אז זי איז עלטער געווארען, איז זי אונרוהיג געוואָרען אין זומער; היינט ווערט מיין פריינדין אונ־רוהיג אין הערבסט.

קענט איהר מיר ניט זאָגען וואָס מיין פריינדין זוכט אין הערבסט?

---

3

## א שטיקעל גרינע ערד.

א גאַנצע נאַכט בין איך געפאָהרען איבער שטרעקעס בעאַרבייטע פעלדער, איבער בייטען אויפגעהענדע קאָרן און שטעהענדען האָבער. איך האָב טאַקע ביינאַכט די בעאַרבייטע פעלדער ניט געזעהן, נור איך האָב געוואוסט, אַז זיי פערהוילען זיך איצט אונטער דער שוואַרצער נאַכט־דעק; און עס געטרויט דער מענש זיין ארבייט דער נאַכט, און איז זיכער, אז ער וועט צומאָרגענס זיינע פעלדער צוריקגעפינען אַנגעטרונקען און אָנגעקאָרמעט מיט נאַכט־שפּייז.

צומאָרגענס, ווען איך האָב זיך אויפגעכאפּט, האָב איך זיך געפינען ביי די זאמדיגע ברעגען פון די עריע. דאָס לאַנדשאַפט האָט מיך דערמאָהנט אָן מיין היימאַטה, אין פּוילען, ביי דער ווייכסעל. אַ זאמדיגער ברעג ארום אַ געל־בלאָטיגען וואסער, דאָ און דאָרט שטאַרט ארויס אַן איינזאמע גרינע טאָפּאָלע פון די ברעגעס. איבער די געלע וועגען שטעהען די איינזאמע ווייערזשבעס און צוואַגען אויס זייערע לאַנגע צווייגען, ווי געפלאָכטענע מיידעלשע צעפּ אין דעם ווינט און אין דער זון; דאָ און דאָרט ווייזט זיך אַ הייזעל; ווייסע ווענט, סעדער פון עפּעל און סעדער פון פלוימען ציהען זיך אויף מיילען לאַנג פאַר די הייזער און נאָך די הייזער, פּונקט אַזוי ווי אין פּוילען. נור איין זאַך פעהלט — די אָרימע פּויערשע קינדער, וואָס וואַלגערען זיך ארום ווי די חזרים'לאך פאר די הייזלאך אין פּוילען. און האָט מען דאָ אַ קינד געטראָפען געהענגדיג איבער דער דאָרפישער גאס, איז עס געוועזן ליכטיג און ציכטיג אָנגעטהאָן; אַן אָבגעוואשענעם מיט אַ ווייס פארטוכעל, מיט ביכער אונטערן ארם, איז זיך עס געגאנגען מיט'ן פריהשטיק אין שוהלע אריין. און דאָס האָט זיך אזוי ניט געפּאסט צום פּוילישען לאַנדשאַפט...

אז איך האָב געזעהן דאס פּוילישע לאַנדשאַפט ביי די ברעגעס פון די עריע, האָב איך פערשטאַנען פאר וואָס מיינע לאַנדסלייט, די פּאָליאַקען, האָבען זיך ליעב צו בעזעצען אין דער מידעל־וועסט ווען זיי קומען קיין אמעריקא; איך האָב פערשטאַנען פאָר וואס די פּוילישע שפּראַך ווערט אזוי אפט געהערט אין די געגענד פון די עריע. אלעס

וואס געפינט זיך אין דער אַלטער וועלט געפינט זיך אין דער נייער וועלט, יעדעס לאַנד פון דער אַלטער היים האָט דאָ אין אמעריקא איהר שוועסטערישע לאַנדשאַפט, און יעדער נאַציאָן, וואָס קומט אַריבער, זוכט זיך אין דער נייער וועלט די עהנליכע לאַנדשאַפטען פון זיין היימאַטה אין דער אַלטער וועלט. צוליעב דעם האָבען זיך די פּאָליאַקען בעזעצט ביי דער עריע, די דייטשען — ביים לייק מישיגען, און די אידען? די אידען — אין די שמוציגסטע קאַכעדיגסטע גאַסען: אין די אַלטע טהיילען פון די גרויסע שטעדט.

צוויי וואָכען מיט דער באַהן, דריי וואָכען מיט דער שיף איבער'ן ים, און נאָך דריי מעת־לעת מיט דער באַהן אין דער נייער מדינה, האָט זיך דאָס הויז־געזינד — חנה שרה מיט איהר מאַן נחמן, מיט די קינ־דערלאַך, — געשלעפּט פון זייער קליינער שטעדטעל אין קליין רוסלאַנד ביים טייך דניעפּער, אין דער גרויסער שטאָדט סט. לואיס, וואָס ליעגט אויפ'ן מיסיסיפּי ריווער אין מידעל וועסט, צו בעזעצען זיך אין מאָרגאַן גאַס, אין שכנה'שאַפט מיט ניגערס; אויפגעעפענט זיך א קליינעם „קלינינג" סטאָר, אויסצולאָטען געטראָגענע הויזען פון די ניגערס.

דער שניידער איז זי, חנה־שרה, פון דעם שטעדטעל קרעמענטשוג ביים דניעפּער. זי זיצט ביי דער מאַשין און פּיקסט די הויזען, דער מאַן איהרער נחמן זאָגט צו מיר מיט א האַלב־פערשעהמטער מינע: נייהען קען איך נישט, מען האָט מיך נישט געלעהרענט. איז ער דער פּרעסער; ער פּרעסט אויס די ארבייט וואָס זיין ווייב נייהט אויף.

שוין צוועלף יאָהר צייט זינט זיי וואָהנען אויף דער מאָרגאַן גאַס, און זי האָט, דורך דער גאַנצער צייט, קיין שפּאַן גרינע ערד נישט געזע־הען: קיין טראָפּען לעבעדיגע וואַסער, קיין אָטהעם לופט פון פעלד ניט געפיהלט, אַזוי זיצט זי אין די מאָרגאַן גאַס, ביים פערשפּינוועבטען פענסטער און נייהט איבער געטראָגענע הייזען פאַר ניגערס, און דער מאַן נחמן פּרעסט זיי אויס. און אַזוי נייהענדיג די ניגערס הויזען האָט זי נאָך צייט געהאַט אכט קינדער פון איהרע געדערים אַרויסצוגעבען: פיער האָט זי מיט זיך מיטגעבראַכט פון קרעמענטשוג, און פיער האָט זי שוין דאָ געהאַט. צוויי בעגראָבען און צוויי האָבען זיך דערהאַלטען. די סקוהל טיטשערס אין אמעריקא זיינען רשעים; פערלאַנגען דוקא, אַז די קינדער זאָלען געהן ריין אנגעטהאָן אין שוהלע. האָט זי בייטאָג גענעהט די הויזען און אין אָבענד האָט זי געוואַשען פאַר די קינדער

די קליידלאַד. אזוי גאַנצע צוועלף יאהר, קיין איין מינוט ניט צייט געהאט דעם אטהעם אבצוכאפּען. די עלטסטע צוויי זיינען שוין ערוואק־סענע, געענדיגט דא די היי סקוהל און זיינען ערגעץ־וואו פערשוואונדען. איינער איז א סיילסמען אין שיקאגא און דער צווייטער פאהרט ערגעץ וואו ארום איבער אמעריקא. פון ביידע הערט זי קיין ווארט ניט — עס איז אמעריקא... די איבריגע פיער זיינען נאך אין דער היים — קען זי איבער זיי קיין בארדער ניט האלטען; מוז זי אליין נאך ארבייטען, נור זי ווייסט ניט — עפּעס איז, אין דער לעצטער צייט מיט איהר גע־שעהן! זי פערשטעהט ניט פון וואס דאס קומט.

— צוועלף יאהר — זאגט זי מיר — בין איך אבגעזעסען ביי אט דער מאשין, — ווייזט זי מיר אן אויף דער פערפלעקטער מאשין ביי דער וואנד — און גאר ניט, מען האט געלעבט. נור עפּעס אין דער לעצטער צייט נאגט מיך שטארק ביים הארצען, און די פיס ברעכען מיר. איך וויים ניט פון וואנען דאס איז מיר געקומען.

— שוין א יאהר ווי זי קלאגט זיך אויפ'ן הארץ, — לעגט צו דער מאַן, וועלכער שטעהט דערביי ווי האלב שולדיג, וואס ער, צוליעב זיין אונפעהיגקייט, מוז נור זיין א פרעסער, ניט קיין אפּערייטאר — עפּעס קלאגט זי זיך אויפ'ן הארץ. איך גלויב, אז עס איז איהר געקומען פון פערקיהלונג.

— דער דאקטאר האט מיר פערשריעבען הארץ־טראפּען, אבגע־נומען א דאלאר און א האלב פאר א בלויזען קוק, און פערשריעבען הארץ־טראפּען, — זאגט זי צו מיר, מיט איהרע געלע אויגען, געל, איינגעפאלען געזיכט און איינגעשרומפּען מויל פון די אונצייהנדיגע יאסלעס — ער הייסט מיר רוהען, ליעגען אויפ'ן בעט, געהן שפּאצי־רען, עסען פרישע אייער. געהערט א דאקטאר! הייסט מיר ליעגען אויפ'ן בעט! און אז איך וועל ליעגען אויפ'ן בעט, וועט ער דען פאר מיר נעהען די הויזען?

— און אז זי נעהט ניט, האב איך דאך ניט וואס צו פרעסען, — זאגט דער מאַן מיט א האלב־שולדיגע מינע, ארויסצופּענדיג די פעדערען פון זיין בארד.

— מען האט אונז געזאגט אין קרעמענטשוג בעפאר מיר זיינען אהער געקומען, אז דא אין אמעריקא איז דא אזא סאסייעטי, וואס ניט יעדען וואס ער וויל — א שפאן ערד אומזיסט, מען מאכט איהם א

פארם... שוין צוועלף יאהר פרעג איך זיך נאך אויף די סאסייעטי און קיינער קען מיר ניט זאגען וואו זי איז, איינער זאגט, זי איז אין ניו יארק, א צווייטער — אין קאליפארניא. קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו די סאסייעטי געפינט זיך?

— דערמאהנט זיך א מעשה פון פערצייטענס! — זאגט דער מאן

— וואס דארפסטו עס? וואס טויגען דיר אקסען? וואס וועסט טהאן מיט זיי?

— וואס דען, ווייטער זיצען ביי דער מאשין, און דאס הארץ זאל נאגען און די פיס זאלען ברעכען? צוליעב דעם האב איך זיך געדארפט שלעפען פון קרעמענטשוג איבער ימים, איבער באהנען און פערוואגעלט ווערען פון דער היים? אמעריקע! דאס האב איך דאך אין קרע־מענטשוג אויך געהאט, נאך אן אטעם לופט. וואסער, דניעפער. אוי וואלט דיר צוניץ געקומען א שטיקעל ערד, א לאנקע, ביי א וואסער, ווי אין קרעמענטשוג! צו דער מאשין האב איך קיין כח ניט. אבער די ערד — עס איז דאך א לייכטע ארבייט, און מען ווערט דערביי געזונד, זאגט מען. אז מען טרינקט פרישע מילך פון דער קוה, ווערט מען געזונד אויפ'ן הארצען. אפשר געפינט זיך דאך אזא סאסייעטי, וואס זאל זיך אננעהמען פאר אן ארימע אידענע, וואס האט איהר הארץ און איהרע פיס פערלארען נעהענדיג ביי דער מאשין, און זי ארויס־זעצען אויפ'ן לאנד? אז מענשען זאגען, מוז דאך עפעס זיין... אוי, כ'לעבען, עס קומט מיר, איך האב עס עהרליך פערדיענט; צוועלף יאהר אבגעדיענט ביי פרעה'ן ביי דער מאשין, קומט מיר שוין, אויפ'ן דרייצעהנטען, א שפאן גרינע ערד, וואו איך זאל מיר מיין צובראכען הארץ קענען היילען. ווערט געוואהר וועגען דער סאסייעטי, טהוט א מצוה.

איך האב דער אידענע צוגעזאגט געוואהר צו ווערען וועגען דער סאסייעטי, וואס גיט יעדען א שפאן גרינע ערד, און איהר לאזען וויסען. איך האב זיך פיעל נאכגעפרעגט און צום סוף בין איך געוואהר גע־ווארען, אז עס איז טאקע דא א סאסייעטי, וואס גיט יעדען איינעם א שפאן גרינע ערד אבצורוהען זיך פון דער שווערער ארבייט. אבער — ניט ביים לעבען... נאכ'ן טויט איז פאר יעדען איינעם אנגעגרייט א שפאן גרינע ערד...

זאל איך עס דער אידענע מיטטהיילען?

.4

## ווען די נאדעל שווייגט.

איך האב נעכטען געהאט א גליקליכען נאכמיטאג. איך האב בעזוכט דאס זומער־הויז פון דער ווייסט מייקערס יוניאן אין פיין־היל, אין די בערג. שוין דער וועג אליין און דער אויסבליק פון הויז האט מיך בעגליקט. דאס הויז ליעגט אויף א הונדערט פוס הויכען בארג, און ווען מען קלעטערט ארויף אויפ'ן בארג עפענט זיך פאר די אויגען דאס שעהנסטע לאנדשאפט פון די בערג. הינטען צו דער פוס פון בארג טיעף אין טהאל, ליעגט פיין־היל, מיט איהרע קליינע הייזלאך, מיט איהרע קליינע גרינע פעלדער און מיט איהר קליינעם טייכעל, און עס זעהט אויס נישט ווי מענשען־הייזער נור ווי קינדער־הייזער, וואס זיי האבען זיך אויסגעשטעלט פון קארטען. און אויף דער צווייטער זייט בארג קריכען די הייזלאך, קריכען וואס אמאל העכער און יעדעס מאל בלייבען זיי שטעהן, פערטרונקען אין ים פון גרינס, פון גרינע בוימער, פון קוסטען גראז, אז קוים עס זעהען זיך ארויס די רויטע דעכער, און די בלויע בעמאהלטע ווענד. און ארום דעם טהאל שטייגען אויף די בערג, איינער איבער דעם אַנדערענס קאפ, ווי יעדער איינער וואלט זיך בעמיהט איבערצושטייגען העכער פון דעם צווייטען. א בלויער זונען נעבעל הילט ארום די בערג און בעוועבט איין בוים צום צווייטען, און דער גאנצער בארג ווערט ארומגעהילט אין א לייכטען בלויליכען טומאן. נור פון ארט צו ארט רייסט זיך דורך דעם טומאן א בלויליכער וואסער־פאל וואס ווארפט זיך מיט'ן קאפ אראפ פון שטיין צו שטיין, און צוהאקט און צושפריצט זיך אויף טויזענדער וואסער צאפען — און די וואסער־צאפען גיסען זיך ווידער צונויף און יאגען זיך מיט א רעש פון די בערג אראב.

---

אין דעם הויז וואהנען ארום פערציג אידישע ארבייטער מיידלאך, איניגע איטאליענישע מיידלאך, א פאר בחורים ארבייטער, און די מענעדזשערין פון הויז — וועלכע איז א דייטשקע, און זעהט אויס — זאל עס איהר זיין צום לויב — ווי די סטאטוע „גערמאניא" וואלט

אראַב פון איהר שטיינענרנעם פּעדעסטאַל, אוועקגעלעגט די שווערד און שילד אין א זייט און געוואָרען א מענעדזשערין פון א אידישע יוניאָן־הויז. נאר ווען זי האלט א סאָציאַליסטישע רעדע פאר די מיידלאַך (וואָס קומט פאַר פאַר יעדען עסען אלס א געבעט און ביים עסען אלס א טאָאסט, און נאך דעם עסען — אלס א בענשען), ווי זי ריהמט די גרויסקייט פון פּראָלעטאַריאַט איז אזוי, אז אט איז זי אנגעטהאָן אין די שילד, און זי האַלט די שווערד אין האנד, און שטעהט אויף איהר שטיינערנעם פּעדעסטאַל. די מיידלאַך מאַכען איבריגענס זיך גאַנץ ווייניג פון די „גערמאַניאַ׳ס“ דונערען מיט סאָציאַליסטישע רעדעס, זיי צו־לאַזען זיך די האָהר, די שעהנע שוואַרצע צעפּ, די שעהנע גאָלדענע בלאָנדע צעפּ, און זיי צולאָזען זיך ווי בערג־פּרויען, אין די גראָזען, אין די טונקעלהייט פון די בוימער. און באלד ערשיינט פון א וואַסער־פאַל א נימפע מיט א בעקרענצטען קאָפּ בלומען. באַלד ערשיינט א וואלד־קעניגין פון די בערג אראָב, געבונדען די הענד אין א קייט פון ווילדען וואלד־לאַק. און דארט קוקט דיר צווישען די שפּאַלטען פון די בעבלעטערטע צווייגען א פּערפּיהרערישע וואלד־מויד ארויס מיט א מויל ווייסע צייהן און זי זעהט אויס ווי א מענשען וואַסער־פאַל וואלט זיך פון די בוימער געגאָסען...

און גאַנץ ווייניג בעדאַרפען זיי צו זייער גליק — מען האט דאס געפיהל, ווי די מיידלאַך וואָלטען ניט א גאַנץ קיילעכדיגען יאָהר מיט דער נאָדעל אין האנד געזעסען, און זייערע שלאַנקע רוקענס וואלטען ניט איינגעהויקערט ביים שאַפּ־טיש געווען, און זייערע איידעלע פינגער וואָלטען ניט אין איין שטעכען געהאַלטען, און דער בליין פון זייערע אויגען וואָלט נים צום איינפּעדעמען געדיענט.—ניין, דאָס אַלעס איז קיין מאָל ניט געווען. גארניט האט געקענט אבטויטען דאס אינערליכע גליק, דאס גליק פון געדעכטען, וועלכעס קוועלט ארויס פון די ביינער פון די יונגע מיידלאַך. קיין נאָדעל־ציעל האט נישט געקענט אבווישען דעם פרישען אויגען־גלאַנץ פון די מיידלאַך, און עס איז גענוג געווען איין הויך פון לופט, איין פרייער אטהעם, דער רוף פון וואלד, דאס רוישען פון וואַסער־פאַל, אבצואוואַשען דעם שאַפּ־שטויב פון א גאַנץ יאהר פון די מיידלעך׳ס קעפּ, און די פרייד פון די יוגענד רייסט זיך ארויס פון זייערע ברוסטען ווי א ליעד...

און פרעהליכער פון אלע איז די בלאָנדע, מיט די גאָלדענע צעפּ

(איך וועל איהר נאמען נישט אויסזאגען), די וועלכע האט די בויגזאמע פיגור, ווי א יונגער לינדען־בוים. זי קען ניט איינשטעהען אויף איהרע פיס. עס איז גענוג, אז עס זאל ווער דארט ברומען אין א ווינקעל א נגון, אדער א פויגעל פיסטשען אין וואלד, און זי טאנצט שוין. עס איז אזוי ווי דאס מיידעל וואלט אויסגעטאנצט מיט איהרע פיס אלע איהרע פערלאנגען און אלע איהרע בענקשאפטען. זי קען נישט רע־דען, זי קען טאנצען. און וואס עס זינגט זיך איהר אין הארצען טאנצט זי אויס מיט איהרע פיס. זי קומט ארויף אויף די שטיגעלאך טאנ־צענדיג, און זעצט זיך אוועק עסען טאנצענדיג. און רעדט מען צו איהר ענטפערט זי מיט א טאנץ. זי טאנצט ווען זי איז מיט מענשען, און זי טאנצט ווען זי איז אליין, אליין מיט זיך אין וואלד. און איך האב דאס געפיהל, אז אין מיטען דער נאכט, ווען אלע מיידלאך שלאפען, גנב'עט זי זיך ארויף אויפ'ן גרויסען באלקאן פון הויז, פון וואנען עס ווייזט זיך דער טונקעלער טיעפער טהאל, און עס שטעהן די בערג ארום און שווייגען, און זי טאנצט אין איהר ווייסע נאכט־העמד פאר די שטערען און פאר די בערג...

אן אנדערע איז דארט דא, זינגט זי. וואס איז איהר דער חילוק וואס זי זינגט צו „מארגארעטקעלאך", צו „ל'מיר זיך איבערבעטען", צו דאס איטאליענישע ליעדעל וואס זי האט זיך אויסגעלערענט. זי טראכט גאר ניט פון די ווערטער און ניט פון נגון וואס זי זינגט. עס זינגט זיך איהר עפעס, און זי קען ניט קיין אנדער ליעדעל נור די פראסטע פאלקס־ליעדלאך, בראקט זי איין אין די ליעדעלאך אלעס וואס זי האט אויף איהר הארץ. מען האט דאס געפיהל, אז דאס מיידעל וויל עפעס זאגען, זאגען גאנץ אנדערע ווערטער, און זי זינגט די ליעדע־לאך און מיינט עפעס אנדערש, און טראכט זיך עפעס אנדערש, און זינגט זיך עפעס אנדערש. אזוי דערפיהלט זי דאס ליעדעל ערגעץ וואו אין וואלד אריין, און פון וואלד קלינגט ארויס דאס פראסטע אי־דישע פאלקס־ליעדעל :

ל'מיר זיך איבערבעטען, איבערבעטען,
וואס ביזטו אויף מיר ברוגז ?

מיט אזא מין געפיהל, ווי עפעס ניט דאס וואלט דאס מיידעל גע־וואלט זאגען, נור עפעס פערזענליכעס, איינענס, עפעס פון זיך אליין דערצעהלען...

דערפאר איז דא איינע וואס קען שווייגען. איך האב נאך אין מיין לעבען נישט געהערט אזא רעדענדיגע שווייגקייט, וועלכעס עס בעזיצט דאס מיידעל מיט די שארפע ברעמען און מיט'ן חן'דיג שארפען שרונט פון איהרע האהר. זי זיצט אראבגעבויגען, מיט איהר קאפ און אויגען צו דער ערד און עס דאכט זיך, אז איהרע ברעמען זעהען אלעס, איהרע דינע ליפען זיינען פערקלעממט, פערשלאסען און דאך רעדט זי... אלע האבען געלאכט, געפרעהט זיך, געזונגען און געטאנצט און זי איינע איז געזעסען און געשווינגען, און עס דאכט זיך מיר, אז איהר שווייגען האט מעהר גערעדט, מעהר פערצעהלט ווי אן אנדערערס ריידען...

און נאך איינע איז דארט געווען — האט זי געהאט אויגען. איך קען אייך נישט ריכטיג אבמאהלען ווי איהרע אויגען זעהן אויס, ווייל איך האב זיי נישט געזעהן, נור געפיהלט. איך געדענק, ווען איך בין צום ערשטען מאל אויפגעטראטען פאר'ן פובליקום אין א טהע־אטער, האט פון דער שווארצער מאסע וואס איז געווען פערהוילען אין טונקעלקייט פון אדיטאריום ארויסגעקוקט צו מיר א פאר מיידעלשע אויגען, מיט אזא נאאיוויטעט און מיט אזא גלויבען, אז איך האב זיך געפיהלט שולדיג, זינדיג געגען די אויגען, און א לאנגע ווייל ניט גע־קענט דאס מויל עפענען און געשראקען זיך פאר די אויגען, די אויגען פון גלויבען. און פון דאן אן זוך איך די אויגען, און איך האב דאס געפיהל, אז ווען איך זעה א מאסע מענשען פאר מיר, קריעגט די מאסע איין פאר אויגען, און די אוינגען קוקען אויף מיר. פאר די אויגען קען מען קיין ליגען ניט זאגען. און די אויגען זעהט מען נישט נור מען פיהלט זיי... איך האב דא געפיהלט אויף מיר דעם בליק פון די אוינען און איך האב געשוויגען..

און פון א ווינקעל דרינגט אהער א רוסישע ליעד, האבען זיך דארטען צוזאמענגעקליבען צוויי מיידלאך, ביידע בלאנדע, ווי די פויער־שע שיקסעס, און ביידע רעדען זיך מיט'ן שארפער רייש און ביידע זעהן זיי אויס, מיט די צולאזטע צעפ און ארויפגעשארטע הענד, ווי זיי וואלטען ערשט פון פעלד נעקומען, וואו זיי האבען היי געבונ־דען און געהן באלד די קיה מעלקען. און ביידע זינגען זיי א טרויערי־גען, מעלאנכאלישען קליין־רוסישען נגון. זיי קומען ביידע פון אוק־ראינע. איינע איז שוין דא זעקס יאהר, די צווייטע אכט, זיי האבען

זיך ניט געקענט, דא האבען זיי זיך ערקענט, און צום ערשטען מאל דורך דער צייט וואס זיי זיינען אין ניו יארק, געפינען זיי זיך אויפ'ן לאנד. און זייענדיג דא אין די בערג האבען זיךביידע דערמאהנט זייער קינדהייט און די גרינע לאנקעס, און די בעגרעזטע בערגלאך, און די רוישענדע וואסערלאך פון דער אוקראינא, און בענקען ביידע נאך זייער קינדהייט, און דערמאהנען זיך די ליעדעלאך פון די אוק־ראינער שיקסעס, און מען קען זיי שוין ביידע ניט אבֿרייסען. די צוויי מיידלאך עסען שוין צוזאמען, שלאפען, שפאציערען צוזאמען און האלטען שטענדיג אין איין זינגען, ווי טאג, ווי נאכט, די טרויעריגע מעלאנכאלישע קליין־רוסישע ליעדער, ווי זיי וואלטען מיט די ליערער וועלען צוריקרופען זייער קינדהייט...

נור אין א ווינקעל, אבגערוקט פון אלע אנדערע זיצען דריי מיידלאך. זיי זינגען שוין נישט. זיי טאנצען שוין נישט. זעלטען ווען ערשיינט דער שמייכעל אויף זייערע ליפען. די אויגען אויס־געלאשען, פערמאטערט קוקען מיט בענקשאפט אויף די פרעהענדע, לאכענדע און זינגענדע מיידלאך. און מיט איינמאל צינדט זיך אן אין די אויגען פון איינע דאס פייעריל פון קנאה, און די ליפען פער־ביסען זיך מיט א גרימאסע, און פון מויל זעהן זיך ארוים די האלב־פערפוילטע גאלדענע צייהן — נישט איינמאל ווארפט א מיידעל מיט בעדענקען איהר בליק אין יענעם ווינקעל אריין, און א טרויער נעהמט זי ארום, ציטערענדיג פאר איהר צוקונפט... די דריי מיידלאך האבען אזוי לאנג וויסטען געגייהט, ביז זיי האבען זייער לאכען, זייער פרייד, און זייער יוגענד אריינגעגנייהט אין פרעמדע קליידלאך; די קליידלאך מיט זייער יוגענד האבען אנדערע מיידלאך בע'חנ'ט, זיי זיינען געווארען בעריהמט אלס גוטע שניידערקעס, און איבערגע־בליבען אהן יוגענד...

---

נור האט זיך די נאכט אראבגערוקט און דריקט מיט איהר ברוסט דאס הארץ פון טהאל און פון טהאל הויבט זיך אויף א וואלקען ווי א איידעלער, דורכזיכטיגער שלייער און שוועבט איבער די בארד פון בארג, איבער די בוימער. פון טהאל הויבען אן ארויסצושיינען די נאכט לעמפלאך פון די הייזלאך, ווי א קינדער־שפיעל, און דא

מיידלאך און די בחורים האבען זיך פערקליבען אויפ'ן באלקאן פון הויז. די „גערמאניא“ מיט שווערד און שילד האט שוין אפגערא־ ווענט איהר סאציאליסטישע ברכה, און צוויי בחורים האבען גענומען שפיעלען אויפ'ן גיטארע. דאס מאל איז דער שפיעלען גאר א מיי־ סטערהאפטער. די גיטאר זינגט אוים מיט א וויינענדיגע שטימע: אונזער „אלי, אלי, למה עזבתני“, און באלד פאלט זי אריין אין א פרעהליכעס, און צום טאקט טאנצט אריין די בלאנדע טענצעריין און וואלצערט איבער'ן באלקאן. די איטאליאנישע מיידלאך האבען זיך בעהאלטען. זיי מוזען יעדען אבענד אבגעבען קאנצערט—נור ווען די אי־ דישע מיידלאך האבען געזונגען די אידישע ליעדעל „מארגארעטקעס“ האבען זיי זיך ניט געקענט איינהאלטען, געקומען און מיטגעזונגען דאס אידישע ליעדעל מיט זייערע איטאליענישע שטימען.

יעדעס מאל ווען מען וויל זיי רופען, די איטאליענישע מיידלאך, זינגט מען די „מארגארעטקעס“, מוזען זיי ארויסקומען מיטהעלפען. זיי קענען זיך ניט איינהאלטען, ווייל זיי האבען עס אזוי ליעב — דערצעהלען מיר די מיידלאך.

---

שפעט אין אבענד. די נאכט איז געדיכט געלעגען אין וואלד, האבען מיך די מיידלאך אראבגעפיהרט פון בארג אין שטאדט אראב. פון פאראויס איז געגאנגען די נאכט־לאמטערנע און האט בעלויכטען אונזערע צוויי מוזיקאנטען, וועלכע האבען מיך בעגלייט מיט א אידישען חתונה־נגון. איך בין געווען ארומגערינגעלט מיט מיידלאך און געפיהלט זיך ווי א חתן, און טהיילמאל האט זיך מיר גערדאכט, אז איך בין פערבלאנדזשעט געווארען אין וואלד, און בין אריינגעפאלען אין די הענד פון וואלד־נימפען און בערג־מיידלאך און אט פיהרט מען מיך אין טיעפען וואלד, צו פערוואנדלען מיך אין א פאן און צו מאכען מיך פאר א חתן פון די שעהנסטע נימפע...

נור שרעקט אייך נישט. אויפגעכאפט האב איז זיך ניט אין טיעפען וואלד, נור אין מיין צימער, און איבערגעבליעבען איז מיר די אנגענעהמע עראינערונג פון דעם יוניטי־הויז, און איך האב געדאנקט מיט'ן גאנצען הארצען די יוניאן פון די וויסט מייקערס פאר דעם גליקליכען געדאנק צונויפברענגען איינמאל איהרע מיטגליעדער ניט אין טרויעריגען שאפ, אדער אין דעם פערשוויצטען האלל, נור אויף

די פרייע לופט, צווישען בערג און בוימער, וואסער און גרינסען, וואו איין מיטגליעד קען זיך מיט דעם אנדערען דערנעהנטערען מיט זיין מענשליכעם וועזען...

און הלואי זאלען אנדערע איהר נאכטהאן.

---

5.

# ליסענס.

(הומאָרעסקע).

(ווי אַזוי משה רבינו, און איך שלום אש, האבען געהאלפען א אידען צו קריגען „לייסענס" אויף א סאלון אין אזא שטאדט ווי פילאדעלפיא)

---

מיט א געוויסע צייט צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף א פארלעזונג אין אזא שטאדט ווי פילאדעלפיא (נישט פילאדעלפיא, נור אין אזא שטאדט). די סאסייעטי ייעלבע האט מיך אראבגעבראכט אויף די פארלעזונג האט זיך געמיהט, אז מיין בילד מיט א בעשרייבונג פון מיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט זאל געדרוקט זיין אין די ארטיגע פרעסע. אין דעם אבענד, ווען די פארלעזונג איז פארגעקומען, איז צו מיר, הינטער די קוליסען, ארונטערגעקומען א יונגער מאן אין א פאר בלויע ברילען אנגעטהאן, אין א רעגען-מאנטעל, מיט א ציגאר אין מויל, און האט מיר זעהר ליעבענסווירדיג געקלאפט אויף די פלייצעס, אריינגעשטעקט מיר א ציגאר אין מויל אריין, און נישט זאגענדיג קיין ווארט, האט ער ארויסגענומען פון פאקעט קעשענע אלע אויסשניטען פון די ארטיגע פרעסע איבער מיר, און געוויזען מיר, בעגעבען מיר נאך א קלאפ איבער די פלייצעס, און טהוט א מאך צו מיר מיט דעם ציגאר אין מויל:

— מיר ווייסען ווער איהר זייט, א פאבליק מען, דאטס אָרייטה, — און שמייכעלט מיר אין פנים אריין.

איך האָב איהם בעדאַנקט, און בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער ביהנע, וואַרים דער נומער מיט דעם קאָמיקער פון אידישען שטאָדט־טהעאַטער וואָס איז געווען פאַר מיר האָט זיך שוין געהאַט געענדיגט, און דער טשערמאַן האָט מיך פאַרגעשטעלט.

צוריקקומענדיג אין גאַרדעראָבע, נאָך מיין „נומער", האָב איך נאָך אַליין געפונען דעם זעלבען יונגען מאַן מיט די בלויע ברילען, אין א רעגען־מאַנטעל (אין דרויסען איז געווען א פּראַכטיגער אויסגעשטע־רענטער ווינטער אַבענד), מיט דעם ציגאַר אין מויל. ער קלאַפּט מיר ווידער אויף די פּלייצעס, זאָגענדיג צו מיר מעהר מיט דעם ציגאַר, איידער מיט די ליפּען.

— דעט'ס נייס, — און ווענדענדיג זיך צו איינעם פון דעם קאָ־מיטע וואָס האָט מיך אויסגעשריבען, ווייזט ער אויף מיר:

— מען דאַרף איהם געבען א „רייטה".

— שור, — זאָגט דער קאָמיטע־מאַן.

— ליסען, — ווענדעט זיך צו מיר דער רעגען־מאַנטעלדיגער יונגערמאַן, — איך וועל אייך מאָרגען נעהמען אויף מיין אָטאָמאָביל, און אייך געבען א שאָו די אַמיונישאַן פּעקטאָרים. ביי אונז אין שטאָדט אַרבייט מען די אַמיונישאַן פאַר די „עליים" — וועל איך אייך געבען א „רייטה".

איך האָב איהם זעהר בעדאַנקט. וואַרים ווירקליך איז מיר געווען זעהר אינטערעסאַנט צו זעהן די פאַבריקען, וואו מען אַרבייט די גרויסע האַרמאַטען פאַר די „עליים".

די נאַכט בין איך ניט גוט געשלאָפען. איך האָב פערבראַכט אין זיך אַליין מקנא זיין. ווי גוט איז צו זיין א אידישער שרייבער, האָב איך מיר געזאָגט: קומסט אין א שטאָדט — א קאָמיטע, אן עמפּפאַנג, געפינט זיך א יונגערמאַן און גיט דיר א ראַיד אין אן אויטאָמאָביל — עפּעס ווי דו וואָלסט געווען א יונגע, שעהנע מיידעל נאָך וועלבע יונגע לייט לויפען נאָך...

טאַקע צו מאָרגענס אין דער פריה, ווי איך האָב זיך נאָר אָנגע־טהאָן, האָב איך שוין געהערט פאַר דעם פענסטער פון מיין האָטעל א טראָמפּויט פון אן אויטאָמאָביל. אין א מינוט אַרום פאַלט אַריין צו מיר דער זעלבינער יונגער מאַן מיט'ן רעגען מאַנטעל און מיט דעם

ציגאר אין מויל — אזוי ווי ער וואלט געשלאפען אין זיי א גאנצע נאכט — און מאכט צו מיר.

— רעדי?

— רעדי, — ענטפער איך און געה נאך דעם יונגען מאן.

— וואס אין דרויסען א רעגען? — פרעג איך, קוקענדיג אויף זיין רעגען־מאנטעל.

— נייז, שעהן — ענטפערט ער און פיהרט מיך צו זיין אויטא־מאביל.

מיר זיינען געפאהרען א שטונדע צייט ווייט ארויס פון דער שטאדט. מיר זיינען צוגעקומען צו א גרויסען פלאץ, וואו מען האלט אין בויען גרויסע קאזארמעדיגע פאבריקען.

— אט דא וועלען ארבייטען דרייסיג טויזענד מאן, און דא, צוואנ־ציג טויזענד מאן — ווייזט מיר דער יונגער מאן, — נור ווארט א מי־נוט, איידער מיר געהן אריין אין די פעקטארים מוז איך אריין צום גלח — ער איז א קאטהאלישער. ער איז א פיינער מענש, אהן איהם קען מען ניט אריינקומען. אז ער הייסט, לאזט מען אריין.

דער יונגערמאן איז פערשוואונדען. אין א פאר מינוט ארום זעה איך איהם טאקע שפאצירענדיג מיט א קאטהאלישען גלח צו אונזער אויטאמאביל צו. דער יונגערמאן האלט אין דער האנד די אויסשניטען פון די צייטונגען, אין וועלכע עס איז געווען מיין בילד און נאמיצען איבער מיר, און מאכט זעהר שטארק מיט די הענד, איינ־טענה'ענדיג מיט דעם גלח.

„צו וואס דארף ער ווייזען דעם גלח די אויסשניטען פון די צייטונגען", טראַכט איך מיר. נאָר אַז זיי זיינען צוגעקומען צו מיר מאכט ער צום גלח אזוי:

— דאס איז ער, דהי גרייט אידיש רייטער — וואס די צייטונגען שרייבען וועגען איהם — „הי איז מאי בעסט פרענד" — קלאפט ער מיר אויף די פלייצעס פאר'ן גלח. — איך האב בלויז אזעלכע פרענדס פאבליק־מען און גרייט מען. מיר זיינען אין איין סקוהל מיט איהם געגאנגען.

איך קוק אן דעם יונגען מאן און פערשטעה קיין ווארט נישט.

דער גלח האט זיך מיט מיר נעגריסט, און דער יונגערמאן האלט ווייטער אין איין רעדען.

— ביי אונז איז אלץ איינס, א קריסט, א איד, מיר זיינען פראָ־גרעסיוו, דאס זיינען נור די אלטע אידען אזוי פאנאטיש, אבער מיר, יונגע לייט, מיר ווייסען ווער עס איז אזעלכער געווען יעזוס קרייסט. יעזוס קרייסט איז געווען א איד, און משה אין געווען א איד. משה איז געווען א גרייט מען, און יעזוס קרייסט איז געווען „א גרייט מען". און ביי מיר איז קיין דיפערענץ צו א טשוירטש צי א סינאגאג, — איין נאט. ניט אזוי?

— סוירטענלי, — זאגט דער גלח, לאכענדיג און ווייזט זיינע ווייסע צייהן.

איך קוק אן דעם יונגען מאן און קען ניט פערשטעהן, צו בעדארף מען דאס אלעס, כדי אריינצוקומען אין די פעקטארים פון אמיונישאן. אפשר יא. אויב אזוי, שווייג איך.

— און מיין פריינד מיינט אויך אזוי — קלאפט ער מיר אויף די פלייצעס, — איך האב בלויז פריינד פראגרעסיוו מען, ווי די פייפערס שרייבען אויף איהם.

דער גלח שמייכעלט ווידער, ווייזענדיג זיינע ווייסע צייהן, און זאגט „סוירטענלי" און געהט אוועק מיט'ן יונגען מאן.

איך זיץ און פערשטעה נישט קיין איין ווארט וואס דא טהוט זיך.

אין א פאאר מינוט ארום איז דער יונגער מאן צוריקגעקומען מיט א לייכטענדען פנים, און גיט מיר א קלאפ אין פלייצע, כאפט א ציגאר, א ביים אפ, א שפייט אויס, און א כאפ אין מויל אריין, א צווייטען ציגאר מיר אין מויל אריין, און זאגט:

— „א רייטה"!

מיר פאהרען.

— געהן מיר צו די פעקטארים?

— באלד. נור צוערשט וויל איך אייך ווייזען מיין „פליים". איך האב „לאטס" דא, אז זעהט איהר, געגענאיבער די פעקטארים, דער קארנער געהערט צו מיר. אזוי ווי איך האב נור געזעהן, אז מען געהט דא שטעלען פעקטארים, האב איך אבגעקויפט דעם קארנער, — וואס מיינט איהר, דא איז א גוטער פליים פאר א סאלון?

— איך ווייס ניט — ענטפער איך.

— יעס, דער קארנער איז א גוטער פליים פאר א סאלון. ווען איך וואלט נור נישט מורא געהאט פאר די אירישע גויה דארט, איהר זעהט

דעם צווייטען קארנער, דארט שטעהט א הייזקע. איך וויל שוין דער איירישער גויה געבען פאר דער הייזקע זיעבען טויזענד דאלאר און זי וויל ניט אנדערש נאר צעהן.

— שא, — זאגט צו מיר דער יונגערמאן, — איך וועל אייך בעטען א טובה, איך וועל אייך אריינפיהרען צו דער גויה אלס א סוחר פון דער הייזקע, איהר זעהט זעהר רעספעקטעבל אויס, — קוקט ער מיך אן — איהר וועט בעקוקען די הייזקע, און זאגען דער גויה, אז איהר ווילט ניט מעהר געבען ווי פינף טויזענד, איהר הערט, פייף טאוזענד, מעהר איז עס ניט ווערטה.

— בעדארף מען דאס אלעס, כדי אריינצוקומען אין די אמונישאן פאקטארים ? פרעג איך.

— שור — זאגט דער יונגער מאן, און פיהרט מיך גלייך אריין צו דער איירישער גויה אין דער הייזקע.

אז מען האט נור אנגעקלונגען, זיינען אונז אקעגען געלאפען הינד מיט קעץ. אריינגעקומען אין „פארלאר" אריין, האבען מיר געטראפען אויך הינד און קעץ, וואס זיינען געווען אויסגעוועבט אויף די דיוואנען. פון די ווענט אראב, פון די בעטען, פון די טישען און טשערס האבען צו אונז אראבגעקוקט הינד און קעץ. איבעראל וואו מען האט זיך ארומגעקוקט, זיינען געווען הינד און קעץ. לעבעדיגע ארער אויסגעהאפטענע.

אן אלטע איירישע גויה מיט א פנים אויך ווי א הונד און א קאץ איז ארויסגעקומען. דערהערט א סוחר אויף די הייזקע, האט זי מיך ארומגעפיהרט, געוויזען מיר די צימערען, די קיטשען, די בוידעמס, די קעלערס. אלעס ערנסט בעקוקט, האט מען זיך אוועקגעזעצט אין „פארלאר" און די גויהווארט אויף א ווארט פון מיר.

— דבר'ט, דבר'ט, — זאגט צו מיר דער יונגער מאן.

— פייף טאוזענד — שטאמעל איך ארויס מיט שרעק פאר די הינד מיט די קעץ.

אז די גוי'ה האט דערהערט דאס ווארט „פייף טאוזענד", האט זי מיך גענעבען א קוק אן, נאך איהר האבען אלע הינד, די לעבעדיגע און די אויסגעהאפטענע, מיך גענעבען א קוק אן, דאס בלוט איז מיר פערגליווערט געווארען.

און איך שטאמעל צום יונגען מאן :

— קומט, קומט.

גאט צו דאנקען ארויסגעקומען.

— נו, מעהר געה איך נישט, יונגערמאן, — זאג איך צו איהם, — פיהרט איהר מיך אין די אמיונישאן פעקטארים איז גוט, אז ניט אהיים, פיהרט מיך אהיים.

— שוין, ראצאל — זאגט דער יונגערמאן, — מיר פאהרען שוין אהיים.

— און די אמיונישאן פּעקטארים? — פרעג איך.

— די אמיונישאן פעקטארים בילדט מען ערשט, — זאגט צו מיר דער יונגערמאן גלייכגילטיג און פערדרויכערט זיך זיין ציגאר.

— צו וואס האט איהר מיך אבער ארויסגעפיהרט?

— איך האב אייך געוואלט ווייזען דעם גלח — ענטפערט מיר דער יונגערמאן גאנץ גלייכגילטיג.

— צו וואס האט איהר מיר בעדארפט ווייזען דעם גלח? — פרעג איך.

— איך בעדארף איהם צו די לייסענס אויף דעם סאלון וואס איך וויל דא עפענען, האב איך איהם געוואלט ווייזען ווער מיינע פריינד זיינען, אז ער זאל זעהן, אז איך בין נישט קיין פּראסטער מענש. דער גלח וועט זעהן, אז איהר — א „פּאבליק מען“, א מאן וועמעס פיקטשור שטעהט אין די פּייפּערס איז מיינער א פריינד, וועט ער אבגעבען אויף מיר א גוטען רעקארד, און איך וועל קריגען לייסענס.

— האט איהר צו אייערע לייסענס אויף א סאלון בעדארפט ארויסשלעפּען משה־רבינו, און צוזאמענמישען מיט יעזוס קריסטוס? הע?

— האב איך איהם געפרעגט אויפגערעגט.

דארויף האט מיר דער יונגערמאן מיט'ן ציגאר אין מויל געענטפערט קאלטבלוטיג:

— ביזנעס!

.6

## א יוניאן פאר שבת

(הומאָרעסקע).

— מיינסטו, אז אמעריקא איז א טריפה לאנד? ווער עס וויל אין אמעריקא זיין א איד קען זיין א איד, און ווער עס איז א גוי פון דער היים, דעם העלפט אמעריקא אויך נישט, — האט נאטע קיקריקי, דער פעלצען־פליקער, בערוהיגט משה אהרן ליב מלמד, שבת, ביים דאווגען, אין חברה „אנשי אמת" דק"ק בעראסאוויטש, וואס האט זיך געפונען אויף דילענסי סטריט.

משה אהרן ליב מלמד איז ערשט וואס נור געקומען פון באראסאַוויטש קיין אמעריקא און מיטגעבראכט זיינע לאנדסלייט א גרוס פון דער היים. אין דער היים איז ער געווען א פרומער איד, א „גער'ער חסיד", און ער האט מורא געהאט פאר אמעריקא מיט זיין אידישקייט ווי פאר פייער. די צרות האבען אבער איהם געיאגט פון דערהיים. האט ער איינגעשטעלט זיין אידישקייט און איז אהער געקומען צו זיין ברודער'ס צוויי זיהן, מיט וועלכע ער האט זיך אין דער היים געשעהמט, דערפאר וואס זיי זיינען נישט געגוג פרום געווען.

ניט פרום זיינען זיי געווען, אבער גוטע הערצער האבען זיי געהאט, און ווען משה אהרן ליב מלמד האט זיך נור צו זיי געווענדעט, האבען זיי איהם געשיקט א שיפס־קארטע און א פאאר דאלאר און אראבגעבראכט קיין אמעריקא. דעם ערשטען שבת האבען זיי אפילו פאר זיינטוועגען ניט געארבייט און געפיהרט איהם אין די חברה אריין, וואו די לאנדסלייט דאווגען, כדי ער זאל זיך זעהן מיט בעקאנטע און זיי זאלען איהם שאפען א פליים, וואו מען ארבייט ניט אום שבת.

אז משה אהרן ליב מלמד האט געזעהן די אידישע חברה, דערהערט דעם היימישען דאווגען פון נאטע קיקריקי, דעם פעלצען־פליקער, האט ער זיך אביסעל בערוהיגט. טאקע נאטע „קיקריקי" ווי די חדר אינגלאך האבען איהם גערופען, דערפאר וואס ער האט ביים דאווגען געקרייט ווי א האהן (און דעם נאמען האבען פערטראגען זיינע לאנדסלייט קיין אמעריקא אויף דילענסי סטריט), איז אין דער היים געווען

א פּעלצען־פּליקער און געריסען זיך צום „ברעטעל“ ראוונען, און מען ראט איהם קיינמאל ניט צוגעלאזט (דערפאר וואס ער איז געוועזן א גראבער יונג), און דא איז ער געווארען דער למדן פון דער חברה — ראך איז עס א איד. און משה אהרן ליב מלמד איז רוהיגער געווארען, די וועלט איז א וועלט, און אומעטום זיינען דא אידען. די לאנדס־לייט האבען איהם נאך מעהר בערוהיגט וואס אנבעטרעפט זיין אידיש־קייט, און טאקע זונטאג אין דער פריה האט איהם א לאנדסמאן גע־פיהרט אויף א „פּלעים“ אין ברוקלין צו א פרומען אידען, וואו בלויז פרומע אידען ארבייטען ביי „שוירטס“, טאקע זיי פערדיענען וועניג, זיעבען־אכט דאלאר א וואך, אבער דערפאר איז דער בעל־הבית א פרומער איד, א יורע סופר, און מנחה דאווענט מען מיט מנין, דער גאנצער שאפּ, און מען זאגט קדושה. טאקע מען בעצאהלט פאר דער מנחה מיט א האלבע שעה אין דער פריה, און מיט א האלבע שעה שפּעט אין אבענד, אבער דער איד איז דאך נישט מחויב צו פערלירען דערפאר וואס ער איז פרום. „אדרבה, זאל מען זעהן, אז מיט פרומ־קייט קען מען אויך אויספיהרען אין אמעריקא“ — האט געזאגט דער פרומער בעל־הבית, א דיקער אידעל מיט דיקע שמוציגע פינגער, צו די פרומע אידען. „מיינע קאנקורענטען זאגען מיר, אז איך וועל ניט קענען אויספיהרען, אז מיין פרומקייט וועט מיך בדלות שטעלען און איך וועל מוזען פערמאכען מיין שאפּ. לאמיר זיי ווייזען, אז פרומע אידען קענען אויך ארבייטען, און כאטש מען דאווענט מנחה קען מען אויך אויספיהרען“.

און די פרומע אידען האבען טאקע געוואלט ווייזען די אנדערע באסעס, האבען זיי געארבייט אהן דעם אטהעם צו כאפּען. זיי האבען זיך ניט ערלויבט איינער מיט'ן אנדערען א ווארט אויסצורעדען, און ווען דער פעטער אידעל האט געזעהן ווי זיינע פרומע אידען זיצען איינגעהויקערט איבער די מאשינען און יאגען פון זיך דעם אטהעם ארויס, האט ער הנאה געהאט, א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּעלאך, ער האט געבראכען זיך די פינגער און אבגעגענעצט פאר פערגעניגען:

— און די יונגאטשעס, די הולטייעס ווילען איינפיהרען „יוניעס“. אהן א „יוניע“ וויל מען היינטיגע צייטען ניט ארבייטען — האט דער פרומער אידעל גע'טענה'עט צו זיינע ארבייטער — מיר, פרומע אידען,

בעדארפען קיין „יוניע“ נישט. אט וואס איז אונזער „יוניע“ — „אשרי יושבי ביתך“. מיר דאוונען אין איינעם מנחה, אין וועלכען שאף דאווענט מען מנחה? זאלען זיי זאגען, די „יוניע“!

— גאט וועט אייך דערפאר בעצאהלען. גאט וועט בעצאהלען מיט גוטע יאהרען, מיט געזונד און לעבען —. האבען איהם די פרומע אידען בעשאטען מיט ברכות פאר זיין גוט הארציגקייט.

און משה אהרן ליב מלמד, וואס האט קיינמאל קיין נאדעל ניט געהאלטען אין האנד, און ניט געוואוסט, ווי זיין ווייב האט אויף איהם געזאגט, ווי „א קאץ אן עק צו פערבינדען“, האט זיך שוין אויס־געלעהרענט. „אין אמעריקא לעהרענט מען זיך אלץ אויס“. און מיט דער זעלבער התמדה וואס ער האט אין דער היים איבער דער גמרא זיך געשאקעלט, האט ער זיך דא געשאקעלט איבער א ווייבערש העמד. אין די ערשטע צייט איז עס איהם אזוי פריקרע אויסגעקומען צו נעהמען אין האנד. אזא איד ווי משה אהרן ליב מלמד, וואס דער קאפ איז איהם פול מיט רש"י, תוספות, מיט די דברי חכמים, און דא הייסט מען איהם גאר העמדער נייהען! דאס איז גוט פאר א אידענע. פלעגט ער זיצען איבער א העמד און דערמאנען זיך א משנה, א אגדתא פון די גמרא, א דין פון שולחן ערוך און דאס איבער'חזר'ן זיך אין קאפ, אבער באלד האט ער זיך צוגעוואהנט. די משנות מיט די אגדתות מיט די גמרות זיינען פון קאפ ארויסגעפלויגען, און איבערגעבליבען זיינען נור העמדער... העמדער... העמדער...

אבער דאך, דאס זייניגע האט ער ניט אבגענעבען. ער הויבט זיך אויף פיער אוהר פארטאג, לעהרענט זיך אב זיין פרק משניות, זאגט זיך אב זיין יום תהלים, דאווענט, און נעהט צו דער ארבייט. אבענד פאלט ער אנידער ווי א שטיין פון מיעדקייט, און מורמעלט פון שלאף דעם קריאת־שמע לייענען, דערפאר איז ער דעם באס אזוי דאנקבאר וואס ער לאזט די ארבייטער מנחה דאווענען מיט מנין. כאטש איין דאווענען אין טאג מיט צבור, כאטש איין קדושה, טראכט ער זיך, נאט צו דאנקען דערפאר.

נור באלד איז געווארען ווי דער נביא זאגט: „ישראל איז פעט געווארען, האט ער ווידערגעשפענסטיגט“. דער פרומער באס האט זיך אנגעהויבען דאס בערדעל צו שניידען, און וואס לענגער זיינע פרומע אידען האבען ביי איהם געארבייט, אלץ קורצער איז זיין בערדעל און

זיינע קלײדער געװאָרען. „ער שניידט זיך אויף א דײטש“. „מילא, פּרנסה“, האבען די פרומע אידען געזאגט. ער איז שוין ניט געקומען מנחה דאַװנען מיט זיינע ארבייטער; „פּעריאַנט נעבעך, — האָט קיין צייט ניט“, האָבען איהם די פרומע אידען פערענטפערט.

מיט אמאָל זיינען די פרומע אידען געקומען צו דער ארבייט, געפינען זיך גאר מיידלאך ביי די מאַשינען — אידישע און קריסט־ליכע. די אידען האבען זיך ניט געוואלט אוועקזעצען צוזאמען מיט „נקבות“, האבען זיך געבעטען ביים בעל הבית, אז מען זאָל די אידען זעטצען בעזונדער און די מיידלאך בעזונדער. צוערשט האט מען זיי דאס נאך צוליעב געטהאָן, דערנאָך האָט דער בעל הבית געזאגט, אז ביי איהם איז ניט קיין מענער־שוהל בעזונדער און א װייבער־שוהל בעזונדער. די פרומע אידען האבען געקרעכצט און געשװיגען.

אין א שעהנעם פארנאכט װען די פרומע אידען האבען זיך אויפ־געשטעלט מנחה דאוונען, װי זייער געוואהנהייט איז געווען, איז דער בעל־הבית אריינגעקומען און האט זיי ערקלעהרט, אז זיין שאפּ איז קיין בית־המדרש ניט. װער עס וויל דאוונען, קען ער דאוונען אין דער היים, און דא בעדאַרף מען ארבייטען.

— וואס, װי הייסט, ר' ברכיה, איהר זיינט דאך א פרומער איד?

— יא, א פרומער, נישט קיין פרומער, איך צאהל אייך פאר אר־בייטען, ניט פאר דאוונען, — האט דער אידעל געזאגט.

נור די פרומע אידען האבען איהם ניט געהערט. אז עס איז גע־קומען די צייט מנחה צו דאוונען, האט פון ערגעץ א ווינקעל א איד זיך אויפגעשטעלט און געזאגט „אשרי יושבי ביתך“, און קוים האבען עס די אידען דערהערט, האט מען זיי ניט געקענט איינהאלטען, פון אלע ווינקעלאך איז געווארען א מורמעל „אשרי יושבי ביתך“.

בחינם האט זיך דער באס געקאכט, געסטראשעט, געשריען. די אידען האבען דערווייל אריינגעכאפּט א קדושה'לע און וויעדער גע־נומען זיך צו דער ארבייט.

נור וואס אמאָל איז דער שאפּ גרעסער געווארען, וואס אמאָל זיינען מעהר מיידלאך אריינגעקומען, און וואס אמאל מעהר אינגערע און שעהנערע, און וואס לענגער זיי האבען געארבייט, איז דעם אי־דעל'ס בייכעל אלץ דיקער געווארען, זיינע פינגערלאך פעטער, און זיינע אויגען גלאנצענדיגער.

אמאל, אין א שעהנעם פריה־מארגען האט דער באס ערקלעהרט זיינע ארבייטער, אזוי ווי ער האט זיין שאפ אויפגעפיקסט און גע־מאכט איהם אויף „א מאדערן סטייל", וועט מען ביי איהם, ווי אין אלע „מאדערנע פעקטארים" ארבייטען שבת, און רוהען זונטאג.

אז די פרומע אידען האבען עס דערהערט, איז ווי די ערד וואלט זיך געעפענט פאר זיי. זיי זיינען בלייך געווארען און דערשראקען, נור משה אהרן ליב מלמד האט זיך „איינגעשטעלט" דאס לעבען פאר גאט און געזאגט, ווי יהודה פאר יוסף'ן:

— אדוני בעל הבית, און אפילו אז איהר וועט אונז שמייסען מיט אייזערנע ריטער ווי נבוזרדן הרשע האט געטהאן, וועט איהר דען פועל'ן ביי אונז, אז מיר זאלען חלילה דעם הייליגען שבת פערשטערען?

— דארף מען נישט ! ווערמען עס געפעלט ניט, דער קען געהן ! און איהר מחוצף פנים, וואס איהר רעדט אקעגען א בעל־הבית, וועט געהן דער ערשטער.

נור דא האט זיך משה אהרן ליב מלמד דערמאהנט אן זיינע צוויי פלימעניקעס, מיט וועלכע ער האט זיך געשעהמט דערפאר, וואס זיי זיינען ניט פרום, אבער — האבען גוטע הערצער, האט ער זיך אבגערופען :

— קומט אידען מיט מיר, איך האב אן עצה.

דעם זעלבען אבענד איז אבגעהאלטען געווארען דער ערשטער סטרייק־מיטינג פון די פרומע אידען. דעם מלמד'ס צוויי פלימעניקעס האבען די פרומע אידען ארגאניזירט אין א יוניאן. די לייט פון דער יוניאן זיינען געקומען און האבען געהאלטען פאר זיי רעדעס, אבער די הויפט רעדע, וועלכע האט געמאכט אויף די סטרייקערס דעם שטארק־סטען איינדרוק, האט געהאלטען משה אהרן ליב מלמד. ער האט אונ־געפעהר געזאגט פאלגענדעס :

„רבותי, עס איז אויפגעשטאנען א המן, א רשע מרושע, וועלכער וויל נויטען, ווי נבוזרדן, אז אידען זאלען חלילה דעם הייליגען שבת צושטערען, און ווי ביי פרעה הרשע נויט ער אונז מיט אייזערנע רי־טער אז מיר זאלען ארבייטען ביי איהם עבודת פרך. אידען, לאזען מיר זיך איינשטעלען דאס לעבען פאר גאט און לאזען מיר סטרייקען, כדי אבצוהיטען די תורה און איהרע מצוות, און ווער עס וועט הערען, אויף דעם וועט קומען אלע ברכות פון די תורה, און אויף דעם רשע

אלע קללות פון דער תוכחה. אמן סלה. אידען, שטארקט אייך, מי לה' אלי" !

נאך צוויי וואכען פון פערביסענעם סטרייק, אין וועלכען די פרומע אידען האבען ארויסגעוויזען א שטארקע קאמפפס־פעהיגקייט, האבען זיי זיך צוריקגעקעהרט אין דעם שאפ „בתופים ובמחולות". זיי האבען געוואונען אלע בעדינגונגען, וועלכע די יוניאן האט ארויס־געשטעלט, און צווישען זיי זיינען געווען די ערשטע: אבצוהיטען שבת, מנחה דאווגען מיט מנין, געהעכערטע וויידזשעס און יוניאן־שטונדען.

מנחה ווערט היינט געדאווענט אין שאפ ניט ווי פריהער אב־געכאפט, נור מיט קדיש און מיט קדושה, און אז דער בעל הבית גע־פינט זיך אין שאפ זיינען זיי איהם מכבד מיט קדושה.

— פאר זיין געלד זאל ער הנאה האבען — שמייכלען די אידען אונטער אין די בערד.

און משה אהרן ליב מלמד איז פון דענסטמאל אן געווארען דער געטרייסטער יוניאן מאן. א־ווא ! — זאגט ער, עס איז דאך א גרויסער תקון עולם, די יוניאן. אהן איהר וואלטען דאך אידען, חלילה, געווען הפקר...



# „נאטהינג, באט ביזנעס“.

אויף דעם דעסק פון זיין שרייב־טיש אין זיין אפיס איז געהאנגען א שילדעל מיט געדרוקטע גאלדענע בוכשטאבען, אבגעדרוקט ווי אב־געמאלט מיט חנ'דלאך די ווערטער „נאטהינג באַט ביזנעס“. דאס האט געזאלט זיין א ווארנונג פאר די מענשען, וואס זיינען ארייגגע־קומען אין זיין אפיס, אז מיט איהם האט מען גאר נישט צו רעדען קיין איבריג ווארט א חוץ ביזנעס. און האט ווער געפרואווט רעדען מיט איהם עפּעס ניט וועגען ביזנעס, האט ער געוויזען אויף דער שילד. די שילד איז געשטאנען פאר זיינע אויגען אלע טעג פון דער גאנצער וואך אזוי לאנג ווי די עלעקטרישע ליכט האט אין טונקעלען אפיס בעלויכטען דעם טאג. און דער מענש האט זיך אזוי איינגעלעבט אין די ווערטער, אז די ווערטער האבען געשוועבט שטענדיג פאר זיינע אויגען. וואו ער האט זיך געפונען, אין אפיס צו אין דער היים ביי זיין פאמיליע, ביי זיין טיש, אדער ביינאכט אין שלאף, שטענדיג, שטענדיג איז פאר זיינע אויגען געוועזן „גאר נישט, נאר ביזנעס“, אזוי אז די ווערטער זיינען געווארען א שילד נישט נאר צו ווארנען אנדערע, נאר א סימבאל פון זיין פערזענליכקייט, פון דעם לעבעדיגען שטיק פלייש, וואס האט זיך געפונען אויף דעם שאקעל־שטוהל פאר זיין טיש — דורך דעם וועלען מיר איהם נישט רופען מיט דעם נאמען וואס ער האט געטראגען אין זיין לעבען. יענער נאמען איז גאר געוועזן אן אויסערליכער, א פערבייגעהענדיגער; מיר וועלען איהם רופען מיט זיין גייסטיגען נאמען, מיט דעם נאמען, וואס איז געווארען א סימבאל פון איהם — „גאר נישט, נאר ביזנעס“.

מר. „גאָרנישט, נאָר ביזנעס“ אי זאַ קליין געוויקסיג מענשעל, נאָר ניט אזוי קליין געוויקסיג אין קערפּער, ווי אין די פּיס. ער האט געהאט

גאנץ קורצע פיסלאך, אזוי אז ווען מען זעהט איהם פון הינטען, מאכט ער זעהר א טרויעריגען איינדרוק. און מען פרעגט זיך: „דאס איז עס אין גאנצען?“ ווארום טראגען טראגט עס הויזלאך, נישט קיין הויזען. און א פיגור אויך ווי פון א אינגעל. נאר דערפאר ליגט דער גאנצער „גארנישט, נאר ביזנעס“ אין פראנט. און קוקט מען איהם אין פנים אריין, זעהט מען באלד, אז עס איז „גארנישט, נאר ביזנעס“. א בלייך קאלט, טויט געזיכט, וואס בעוועגט זיך קיינמאל נישט, נישט קיין שמייכעל אויף די ליפען, נישט קיין קנייטש אין די אויגען, נאר ווי אן אויסגעטריקענטער סקעלעט פון א טויטען פויגעל־קאפ. א גרויסער ברייטער שטערן וואס ציהט זיך אין האלבען קאפ אריין, מיט צוויי טיעפע שווארצע אויגען־לעכער, וואס קוקען ארויס פון אונטער'ן שטערן אונבעוועגליך, מיט א ביסעל הישר אויף יעדען. רעדען רעדט עס געלאַ־סען, קורץ, אווארט א רענדעל. עס ענטפערט אויף יעדער פראגע. און שטענדיג אזוי, אז דו האסט שוין נישט וואס צו איבערצופרעגען. פון קיין זאך ווערט עס נישט איבערראשט, נישט דערשראקען און נישט דערפרעהט, נאר ווען מען זאגט איהם אן א העכסט פרעהליכע פאר איהם פאסירונג — דריקט ער אויס זיין ענטהוזיאזמוס דערמיט, וואס ער גיט א צוק מיט זיינע צוויי ווייכע הענטלאך — ווי ער וואלט זיי געוואלט זיך אין מויל אריינשטעקען.

דאס געדויערט נאר איין אויגענבליק און בעמערקען טהוען דאס נאר אויך אזעלכע מענשען, וועלכע זיינען געניט אין בעאבאכטונגען.

---

ווען „גאר נישט נאר ביזנעס“ איז נאך געוועזן א אינגעל אין חדר האבען זיך שוין אנגעהויבען ארויסצואווייזען זיינע פעהיגקייטען אין „ביזנעס“. שטענדיג האט ער געהאט וואס צו פערקויפען זיינע חברים. ער האט גענומען א ניי מעסערעל פאר צוואנציג קאפיקעס און האט עס „אויסגעפלעט“. געמאכט א גורל, פערציג קוויטלאך צו א קאפיקע א קוויטעל. און קוים האט ער אויסגעפלעט איין זאך, האט ער שוין גע־האט אין א פאר טאג ארום „לאזען“ אויף אן אנדער זאך. א בייטעלע, א פאר הענטשקעס, א פאר שלייקעס, אדער א קייטעל צו א זייגערל. אז ער איז עלטער געווארען און ער איז אריינגעקומען אין די העכערע

חדרים, וואו גרעסערע איינגלאך האבען געלערענט — האט ער אויסגע־בארגט די חברים געלד אויף פראצענט. ער האט מיט אמאל א איינגעל געגעבען א האלבען רובעל און האט דערפאר יערען טאג פון איהם צו־גענומען די קאפיקע, וואס די מוטער האט איהם געגעבען פרוכט צו קויפען. אזוי איז דאס איינגעלערענט געווארען אין „געשעפט" אין חדר, און ווען ער איז ארוים פון חדר, האט ער געהאט אין א לייווענדען זעקעל אויף זיין האלז אנגעבונדען א שעהנע פאר רובעל, און א געניטע פראקטיקע פון א סוחר.

אז ער איז ארוים פון חדר, וואו ער האט זיך אויך אויסגעלערענט צו שרייבען א ביסעל פויליש און רוסיש, האט ער געארבייט דער־נאך אין א געשעפט אין לאדז ביי מאנופאקטור. אנגעהויבען האט ער פון א שיק־איינגעל און געענדיגט האט ער ביי קאסירער. געוואונען האט ער דעם צוטרויען פון זיינע בעלי־בתים מיט זיין פלייסיג־שטילער ארבייטסזאמקייט, מיט זיין אונטערטהעניגקייט און געהארכזאמקייט. פינקטליך און שטיל האט ער אויסגעפיהרט יעדע אויפגאבע. נאר ווייטער איז ער נישט געגאנגען. זיינע חברים, וואס האבען אנגעהוי־בען מיט איהם אין איינעם, זיינען פיעל ווייטער געגאנגען. ביי דעם שנעלען וואקסען פון לאדז, זיינען א טהייל פון זיינע חברים הויך גע־שטיגען, האבען זיך אלס רייזענדע אגענטען געלאזט קיין רוסלאנד און דערנאך אליין געווארען סוחרים פאר זיך. א סך האבען שוין באנק־ראטירט און ווידער זיך ארויפגעארבייט. ער איז אלץ געבליבען זיצען אויף איין פלאץ, געגאנגען פון איין שטופע צו דער צווייטער, פון אן איבערשרייבער — צום צווייטען בוכהאלטער. פון בוכהאל־טער צו קאסירער. שפרינגען, לויפען איז ניט געווען זיין נאטור. נאר דערפאר האט ער געהאט אפגעשפארט דורך דער צייט פון זיין ארבייט א קליינעם פערמעגען, וועלכען ער האט געניט געוואוסט צו פערגרעסערען, אויסבארגענדיג עס אויף צינזען צו קליינע סוחרים'לאך, און געפיהרט אונטער דעם בעל־הבית' רוקען א געהיימע דיסקאנטע אויף קליינע וועקסלאך. עס האט שוין געהאלטען דערביי, אז ער זאל ווערען א שותף אין געשעפט, אין וועלכען ער האט געארבייט און נערוימט האט מען זיך בסוד, אז ער ווערט א חתן מיט'ן פרינציפאלס טאכטער. מיט א מאל האט זיך דאס רעדעל איבערגעדרעהט. עס איז אנגעקומען א קריזיס און פיעלע פון די קליינע מאנופעקטור־סוחרים'־

לאך אויף דער פּראָווינץ האָבן באַנקראָטירט, און „גאַרנישט, נאָר ביזנעס" האָט נישט נאָר פאַרלאָרען זיין געלד, נאָר ער האָט ניט געהאַט צו בעצאָהלען אַ גרעסערע סומע געלד צום באַלאַנץ, וואָס ער האָט איין נעהיים אַרויסגענומען פון פּרינציפּאַל'ס געשעפט — צו פיהרען זיין „פּראָצענט־ביזנעס". ער האָט מורא געהאַט פאַר פערפאָלגונג, און דיסקרעדיטירט איז דער נאָמען אויך געוואָרען — און ער האָט קיין אַנדערע מעלות ניט געהאַט ווי אַ „ריינעם נאָמען" — איז פאַר איהם עפּעס אַנדערש נישט איבערגעבליבען ווי אָוועקצולאָזען זיך אין אַמע־ ריקאַ.

נאָר דאָס זאָגען שונאים. איך ווייס נישט דעם טעם, פאַר וואָס ער האָט פערלאָזט לאַדז און איז אַראָב קיין אַמעריקאַ. אַז ער האָט געהאַנדעלט מיט זיין פּרינציפּאַל'ס געלד, גלויב איך נישט. דערפאַר, ווייל אַזוי ווי „גאָר נישט, נאָר ביזנעס" האָט געשאָנעוועט זיין גראָשען, האָט ער נאָך מעהר געשאָנעוועט אַ פרעמדען גראָשען. „פרעמדעס געלד איז הייליגער ווי אַ פרעמדענ'ס ווייב" האָט ער געזאָגט, ווייל אַ ווייב איז נאָר אַ ווייב, און געלד איז נאָך געלד, אין צינזען — איז געוועזן זיין דעוויז.

יערענפאַלס, וואָס עס איז נישט געוועזן דער טעם פון זיין אַראָב־ קומען אין אַמעריקאַ, דאָ אין אַ פרעמדען לאַנד איז ער נישט פערפאַלען געוואָרען. פערקעהרט, דאָ האָט ער געפונען אַ גינסטיגען באָדען פאַר זיינע נאַטירליכע פעהיגקייטען. אַ ביסעלע געלד האָט ער מיטגעבראַכט, און האָט אויך געוואוסט ווי טיכטיג עס אויסצונוצען. אויף דער סמאָנ־ ציע אין וועלכער ער איז איינגעשטאַנען, האָט ער זיך בעקענט מיט אַ צווייטען באָרדער, וואָס פערקויפט צו אַרבייטער „דזשולערי" אויף אויסצוצאָהלען.

— ווען איך וואָלט געהאַט אַ ביסעל געלד אַליין צו קויפען די „דזשולערי", נישט צו נעהמען אויף באָרג ביי די אַמעריקאַנער פעל־ריי־ סער, וואָלט עס געוועזן אַ געשעפט, — האָט דער יונגערמאַן, דער באָר־ דער, וואָס איז געוועזן אַ גאַליציאַנער, געקלאָגט פאַר איהם.

„גאָר נישט, נאָר ביזנעס" האָט מיט איהם אַ געשעפט אָבגעמאַכט. ער האָט איינגעקויפט די „דזשולערי" פאַר „קעש" און דער גאַליציאַ־ נער האָט עס פערהאַנדעלט אויף אויסצאָהלען ביי זיינע לאַנדסלייט. געהאַט האָבען זיי די ביזנעס בשותפות, און די „דזשולערי" האָט „נאָר

נישט נאר ביזנעס“ פון האנד נישט ארויסגעגעבען, נאר געהאלטען אין פאקעט. ער אליין האט עס איבערגעגעבען דעם „קאסטימער“, און די רעכענונג איז אויף זיין נאמען אויסגעשטעלט געווארען. דער גא־ליציאנער האט געארבייט, און „גאר נישט, נאר ביזנעס“ האט געלע־רענט ענגליש. געלערענט וואו ער איז געשטאנען און געגאנגען. געפאה־רען אויף דער קאר — האט ער די שילדען געלעזען, געקוקט אין א צוויי־טענס צייטונג אריין. אין אבענד־שול געגאנגען. און געגעסען האט ער טרוקען ברויט, און געזאמעלט סענט צו סענט. אין א פאר חדשים ארום האט ער שוין געהאט מיט איינעם שותפות מעבעל אויף אויס־צוצאהלען. און ענגליש געלערענט, און סענטען געזאמעלט. און עס איז נישט דורכגעגאנגען קיין פאר יאהר, און „גארנישט נאר ביזנעס“ האט שוין געהאט אן אייגענעם אפיס דאון טאון, אבגעגאלטע וואנצעס און געררעדט נור ענגליש.

דאס ביזנעס איז געווען אן עקספעדיציאנס־אפיס, וואס קיינער האט נישט געוואוסט וואס עס עקספעדירט אזעלכעס, פון רוסלאנד צו קיין רוסלאנד. טהייל האבען געזאגט, אז ער בעציהט פלאקס פון רוסלאנד און שטעלט זיי צו אין גרויסע מאנופעקטשורס, און אנדערע האבען גע־זאגט אז פערקעהרט, ער שיקט לעדער קיין רוסלאנד. אויף זיכער האט קיינער נישט געוואוסט, ווארים קיין פעק אין זיין אפיס האט מען נים געזעהן. „גאר נישט נאר ביזנעס“ איז שטענדיג געזעסען איבער זיין דעסק, אריבערגעבויגען איבער פאפירען, און געהאלטען אין איין דיק־טירען בריעף די „מאשין־שרייבערין“. א גאנצען טאג האט מען אין זיין אפיס (וואס איז געווען אויף א צעהנטען שטאק אויף בראד־וויי ערגעץ, און איז גאנצע טעג געווען בעלויכטען מיט עלעקטרישע ליכט), געהערט דאס קלאפען פון דער שרייב־מאשין. און „גארנישט נאר ביזנעס“ איז געזעסען איבער זיין דעסק מיט א פאר שווארצע ארבעל אויף די מאנזשעטען (אז ער זאל זיי נים איינרעכטען), אין א גומענעם קראגען, (וואס ער האט עקסטרא געהאט פאר׳ן אפיס, כדי דעם געוועהנליכען צו שאנעווען) אין אן אלט ריפסענעם רעקעל (דער ראק פון זיין אנצוג, וואס ער האט געטראגען אויף דער גאס, איז אין אפיס געווען איינגעהילט אין א לייווענט, אז ער זאל נישט פערשטויבט ווערען, און געהאנגען אויף דער וואנד). די קליי־דער זיינע זיינען גאר געווען פערהאנגען, בעהאלטען פון אפיס שטויב.

דעם קערפּער זיינעם און די נשמה זיינע האָט פערשטויבט א גאנצען טאג דער אַפּיס שטויב, וואס איז געפאלען אויף זיינע פּאַפּירען, די אויגען זיינע האבען קיין אנדערעס ליכט ניט געזעהן, נאָר די אַפּיס־ליכט, דאס עלעקטרישע, און פון זיין קערפּער האט מען געפיהלט דעם זיסליך־טוכלען גערוך, וואס מען פיהלט פון ביכער וואס שטעהען ביי א לאיער און ווערען קיינמאל ניט גענוצט, אדער פון ווייך מעבעל וואס שטעהען אין אן עמפּפאנגס צימער פון אן אַפּיס. און פאַר זיינע אויגען האָט תמיד געשוועבט דער בעריהמטער שפּרוך, וואס איז געשטאנען אלס א שילד אויף זיין דעסק: „גאָרנישט נאר ביזנעס“.

צו זיין ליוב מוזען מיר נאָך צוגעבען פאלגענדען שטריך: אין דער ערשטער צייט, ווען ער איז געקומען אין אמעריקא, און עס איז איהם שלעכט געגאנגען — האט ער קיינעם נישט פון זיינע לאנדסלייט אדער חברים אויפגעזוכט. ער האט נישט געוואלט, אַז זיי זאלען איהם זעהן ווי עס געהט איהם שלעכט. ערשט דערנאָך, ווען ער האט שוין געהאט א בענק־קאנטאר, האט ער אריינגעשיקט א טשעק אין א סאסייעטי, וואו פיעלע פון זיינע לאנדסלייט זיינען מעמבערס, אזוי ארום צו וויסען געבען פון זיין עקזיסטענץ נאר דאס איין מאל. מעהר האט ער נישט געלאזט הערען פון זיך.

---

פאַר דעם שעהנעם געשלעכט האט „גאָר נישט נאר ביזנעס“ נישט געהאט קיין בעזונדערען געפיהל. ער האט מורא געהאט פאר זיי. אלעס וואס איז דא און קומט פאר אין לעבען איז ביי „גאָרנישט נאר ביזנעס“ געווען צוטהיילט אין צוויי חלקים, — אין „קרעדיט“ און „דע־ביט“. און וואו ער איז געגאנגען, און וואס ער האט געטהאן, האט ער שטענדיג געהאט פאר די אויגען די צוויי בלעטער פון זיין האנדעלס־בוך, וואס ווייזען אן שווארץ אויף ווייס צי ער קריגט אריין געלד אדער ער גיט אויס געלד. און דאס „שעהנע געשלעכט“ איז געווען עפּעס אזעלכעס, וואס פערשווערט זעהר דעם „קרעדיט“ און בעשווארצט איהם מיט ציפערען. און דאס געלד וואס מען גיט אויס איז צוויי מאל היזק. איינמאל דאס געלד, און דאס צווייטע מאל די ציגזען וואס דאס געלד קען אריינברענגען, ווארים „געלד איז נאך א מאל געלד“ איז געווען זיין דעוויז. דאך צייט מען האט איהם גערעדט א שדוך דעם „פּרינ־

ציפאל'ס טאכטער" אין לאדזער מאנופאקטור־געשעפט, האט ער איינ־געזעהן, אז דאס שעהנע געשלעכט איז נישט בלויז וואס מאכט שווע־רער די אויסגאבען, נאר עס קען אויך אמאל פערדאפלען און פער־דרייפאכען די איינקונפטען. איז די פרוי געווארען פאר איהם עפעס אזעלכעס, וואס דורך איהר קען מען צו עפעס קומען. און אזוי ווי ביי יעדען געשעפט, אזוי האט ער אויך דאס מאל בערעכענט, אז וואס מעהר ער וועט אליין זיין אימשטאנד אריינצוטרעטען מיט א גרעסע־רען קאפיטאל אין שותפות, דאס גרעסער וועט דער קאפיטאל זיין פון דער צווייטער זייט. האט ער אבגעלעגט די חתונה־האבען און גע־ווארט, ביז ער אליין וועט האבען אן אייגענעם אפיס, א קאפיטאל, א ביזנעס־נאמען און א געשעפט, כדי פון דער צווייטער זייט זאל ער קענען פערלאנגען אזא קאפיטאל וואס זאל דאס זייניגע איבערוועגען. און ווייל עס האט זיך איהם שטענדיג אויסגעוויזען, אז וואס לענגער ער וועט ווארטען, וועט זיך זיין קאפיטאל אלץ פערגרעסערען, דורך דעם וועט ער פון דער צווייטער זייט אויך קענען האבען אזא גרויסען נדן — האט ער געהאלטען אין איין אבלעגען שדוכים. עס האט זיך איהם אלץ אויסגעוויזען. אז ער קען טהאן א בעסערען שדוך און מיט מעהר נדן. ער דארף נאך אבווארטען א יאהר, צוויי, ביז זיין קאפי־טאל וועט דערגרייכען צו א רונדע ציפער, און דער שדכן וועט קענען אנרופען א בעשטימטען נומער וואס וועט מאכען אן איינדרוק. אזוי איז דורכגעגאנגען א שטיק צייט, א האלב פון זיין לעבען און ער האט ניט חתונה געהאט. און דאך האט ער דאס ניט געטהאן פון גייציגקייט, נאר ער האט זיך ווירקליך געשראקען פאר דער פרוי, וואס פערגרעסערט די אויסגאבען און מאכט שווערער די פליכטען פון מענשען. פון אלע זיינע פריינד און בעקאנטע האט ער נאר געהערט ווי מען איז איהם מקנא, און אלע האבען גע'טענה'ט צו איהם: „וואס רייסט איהר איין אזוי די וועלט? איהר האט א ווייב מיט קינדער צו דערנעהרען?“ „אייך איז גוט, איהר האט ניט קיין ווייב און קינדער“. און ער האט זיך פארגעשטעלט דאס ווייב, וואס מאכט א תל פון דעם מענשען'ס קאפיטאל. זי האט קינדער, מוז זיך קליידען שעהן, האבען א שעהנע וואהנונג — „א הויז פיהרען“ — דאס אלעס זיינען אזעלכע שרעקליכע זאכען פאר'ן מענשען'ס קאפיטאל. און דאס ווייב איז ביי איהם גע־ווארען ווי ביי טהייל קראנקע מענשען, וואס קענען נישט קוקען אויף

א ברייט וואסער, א טייך אדער א ים אהנע צו דענקען, אז זיי מוזען ארייגפאלען... דורך דעם האט ער נישט געוואלט פריהער חתונה האבען און אבגעשיקט אלע שדכנים מיט די פאטאגראפיעס ביז ער וועט האבען אזא קאפּיטאל וואס וועט איהם זיכערען מיט די בלויזע צינזען אן עקזיסטענץ אפילו פאר די אויסגאבען פון א ווייב מיט קינדער.

באלד אבער האט זיך „גארנישט נאר ביזנעס“ ארומגעזעהן, אז זיין פּרייז אויף דעם מארק פון די חתנים האלט נישט אין איין שטייגען מיט זיין קאפּיטאל, נאר פערקעהרט, וואס עלטער ער ווערט, וואס מעהר עס פערגרעסערט זיך זיין קאפּיטאל — פאלט אלץ זיין פּרייז אלס חתן. ער איז איבערגעשטאנען, איבערגעכאפּט די מאס, — האט ער געקלערט שוין גאר ניט חתונה צו האבען, כאטש ער האט געבענקט נאך א פאמיליען־לעבען. באלד אבער האט ער דערפיהלט, אז ער ווערט אן אלטער, קראנקער בחור. ער האט געהאט צו טהאן מיט א מאגען־קראנקהייט, וואס איז איהם געקומען פון שלעכט עסען אין זיינע יונגע יאהרען און פון דעם וואס דער קערפּער זיינער האט נישט געהאט קיין בעוועגונג. ער האט זיך אנגעהויבען צו דאקטארען, און עס האט זיך איהם אלץ אויסגעדאכט, אז די דאקטוירים נארען איהם אב, זיי מאכען איהם מיט א כיון קראנק, כדי געלד פון איהם אויסצונארען, האט ער געהאלטען אין איין בייטען דאקטוירים. יעדער נייער דאקטאר האט ביי איהם א נייע קרענק ענטדעקט, און געהיילט איהם אויף עפּעס אנדערש. ער האט אנגעהויבען די דאקטוירים אזוי צו האסען, אז ער האט זיי אין גאנצען אויסגעמידען. אבער די קרענק האט איהם נישט געלאזט רוהען. ער האט געליטען פון פערשטאפּעניש, און גע־האלטען אין איין אויסזוכען צווישען די אנאנסען פון די צייטונגען די פערשיעדענע מיטלען, טהעע, פּיגאלקעס, שאקאלאד, וואס טרייבען אפּ. יעדער נייער מיטעל האט אין אנפאנג געהאלפען, און ער האט גע־מיינט, אז די ישועה איז געקומען. קוים אבער האט זיך זיין ארגא־ניזם צוגעוואוינט דערצו, האט עס ווידער נים געהאלפען, און ער איז ווידער געלאפען צו דאקטוירים, צו פּראפעסארען.

די קרענק, אויסער וואס זי האט פערגרעסערט זיינע אויסגאבען אוועקגענומען איהם צייט, האט איהם נאך געמאכט זעהר נערוועז. צוערשט האט ער זיך געמיהט ניט ארויסצואווייזען זיין נערוועזיטעט אין די ביזנעס. און ווירקליך, די ביזנעס האבען אויף איהם געהאט

אזא מאכט, אז ווען ער איז געווען פערנומען אין געשעפט, האט ער פערגעסען אן זיין קרענק און געפיהלט זיך צופריעדען. באלד אבער האט זיין נערוועזיטעט אויך זיך ארויסגעוויזען אין אפיס. ער האט אנגעהויבען צו שרייען און צו בייזערען זיך אויף די מענשען פון אפיס. דורך דעם האט ער פערלארען דאס גאנצע אנזעהן ביי זיינע מענשען, וואס ער האט זיך ערווארבען אלס ביזנעס־מאן. ער האט געפיהלט אז מען לאכט אויס איהם אונטער זיין רוקען, מען הארכט איהם נישט. דאס האט איהם מעהר פאר אלץ דערשראקען און ער האט בעשטימט חתונה צו האבען.

און חתונה האבען האט ער געוואלט שוין אהן נדן, א פראסט, אידיש מיידעל פון א גוט הויז ארויס, אהן א גראשען געלד, כדי זי זאל נישט האבען קיין גרויסע פערלאנגען, און זאל איהם דאנקבאר זיין וואס ער האט זי גענומען אהן נדן — און וועט איהם ליעב האבען דערפאר. ער האט געלאזט פאלען אווארט די שדכנים דעריבער, וואס האבען איהם געהאלטען נאך אין איין שלעפען בעקענען זיך מיט כלות. און באלד איז די שופלאדעל פון זיין דעסק, וואס האט געטראגען דעם אויפשריפט „פערזענליכעס“, פול געווארען מיט פאטאגראפיעס פון יונגע שעהנע מיידלאך, וואס דאס געזונדהייט און פרישקייט דאט ארויסגעשפריצט פון זייערע אויגען, באקען און מיילער. ער האט זיך אויסגעזוכט א מיידעל מיט א צנועה'דיג שטילען בליק, וואס עס האט זיך איהם געדאכט, אז זי וועט וויניגער פון אלע אנדערע האבען גרויסע פערלאנגען — און געהייסען איהם בעקענען מיט איהר.

מען האט איהם אריינגעפיהרט צו אן אלמנה אין שטוב, וואס האט געלעבט מיט איהרע דריי טעכטער און א זוהן ערגעץ וואו אין ברוקלין. דער מאן איהרער איז געווען א ריעל־עסטייטניק און איז אמאל געווען גוט אב, איז געשטארבען אין דער צייט פון גרויסען קריזיס און איבערגעלאזט די אלמנה אן אייגענע הויז און א סך חובות. דאס הויז האט מען געשטעלט אויף ליציטאציע, נאר עס האט נאך קיינער נישט אבגעקויפט, האט דערווייל דערינען געוואוינט די אלמנה. געלעבט האבען זיי „אפיציעל“ פון דעם , וואס דער עלטערער זוהן, וואס איז געווען א דענטיסט, האט זיי אונטערשטיצט, נאר אונאפיציעל האבען די דריי מיידלאך געארבייט ביי א מאדיסטקע און פון דעם אייגענטליך האבען זיי געמאכט א לעבען. סען האט זיך געהיט דערמיט

פאר שדכנים, ווארום די מיידלאך זיינען געשטאנען אין שדוכים, און זייער גאנצער נדן איז געווען וואס זיי קומען ארויס פון אן אנשטאנדיג הויז און זיינען בעל־בתישע קינדער. „גארנישט נאר ביזנעס" איז דוקא געפעלען די צווייטע פון די דריי, מים פעני, א שווארץ חנעווריגע מיט צוויי ליעבעס פלעקלאך אין די ווינקלען פון די באקען, מיט א כשר'ען אונשולדיגען בליק.

אייגענטליך זיינען די אנדערע צוויי שוועסטער נישט געווען מיאוס'ער פון די צווייטע, און עס וואלט איהם גאנץ גוט אזוי אויך געפעלען מים העלענא, די עלטערע ווי די אינגערע. נאר עפעס אזוי, אז די ארימע אלמנה זאל עס ניט אנקומען אזוי לייכט צו קריגען פאר איהרס א טאכטער אזא חתן, ווי „גארנישט נאר ביזנעס", האט ער זיך דוקא „פערליעבט" אין דער צווייטער און אנגעמאכט אין דער משפחה א שטיקעל טראגעדיע, וואס די צווייטע געהט פריהער חתונה האבען פאר דער ערשטער. נאר סיי ווי סיי איז עס געווען א גרויס גליק אין דער פאמיליע, ווארים „גארנישט, נאר ביזנעס" האט שוין גע־האט א גרויסען נאמען אין דער ביזנעס־וועלט, און מען האט געשאצט זיין פערמעגען אין די צעהנדליגע טויזענדער. שכנים האבען מקנא געווען, און די פאמיליע, וואס האט אונטערשטיצט די אלמנה מיט די יתומים, האט אודאי מקנא געווען. „נו, יעצט וועלען זיי האבען אן אייגענעם", און אם מייסטען האט מען מקנא געווען דער מיידעל. אלע האבען זיך געקושט מיט איהר און בעגליקוואונשט, און אלע הא־בען איהר פערזיכערט, אז זיי ווינשען איהר דאס גליק פון גאנצען הארצען און זיי זיינען גאר ניט מקנא.

„גאר נישט נאר ביזנעס" האט זיך מיט דער משפחה פון זיין כלה נישט אריינגעלאזט אין קיין פאמיליארע פערהעלטניסע. געקענט האט ער נאר זיין כלה. געקומען רעגעלמעסיג יעדען שבת נאכמיטאג צו גאסט, און אויסגעגאנגען מיט זיין כלה שבת און זונטאג, געפיהרט זי פון צייט צו צייט אין דער אפערא, אמאל אויך געפיהרט זי אין א גרויסארטיגען האטעל צו דינער. נאך דער אפערא געגעבען איהר א „נייס טיים", א „רייד" מיט אן אויטאמאביל איבער צענטראל פארק, און צו איהר געבורטס־טאג האט ער איהר געשאנקען „רזשולערי". די משפחה איז געקומען בעקוקען די „רזשולערי" און אלע האבען זיך

געפרעהט, און אלע האבען זי פערזיכערט, אז זיי ווינשען איהר דאס גליק פון גאנצען הארצען און זיינען איהר ניט מקנא.

דאס מיידעל אבער אליין האט נישט געוואוסט, וואס איז דא דאס „גרויסע גליק" און וואס איז דא אזוינס מקנא צו זיין. מייסטענס זיינען זייערע „ריידס" געווען לאנגווייליג און אויך די „נייס טיימס", וואס ער האט איהר געגעבען. „גארנישט נאר ביזנעס" האט מייסטענס געשוויגען, ווען ער איז געפאהרען מיט זיין כלה שפאַ־צירען, אדער געזעסען מיט איהר אין אפערא. און איינמאל האט זיך איהר אויסגעדאכט, אז דער קעלנער אין אסטאר האטעל האט געלאכט אויס איהם, ווען ער איז אריינגעקומען מיט איהר, און ער האט זיך פריהער פון איהר אוועקגעזעצט, און נישט געהאלפען איהר דעם מאנטעל אראבנעהמען. זי איז רויט געווארען פאר חרפה. אין די געשפרעכען, וואס ער האט געפיהרט מיט איהר, האט ער איהר גענוג דייטליך געגעבען אנצוהערען פאר וואס ער נעהמט זי, א מיידעל אהן נדן, כאטש ער וואלט געקענט קריגען א גרויסען נדן. נאר דערפאר וואס ער גלויבט, אז ווען מען האט חתונה מיט א גרויסען נדן האט מען צו גרויסע פליכטען. און ער וויל בויען מיט איהר א הויז, וואס זאל זיין געשטיצט אויף איינגעהאלטענקייט און אויסגערעכענטקייט, אויף א תכלית צוליעב קינדער. ביים לעצטען ווארט האט ער געגעבען א שמייכעל, ווי א מייזעל וואלט איהם דורכגעלאפען פון מויל ארויס אין ווייסען קראגען אריין... און עפעס א רודער געטהאן מיט די הענד, וואס האט זי אבגעשטויסען, און זי איז רויט געווארען און האט נישט געוואוסט וואו די אויגען אהינצוטהאן. נאר סיי ווי סיי, אז זי האט געזעהן אז מענשען זיינען איהר מקנא און אלע פרעהען זיך און זאגען אז עס איז א „גליק", האט זי עס אויך געהאלטען פאר א גליק, וואס זי פערשטעהט ניט דעם ווערטה דערפון.

זי האט נאר נישט געוואוסט ווי אזוי זי וועט איהם ליעב האבען. צייט ער האט גערעדט מיט איהר וועגען קינדער האבען און א תכלית, האט זי טיעפער אריינגעקלעהרט וועגען ליעבע צו איהם. איהר פאנ־טאזיע האט איהר געמאלען נישט קיין זעהר אנגענעהמע בילדער פון זיין אויסערליכען... דער שמייכעל אויף זיינע טויטע ליפען און דאס אוננאטירליכע בלאסקייט פון זיינע הענד וואס זי האט געזעהן ארויס־שטארען פון זיינע ברייטע מאנזשעטען, האט געהאט עפעס אבשטוי־

סענדעס. נאר איהר מוטער און איהרע א נאהענטע חבר'טארין, וועד מען זי האט פערטרויט איהר שרעק, האבען איהר אויסגערעדט און געזאגט צו איהר, אז ליעבע איז אזא געפיהל וואס מען געוואוינט זיך איין און מען לערענט עס זיך אויס מיט דער צייט, און מיט די „עקס־פיריענס", און ביי דער מאמען איז עס אויך אזוי געוועזן...

נאך דער חתונה האט „גארנישט נאר ביזנעס" געדונגען א שטאק אין אן אפארטמענט הויז אין הארלעם. אין דער ניי־איינמעבלירטער וואהנונג זיינען אריבערגעטראגען געווארען די אלע מעדיצין־פלעשלאך, זאלבען און קאסמעס וואס „גארנישט נאר ביזנעס" האט בענוצט פאר זיין קראנקהייט. דאס יונגע ווייבעל, וועלכע איז ערשט ארויס פון דער מאמעס היים מיט א געזונטען פרישען קערפער און גייסט האט געהאט אזא מארנע געפיהל צו די פערשיעדענע פלעשלאך מע־דיצין און קאסמעס, וואס זיינען מיט אמאל געווארען אזוי היימיש און נאהענט צו איהר אייגען ליעב, אז זי האט געפיהלט אן עקעל, נישט נאר בלויז צו דעם לייב וואס בענוצט דאס, נור אויך צו איהר אייגענעם געזונדען קערפער, וואס קומט אין בעריהרונג מיט יענעם לייב... און דאס מיידעל האט זיך געהאלטען אין איין וואשען...

אויך האט „גארנישט נאר ביזנעס" געמאכט א שרעקליכע ענטדעקונג, אז ער האט צו לאנג געווארט מיט זיין חתונה האבען און אנגעהויבען זיך צו דאקטארען וויעדער... די אלע רעצעפטען וואס האבען אנגעפילט דער ווייבעל'ס נייע היים, האט זי אריינגעבראכט אין אזא פערצווייפעלטער מרת־שחורה'דיגער שטימונג, אז אלעס איז איהר פער'מאוסט געווארען. פאר אלעס האט זי געעקעלט פון זיך אליין, און דאס ערגסטע איז געוועזן וואס זי האט נישט געהאט קיינעם צו פערטרויען איהר צער; זי האט זיך געשעהמט פאר דער מוטער און פערשאלטען איהר משפחה און איהר מזל, וואס האבען זי פערבונ־דען מיט איהם.

באלד אבער האט זי זיך איינגעוואוינט צו דעם לעבען. זי האט אנגעהויבען צו זוכען בעפריעדיגונג און אנדערע פערגעניגענס. זי האט זיך אנגעהויבען צו פוצען, געמאכט זיך שעהנע קליידער און גע־וועזן פערנומען גאנצע טעג ביי דער שניידערקע.

דער מאן האט איהר ניט געשטערט. אין אנפאנג האט ער גע־צאהלט די רעכענונגען פון די שניידערקעס און די סטארס, און עס

האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט צופריעדען געווען וואס זי פוצט זיך. נאר באלד איז איהר דאס פוצען און אנטהאן זיך אויף פער'מיאוס'ט געווארען. זי האט נישט געהאט פאר ווערמען זיך אנצוטהאן. א גאנ־צען טאג איז זי געווען איינע אליין אין די שטובען און האט נישט געהאט וואס צו טהאן מיט איהר צייט. אויפגעשטאנען פריהמארגענס, איז ער שוין לענגסט נישט געווען. די שטיבער האט אויך שוין די דיענסט געהאט אויפגערוימט. צו דער מאמען איז געווען צו ווייט צו פאהרען. די שוועסטער האבען געארבייט. האט זי געהאלטען אין איין לעזען לאנגווייליגע אמעריקאנער ראמאנען, וואס האבען זי נישט אינטערעסירט, אדער זי האט געשלאפען האלבע טעג. איז זי אראבגעגאנגען שפאצירען, האט זי נישט געהאט מיט ווער מען א ווארט אויסצורעדען. די אלע פרויען, וואס האבען געוואוינט אין איהר שכנות און מיט וועלכע זי האט זיך בעגעגענט פאר דער טהיר, אויף לענאקס עוועניו אדער אין פארק, זיינען געווען מעהרסטענס שוין לענגסט פערהייראטע, האבען שוין קינדער געהאט און געהאלטען אין איין רעדען ווי בייבים צו ערציהען, וועלכע שפייז איז געזינטער פאר א קינד, און וואס צו עסען, אז מען זאל נימ אזוי דיק ווערען און וועגען עהנליכע זאכען. מיט די אלע ווייבער האט זי זיך נימ געקענט צונויפ־רעדען, יעדענפאלס קיין פריינד ניט געקאנט געפינען צווישען זיי. איז זי געווען איינע אליין אין דער גרויסער שטאדט ניו יארק. קיין פריינד, וואס זאלען ארויפקומען צו איהר, האט זי נימ געהאט, און „גארנישט נאר ביזנעס" האט אודאי קיין פריינד ניט געהאט, וואס זאלען ארויפקומען צו איהם אין הויז. ער האט מיט קיינעם אין ניו יארק ניט גערעדט, מיט קיינעם קיין בעציהונג ניט געהאט, נאר וועגען ביזנעס, ווארים אויף זיין שרייב־טיש איז געהאנגען די שילד „גאר־נישט, נאר ביזנעס", און קיין מענש האט מיט איהם וועגען קיין אנדער זאך ניט גערעדט נאר ביזנעס.

איז ער געקומען אהיים אויף דער נאכט.—„וואס מאכסטו, דאר־לינג?"—האט ער איהר געגעבען א קוש אין שטערן און אוועקגעזעצט זיך צום טיש. ביים טיש האט ער אויך מייסטענס נאר גערעדט וועגען ביזנעס, וועגען זיינע געשעפטען, ווארים וועגען עפעס אנדערש האט „גארנישט נאר ביזנעס" ניט געוואוסט צו רעדען מיט קיינעם,

אפילו מיט זיין ווייב, ווייל ער האט קיינמאל ניט גערעדט וועגן עפעס אנדערש. און אז ער האט זי געוואלט גאר גוט ווילען און זאגען איהר עפעס אמוזאנטעס, האט ער איהר דערצעהלט:

— ווייסט, דארלינג, היינט האב איך געהאט א „דזשאוק“ מיט א לאיער. איך האב געהאט אן אגרימענט אבצומאכען מיט מיסטער גרינבוים, האט מיר זיין לאיער געוואלט ארייןשטעלען אין „אגרימענט“ אזא פונקט, מיט וועלכען ער האט מיך געוואלט בינדען. בין איך דאך ניט קיין לאיער, האב איך איהם געוויזען, אז איך קען מיך אויך אויף די לאאס.

און דערביי האט ער אזוי הויך געלאכט, און געמיינט אז ער האט איהר דערצעהלט עפעס זעהר אמוזאנטעס. און דאס ווייבעל האט איהם צוליעב געטהאן און געהאלפען איהם מיטלאכען. אדער ער האט איהר דערצעהלט.

— דארלינג, מר. גרינבוים מיינט, אז איך בין א גרינער, דערפאר ווייל איך בין נישט געגאנגען אין די אמעריקאן סקוהלס, אבער אין ביזנעס בין איך מעהר אמעריקאנער פון זיי אלעמען.

נאר דאס פלעגט ער זאגען, ווען ער איז שוין געווען אין א גאר גוטען מוטה, ווען דער מאגען האט איהם נישט געפייניגט. מעהרסטען האט ער מיט'ן ווייבעל נישט גערעדט וועגען ביזנעס, נאר וועגען זיין קרענק. עס האט זיך איהם געדאכט, אז רעדען אין דער היים מיט א פרוי דארף מען טאקע ניט וועגען ביזנעס, נאר וועגען היימישע פערזענליכע זאכען דארף מען זיך אונערהאלטען, און זיין „מאגען“ איז געווארען די בעליעבסטע טהעמע אין זיינע געשפרעכען מיט זיין פרוי:

— ווייסט, דארלינג, דער טהעע, וואס אנאנסירט זיך אין די צייטונגען, העלפט שוין ווידער ניט; עס איז אמעריקאנער בלאף.

אז ער האט זיך נישט בעקלאגט אויפ'ן מאגען אדער ער האט נישט געמאכט קיין עקספערימענטען מיט פערשיעדענע טהעען און פיגולקעס, האט ער זיך באלד נאכ'ן עסען אוועקגעלעגט א האלבער אן אויסגעטהאנענער אויף דעם שאקעל־שטוהל און פערטיעפט זיך אין א בערזע־צייטונג מיט פערשיעדענע ציפערען, פון וועלכע ער האט זיך געמאכט נאטיצען אין זיין ביכעל. אדער ער איז אזוי מיעד געווארען, אז ער איז איינגעשלאפען אויף דעם שאקעל־שטוהל. זי

האט זיך אבער געהאט אויסגעשלאפען דורך דעם גאנצען טאג און געווען פריש און געוואלט ערגעץ וואו געהן פערברענגען.

זי פלעגט איהם אנהויבען צו צורעדען, אז זיי זאלען ערגעץ וואו ארויסגעהן פערברענגען דעם אבענד.

— וואוהין וועסט דו געהן, דארלינג? נישט אינטערעסאנט. בלייבען מיר בעסער אין דער היים, וועלען מיר זיך „ענדזשאיען“ מיט אונז אליין.

און די „ענדזשאימענטס“ איז בעשטאנען אין מאגען־געשפּרע־כען... און עס האט זיך איהם געדאכט, אז דאס ווייבעל איז גליקליך. און ער איז צופריעדען געווען, וואס ער האט גליקליך געמאכט א מענשען. אין אמת'ן אין הארצען האט ער איהר ניט פערגונען דאס גליק, נאר ער איז צופריעדען געווען וואס ער איז אזא גוטער מענש. און ער פלעגט טהיילמאל אין אבענד, ווען זיי זיינען געזעסען בייס געדעקטען טיש, און די דיענסט האט דערלאנגט דעם סטייק, זאגען צו איהר מיט א קנאה'דיגען שמייכעל:

— ביזט צופריעדען, דארלינג? ביזט גליקליך, הע? — און מענשען מיינען, אז מען קען נאר זיין גליקליך און חתונה האבען ווען מען נעהמט א ווייב מיט א סך נדן. אך, מענשען זיינען נאראנים, דארלינג, — האט ער געגעבען א גלעט מיט זיין ווייכער האנד איבער איהר יונגען, רויטען נאקען.

דאס ווייבעל איז רויט געווארען און האט איהם גארנישט גע־ענטפערט, נאר געקריגען אן עקעל פאר איהם, און געהאסט איהר מוטער און איהר משפחה, וואס האבען זי פערבונדען מיט איהם.

---

זי האט געזוכט עצות ווי אזוי פטור צו ווערען פון איהם און האט קיין וועג נישט געהאט. די מוטער, וועמען זי האט פערטרויט איהר עקעל צו איהם מיט זיין מאגען־קראנקהייט און מיט זיינע געהיימע רעצעפּטען — האט זי אויסגע'מוסר'ט, אז „זי ווייסט ניט וואס זי וויל“, אז אלע יונגע ווייבלאך היינט געהן ארום ווי אויף א צווייטער וועלט און קווענקלען זיך און ווייסען ניט וואס זיי ווילען:

— ברויט האסט דו? א שטוב האסט דו? און קליידער מאכט ער דיר אזעלכע וועלכע דו ווילסט נאר? און וואס ווילסטו האבען

— ליעבע? די ליעבע קומט שוין אליין. האב דו איהם ליעב, וועט ער דיך ליעב האבען.

און זי האט ווירקליך נישט געוואוסט וואס צו וועלען און וואס צו פערלאנגען. אלעס, וואס א מענש בעדארפט צו לעבען, האט זי געהאט, און נאך מעהר. נאר עס האט עפּעס אין דעם אלעס געפעהלט, עפּעס אזעלכעס, וואס זי האט נישט געוואוסט ווי אנצורופען.

אמאל איז זי געזעסען אין גארטען. עס איז געווען א שעהנער פריהלינגס־טאג און די יונגע מאמעס האבען זיך געשפּיעלט מיט זייערע קינדער אין גארטען. דער צענטראל פּארק ביי לענאקס עוועניו איז פערוואנדעלט געווארען אין א קינדער־גארטען. אומעטום און איבעראל האבען זיך קינדער געשפּיעלט. מיידעלאך און איינגעלאך אונטער די בוימער און צווישען די בוימער, אויפ'ן טראטואר און אויפ'ן גרינס, און דער גארטען איז פערהילכט געווארען פון קינדער געשרייען אין די בייבי קערבלאך. נעבען איהר אויפ'ן באנק איז געזעסען א יונגע מאמע מיט א „בייבי" אין א וויגעלע, וועלכע זי האט געפּיעשטשעט. פעני האט געקוקט אויף דער יונגער מוטער און געפרעהט זיך מיט איהר גליק, און אויך זיך געשפּיעלט מיט דער בייבי. זי האט געבעטען ביי דער מוטער, אז זי זאל איהר לאזען נעהמען די בייבי אויף די הענד. דאס קינד איז גערן געגאנגען צו איהר, און זי האט זיך געשפּיעלט און געלאכט דערמיט. דענסטמאל האט זי געטראכט, אז קיינעמס מאן איז נישט בעסער, אלע האבען אזא גליק ווי זי. מען דארף זעהן זיך איינלעבען אין דאס גליק, מיט דעם חלק וואס איז געפאלען אויף איהר גורל. און נעהמען דאס לעבען אזוי ווי עס איז, און זי האט בעשטימט צו האבען קינדער. איהר לעבען דארף זיין צו האבען א בייבי וואס שנעלער. דענסטמאל וועט איהר דער מאן פיעל נעהנטער ווערען און אלעס וועט איהר לייכטער ווערען. יא, זי איז געווען איבערצייגט, אז איהר גאנצער אומעט און אונצופריעדענהייט פון איהר חתונה האבען מיט „גארנישט נאר ביזנעס" איז צוליעב דעם, וואס זי האט נישט קיין קינד. זי האט זיך אונטערגענומען צו האבען א קינד. זי איז אהיים געגאנגען און געהייסען די דיענסט אנגרייטען אן עקסטרא עסען אויף היינט אין אבענד, טשיקען און פודינג ווי זונטאג. זי האט געשיקט אין דער גראסערי נאך וויין. אליין איז זי געגאנגען און האט אהיים געבראכט בלומען

און בעפּוצט דעם עס־צימער און שלאָף־צימער מיט רויזען. זי האט געוואָלט שעהן זיין היינט און געפעלען דעם מאַן. זי האט זיך אבגע־באָדען, אויסגעזוכט איהר שעהנסטע קלייד, דעקאָלטע, און האט אָנ־געקלונגען דעם מאַן אין אָפיס אריין, „אז ער זאָל היינט פריהער אהיים קומען און נישט זיין אזוי מיעד"... שוין דורכ'ן טעלעפאָן האט ער איהר דעם מוטה אבגעהאקט. ער איז נישט געוואוינט געווען, אז מען זאָל איהם אנקלינגען דורכ'ן טעלעפאָן עפּעס אנדערש ווי ביזנעס. ער האט זיך דערשראָקען, ווען ער האט דערהערט דורכ'ן טעלעפאָן זיין פרוי'ס שטימע:

— וואָס איז געשעהן? אַן אונגליק אין דער היים?

— ניין, נאָר קום היינט פריהער אהיים. איך בעט דיר. איך האָב דיר עפּעס צו זאָגען.

— איך האָב ביזנעס, טהייערע.

— ביזנעס, ביזנעס, אָבער קום אהיים, איך בעט דיר, פריהער. און זיי נישט מיעד.

— וואָס איז געשעהן?...

— וועסט שוין שפּעטער זעהן. גאָר קום אהיים. וועסט אהיים קומען?

— איך וועל זעהן. איך קען נישט דעם אָפיס איבערלאָזען אליין.

— אָבער?

— איך האָב נישט קיין צייט, טהייערע, מענשען וואַרטען אויף מיר. דאָ איז „נאָרנישט, נאָר ביזנעס", — און ער האט אוועקגע־לעגט דעם טעלעפאָן.

זי האט זיך אָבער נישט געלאָזט אבשרעקען. זי האט זיך אָנ־געטהאָן אין שעהנסטען קלייד, אין די „דזשולערי' און אליין בעדעקט דעם טיש מיט'ן בעסטען פּאָרצעלייַ וואָס זיי האָבען געהאט, בעפּוצט דעם טיש מיט בלומען און אוועקגעזעצט זיך וואַרטען אויף איהם.

אז ער איז אהיים געקומען איז ער געווען אַ בלייכער און אַ דער־שראָקענער, און ארויפגעלאָפען די טרעפּען מיט אימפּעט, האט ער נישט געקענט דעם אָטהעם כאַפּען.

— וואָס איז געשעהן, דאַרלינג? — און אז ער האט דערזעהן דעם דעקארירטען טיש און זי אויסגעפּוצט, איז ער נאָך מעהר דער־

שראקען נעווארען. — אבער וואס איז געשעהן: געסט האבען מיר געקראגען?

— ניין. דו ביזט מיין גאסט. נעהם וואש זיך אב. איך בעט דיר, טהייערער, וועסט שוין שפּעטער זעהן.

— אבער וואס איז געשעהן? אין מיטען דער וואך מאכסט דו יום טוב. עס איז דאך נישט דיין געבורטס־טאג.

— פרעג מיך נישט, טהייערער. טהו וואס איך בעט דיר.

— אבער עס מוז דאך עפּעס זיין? איך בין א ביזנעס־מאן, טהייערע, איך בין א פערנומענער מענש. דו דארפסט מיך אהיים אין מיטען טאג און מאכסט א יום טוב. עס מוז דאך עפּעס זיין? איך קען דאך ניט זיין אזוי משוגע ווי דו.

זי האט זיך אבער נישט געלאזט איהר יום־טוב שטערען. זי האט איהם מיט געוואלט אריינגעשטופּט אין באד־צימער, געלאזט הייס וואסער און אריינגעווארפען פרישע וועש. דעם פראק האט ער בשום אופן ניט געוואלט אנטהאן. „ער קען זיך נישט מאכען משוגע אזוי ווי זי". ביים עסען האט זי איהם אנגעגאסען שטארקע געטרענקע, וואס ער האט מיט מאטערניש געטרונקען. זי האט אויך גע־טרונקען, געוואלט פערגעסען אן עפּעס. שוין ביים טיש איז ער אזוי מיעד געווארען פון די געטרענקע, אז די אויגען האבען זיך איהם אנגעהויבען צו קלעפּען און גערעדט עפּעס אונפערשטענדליכע ווער־טער. זי האט איהם געוועקט. איהר גאנצע ווייבליכע קראפט האט זי אנגעווענדעט צו ערוועקען אין איהם דעם מענער־מוטה... עס האט אבער נישט געהאלפען. איהרע האלבע ווערטער, פינקעלדיגע אויגען, צובּרענטע באקען, פליסטערן איז אויער האט ער נישט פערשטאנען און נישט געקענט פערשטעהן... זאגען מיט א גאנץ מויל וואס זי וויל האט זי זיך געשעהמט... און אז ער האט שוין פערשטאנען, וועגען וואס עס געהט, האט ער געשמייכעלט. און געפינקעלט מיט די קליינע אויגעלאך.

— וואס דיר פאלט איין, דארלינג! וואס דיר פאלט איין!

זי איז געלעגען נעבען איהם אין דעם פריש־איבערגעצויגענעם בעט, א יונגע, א געזונדע, א שעהנע. פול מיט בעגעהרען ווייטער צו לעבען, און ווייטער לעבען פארטצופלאנצען, מיט א בערייטווילינ־קייט צו ערפילען מיט'ן גאנצען הארצען דאס, וואס די נאטור פער־

לאַנגט פון איהר. און נעבען איהר איז געלעגען „גאָר נישט נאָר ביז־נעס“, א קליינינטשקער, מיט אן אונגאַטירליך, ווייך, ווייס לייב, מיט ווייכע וואסערדיגע ביינדלאך און איינגעקאַרטשעט זיין קליין פּנים׳ל צווישען איהרע שטאַרקע, ענטוויקעלטע ברוסטען, און בעהאַלטען זיך ווי א קליין קינד. דער קאָפּ האָט זיך איהם פערדרעהט פון שטאַרקע געטראַנקע און אויפרעגונג, און די אויגען האָבען זיך איהם געשלאָסען, און ער האָט געגלעט זי מיט דער האַנד און געברומט אונפערשטענדליך:

— וואָס דיר פאָלט איין, דאַרלינג! וואָס דיר פאָלט איין! — און איז איינגעשלאָפען.

פון שלאָף האָט ער גערעדט וועגען ביזנעס, ער האָט דיקטירט א בריעף צו א באַנק אין שיקאַגאָ און ארומגעשלאָגען זיך מיט א לאָיער וועגען א פּונקט אין אן „אַגרימענט׳, און דאָס ווייבעל איז געלעגען נעבען איהם, איהר יונג לייב האָט געשמעקט פון דעם אָדע־קאָלאָן, מיט וועלכען זי האָט איהר נאַכט־העמד בעגאָסען, און זיך געטראַכט.

„גאָרנישט, נאָר ביזנעס“...

---

אין איינינגע צייט ארום האָט זי שוין געהאַט א געליעבטען, וואָס האָט איהר געהאָלפען צו ערפילען די אויפגאַבע, וואָס די נאַטור האָט אויף איהר ארויפגעלעגט — א מוטער צו זיין. איהר מאַן האָט זי שוין געהאַלטען פאַר „גאָר נישט נאָר ביזנעס“. זי האָט איהם שוין דעם קאָפּ נישט פערדרעהט, ווען ער האָט געאַרבייט אין אָפּיס. זי האָט איהם שוין נישט גערופען דורכ׳ן טעלעפאָן, און ניט געמאַכט יום־טוב אין דער וואָכענס. פאַר דעם האָט זי געזעהן וואָס מעהר געלד פון איהם ארויסצוקריגען אויף קליידער און העטס און אויף „נייס טיימס“ פאַר איהר געליעבטען. ער האָט באַלד דערפיהלט, אז א ווייב איז עפּעס אַזעלכעס, וואָס פערשווערט זעהר דעם „קרעדיט“ און אנ־געהויבען צו קעמפּפען געגען דעם. אין דער שטוב, ביים טיש און אין שלאָף־צימער האָט מען שוין נישט געהערט קיין אנדערע ווער־טער, ווי וועגען געלד.

דערנאָך אז די קינדער זיינען אנגעקומען, האָט „גאָרנישט נאָר ביזנעס“ ערשט איינגעזעהן, ווי ריכטיג עס איז געווען זיין מורא

פאר א ווייב מיט קינדער. עס האט זיך אלץ איהם גערוכט, אז זיינע אויסגאבען וועלען באלד איבערשטייגען די איינקופטע, און דענס־מאל איז די ביזנעס רואינירט, און ער האט געהאלטען אין איין אבדינגען, אין איין איינהאנדלען מיט'ן ווייב צו פערקלענערען די אויסגאבען. און דאס ווייב האט געהאלטען זיך אין איין דינגען, אז זי קען פאר דעם געלד נישט אויסקומען. די קינדער זיינען גרויס געווארען אין דעם שטענדינגען האנדעל צווישען טאטע־מאמע און גע־וואוינט געווארען מיט'ן טאטען זיך צו דינגען פון קליינערהייד אן און בעטראכט אלס אזעלכען, וואס מען בעדארף וואס מעהר געלד פון איהם ארויסקריגען, און ער זיי אלס אזעלכע, מיט וועלכע מען בעדארף זיך אם מעהרסטען דינגען. און אז זיי זיינען דערוואקסען געווארען און די טעכטער האבען בעדארפט קליידער און די זיהן טאשען־געלד, איז אנגעגאנגען אין דער היים א בעשטענדיגעס דינגען זיך, — די מאמע מיט'ן טאטען, און די קינדער מיט'ן טאטען. ער האט זיי אלעמען פיינד געהאט, און אין זיי געזעהן שונאים, וואס ווילען רואינירען זיין גאנצע עקזיסטענץ, וואס מאכען א תל פון זיין פראצע דורך זיין גאנצעס לעבען. און אלע האבען איהם פיינד גע־האט, און בעטראכט איהם פאר „גארנישט נאר ביזנעס".

און אזוי האט ער אבגעלעבט זיינע גאנצע יאהרען מיט א קראנ־קען מאגען און מיט „גאר נישט נאר ביזנעס". מיט אלעמען האט ער געפיהרט האנדעל, — מיט דער גאס, מיט דער שטוב, מיט'ן ווייב און מיט די קינדער, און אלע, די גאנצע וועלט, און דאס גאנצע לע־בען איז פאר איהם „גארנישט, נאר ביזנעס" געווען.

ביז דער מאגען האט איהם אזוי דאקוטשעט און די טהעען מיט די פיגולקעס האבען שוין ניט מעהר געהאלפען, און ער איז געשטארבען און בעפרייט זיין ווייב און קינדער פון האנדלען. זיינע אייגענע האבען זיך אין דער שטיל געפרעהט אויף זיין טויט. און אפילו זיין לויה איז געווען „גארנישט נאר ביזנעס": מען האט זיך געדונגען מיט דער „סאסייעטי" וועגען קרקע, און מיט דעם אפיס וואס האט פעראנשטאלטעט די לויה האט מען זיך געדונגען וועגען פרייז, און אפילו מיט די מעמבערס פון דער חברה, וועלכע האבען בעדארפט מיטגעהן מיט דער לויה, האט מען זיך געדונגען וויפיעל צו בעצאהלען.

נאר אויף זיין מצבה האט מען פערגעסען אויפצושרייבען זיין

ריכטיגען נאמען, דעם סימבאל, וואס האט איהם בעגלייט זיין גאנצען לעבענס־גאנג, די מאָטאָ „גארנישט נאר ביזנעס".

נאר דערפאר האט דער זוהן, וואס האט פערנומען דעם פאַ־טער'ס ארט ביים דעסק אין אפיס, בענייט דעם פאטער'ס מאָטאָ. ווען מען האָט אויפגעפרישט דעם אָפיס פאַר דעם נייעם באָס האָט מען אויך נישט פערגעסען אויפצופרישען דעם שפּרוך פון דער מאָטאָ, וואס איז געהאנגען פאר'ן דעסק דורך דעם פאטערס גאנצען לעבען: „נאטהינג באט ביזנעס'. און דער זוהן האט זיך אונטערגענומען דורכצופיהרען געטריי דעם שפּרוך, ווי דער פאָטער האָט עס געטהאָן.



# ליבעל אין דער היים — לייבעל אין אמעריקא.

.1

## ל י י ב ע ל.

עס איז געווען א זומער־טאג נאך מיטאג, אין דער אלטער היים, אין א בעל־הבית'ער שטוב. אין עס־צימער, ביים טיש, וועלכער איז געווען נאך בעדעקט מיט'ן טיש־טוך, אויף וועלכען מען האט ערשט וואס געהאט מיטאג אבגעגעסען, זיינען געזעסען צוויי פרויען, איינע אן עלטערע מיט א מאגערע, איינגעפאלענע געזיכט, מיט א הויכען גלאנ־צענדיגען שטערן, און מיט א פאר גרויע גרויסע אויגען, וואס דריקען אויס אונרוהיגקייט, און די שרעק וואס בעהאלט זיך אין זיי דערצעה־לען פון אונזיכערקייט; און די צווייטע, א אינגערע, אבער אויך שוין א פרוי אין די יאהרען, א דיקליכע מיט א רונדיגען פנים, און א קליינעם גוידער, מיט א פאאר אויגען, כאטש ענערגישע — דאך אויך ערשראקענע. און די צוויי פרויען האבען געהעקעלט און פון צייט צו צייט גערעדט גאנץ אין דער שטיל, אז קוים זייערע ליפען האבען זיך בעוואויגען.

— דאכט זיך, אז לייבעל איז איינגעשלאפען, איהר הערט שוויי־גער? — האט זיך אנגערופען די אינגערע, וועלכע איז געווען די שנור.

די שוויגער האט אויסגעשפיצט איהרע אויערען, כאטש זי האט שוין געהערט דאס שנארכען פון דעם צווייטען צימער — דאך, אזוי ווי זי וואלט געוואלט אויספיהרען די שנור'ס געבעט, פאר הכנעה, פערשטעהט זיך, האט זי זיך איינגעהערט און אבגעענטפערט:

— נו, זאל עס איהם זיין צו געזונד.

אז די פרויען האבען פערנומען דאס רעגעלמעסיגע שנארכען פון צווייטען צימער, זיינען זיי געזעסען אזוי, ווי זיי וואלטען געוועז אנגעשמידט צו זייערע פלעצער. זיי האבען מורא געהאט נישט נור בלויז זיך צו בעוועגען, איבערצוגעהן פון איין ארט אויפ'ן אנדערען. נור אפילו מיט דער האנד צו ריהרען, הויך צו אטהמען. אין שטיבעל איז שטיל געווען, אז מען האט געהערט ווי די פליגען זשומען איבער־פליהענדיג פון דעם לאמפ אויף די קרישקעלאך וואס האבען זיך ארומ־געוואלגערט איבער'ן טיש, פון מיטאג עסען. זיי האבען זיך אפילו מורא געהאט איבערצובליקען מיט די אויגען, נור יעדע איז געזעסען, ארייננעטונקט איהרע אויגען אין איהר שטריקען; אלעם איז גע־ווען פערכאפט פון'ם שנארכען וואס האט זיך געהערט פון צווייטען צי־מער, וואס האט בעהערשט דאס צימער מיט די צוויי לעבעדיגע ווע־זענס.

נאר טהיילמאל האט זיך די עלטערע פרוי אנגערופען אין דער שטיל, קוים שעפטשענדיג, ווייזענדיג די שנור דעם זאק, וואס זי שטריקט:

— וואס מיינסטו, באשע, די סטאפע וועט נים זיין צו גרויס פאר לייבלען?

האט די שנור זי איינגעשטילט מיט דעם, וואס זי האט ארויפ־געלעגט צוויי פינגער אויף איהר מויל און געוויזען מיט'ן בליק אויף דער טהיר, פון וועלכער עס האט זיך געהערט דאס שנארכען. איז זי דערשראקען געווארען און שטיל געווארען.

אין דעם האט זיך פלוצלינג געהערט א קלינגען פון טעלעפאן מיט א ליארם.ביידע פרויען האבען דערשראקען אויפגעציטערט איבער דעם אונגליק, וואס ווערט דא. דאך גלייכגילטיג צום קלינגען פון טעלעפאן האבען זיי נים געקענט בלייבען. דער טעלעפאן איז ערשט געווען א נייע איינריכטונג אין שטעדטעל, און צום טעלעפאן קלינגען איז מען געווען נאך צו נייגעריג — האט זיך די אינגערע פרוי געוואגט אויפצושטעהן און צוצוגעהן צום טעלעפאן און צו פרעגען: „ווער איז דארט, הע?"

— דא וואהנט לייבעל זילבערשטיין? האט זיך געהערט א שטימע פון טעלעפאן.

— יא, וואס איז? שא, שווייגט, לייבעל שלאפט.

— וועקט איהם אויף, מען דארף איהם זעהר נויטיג האבען.

— ווער דארף איהם האבען? ווער רעדט?

— מען דארף איהם, א פרייז, געלד בארגען, צוויי טויזענד רובל, א גוט געשעפט — האט זיך געהערט א שטימע.

— וואס, צוויי טויזענד רובעל? גוטע פראצענט? — האט די ווייב איבערגערעדט — מיין מאן שלאפט.

נור די טהיר האט זיך געעפענט און פון דער צווייטער שטוב איז ארייין א יונגערמאן מיט א שפיציג בערדעל, ווי דאן קיכאט, א הויכער, א דארער, א מאגער פנים, מיט רויטע בעקלאך, וועלכע זיינען געווען אויסגעקאכט פון שלאף און אויסגעמוטשעט פון די פליעגען, וואס האבען איהם געפייניגט אין שלאף. און אזוי ווי די האר זיינע זיינען געווען אויסגעשמירט מיט פאמארע, און זיינען אביסעל צורודערט געווארען, האבען זיך ארום זיינע האר געקרייזעלט א מחנה פליגען, וועלכע האבען זיך ערשט אזוי געקוויקט מיט זיינע רויטע בעקעלאך און נאסע ליפען אין שלאף, און זיינען נאך זייער אפפער נאכגעקומען. ער האט זיך פערוואונדערט און פערפרעמדט ארומגעקוקט אין שטוב, ווי ער וואלט זיין הויז נים דערקענט און פאראויסגעשיקט פאר זיך דאס שפיציגע בערדעל, וואס דאס איז געווען א צייכען אז עפעס געפעלט איהם ניט. ער האט זיך מיט דער האנד געציעלט אויף א קופקע פליעגען, וועלכע האבען זעהר ליעב געהאט די שמאלצענע חן־גריבעלאך ביים עק פון זיינע צוויי שווארצע וואנסעלאך — נאר אזוי ווי ער האט זיך זעהר ליעב געהאט, האט ער מורא געהאט, אז ער זאל זיך ניט געבען קיין קלאפ, האט ער לאנגזאם צוגעלעגט א לייכט פעטשעל מיט דער האנד אויפ'ן באק. די פליגען האבען אבער צייט געהאט אוועקצופליהען און ער האט זיך געטראפען מיט א פינגער אין די רויטע ענטצינדונג פון א נאז־לאך, וועלכעס איז איהם געקומען פון גריבלען זיך מיט'ן פינגער אין נאז, ווען ער איז פערקלעהרט. דאס האט איהם זעהר וועה גע־טהאן און אויפגערעגט. ער האט נאך געשוויגען, נאר ווי זיין גע־וואהנהייט, ארומגעקוקט זיך און געזוכט אן אפפער, אויף וועמען אנצולאדען זיין בליק. ער האט געטראפען זיין מוטער זיצענדיג ביים טיש, האט ער אויף איהר אויסגעגלאצט זיינע אויגען, ווי זי וואלט שולדיג געווען. די מוטער האט זיך טאקע געפיהלט שולדיג און

זי האט זיך חנפ'ענדיג פערענטפערט און געזאגט צו איהם מיט ליעבע.
— אה, לייבעל, ביסט אויפגעשטאנען? צייט מען האט דעם קלומפער אין שטוב אריינגעשטעלט קען מען קיין אויג ניט צומאכען. מאדעס איבער דער וועלט!
זי האט נאך געוואלט עפעס זאגען. עס האט איהר אבער באלד אבגעשטעלט דעם זוהן'ס שטרענגער בליק.
— עס הייסט ניט קיין קלומפער, נור א טעלעפאן, פאן, פאן.
— זאל זיין טעלעפאן, וואס איז דער חילוק?
— עס איז יא א חילוק. א קלומפער איז א קלומפער און א טעלע־פאן איז א טעלעפאן — האט ער געזאגט, צונעהענדיג פלינק צום טע־לעפאן און גענומען מיט א געבייזער פון ווייב די רעהר צום אויער און אריינגעשריען:
— ווער איז דארט, הא? ווער?
— דאס איז לייבעל זילבערשטיין?
— יא, יא, דאס איז לייב, מר. לייב זילבערשטיין.
— שוין אויפגעשטאנען פון שלאף?
— פון שלאף? הא? וואס? דאס איז לייב זילבערשטיין, זיל־בערשטיי, שטיין, וואס ווילט איהר?
— איהר קענט זיך צוריק לייגען שלאפען.
— וואס? הע, דו, פאשאל, דוראק, חאלי — האט זיך לייבעל געשאלטען, נאר קיינער האט איהם שוין ניט געענטפערט.
ער האט שנעל אויפגעהאנגען די רעהר און אוועק פון טעלעפאן א בלייכער, אנגעקוקט בייז מיט זיינע פיטשינקע שווארצע, פינקעלדיגע אויגעלאך די מאמא און דאס ווייב, אז דאס בלוט איז פון זייערע אדערן אנטלאפען, דערנאך האט ער זיך רוהיג אוועקגעזעצט ביים טיש און געזאגט ווי א ריכטער, וואס גיט ארויס אן אורטהייל:
— פערצעהן טאג אין דער וואך אויף ברויט מיט וואסער. איך ווייס ווער דאס איז. אויף פערצעהן טעג אין קארץ וועל איך זיי איינזעצען, ניט מעהר און ניט ווייניגער. איך וועל באלד אריינגעהן צום פאלקאווניק.
ער האט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש און מיט דער האנד זיך שוין נענעבען א שטארקען פאטש אין באק, וואו עס איז געשטאנען א פליעג און געזאגט פון איהם דאס בלוט. ער האט זי דער־הרג'עט

און מיט א נצחון האט ער איהר געגעבען א ווארף אויף דער ערד און צוגעטראטען מיט דער פוס.

אז עס איז איהם געלונגען צו הרג'ענען די פליעג האט ער זיך אביסעל בערוהיגט. דאן האט דאס ווייב מוטה געפונען צו איהם צוצוגעהן און אוועקשטעלען א גלאז טהעע פאר איהם.

— איך וייס ווער עס טהוט דאס, איך וועל איהם פאקען, פאקען.

— דו דארפסט דיר ניט נעהמען אזוי צום הארצען וואס א גאסען־יונג, א לאבוס ערלויבט זיך. דו וועסט דאך דיר, חלילה, ניט עפעס טהאן.

— פערצעהן טעג קארץ, אויף ברויט און וואסער, ניט מעהר און ניט ווינציגער — האט ער פאר זיך ארויסגעגעבען זיין אורטהייל, און צוגערוקט זיך צו זיך דאס גלאז טהעע צום טרינקען.

אז די מוטער און דאס ווייב האבען איהם געהערט זופען, האבען זיי פרייער אבגעאטהעמט, געוואגט אויפצוהויבען זייער בליק פון שטריקען און אויף דעם גאנצען שטיבעל איז געקומען א בעפרייאונג.

— גיב מיר די צייטונג, — האט לייבעל בעפוילען דער ווייב.

דאס ווייב האט איהם דערלאנגט די צייטונג. לייבעל האט ניט געמאכט קיין אונטערשיעד אויב די צייטונג איז פון היינט אדער פון פאר־א־יאהרען. אויפ'ן טישעל ביים אויווען זיינען געלעגען א פאר אלטע צייטונגען, און וועלכע צייטונגען דאס ווייב האט ארויסגע־שלעפט, די האט ער געלעזען. צוערשט האט ער גענומען און אי־בערגעדרעהט אויף דער זייט פון די אנאנסען און געלעזען ארויס הויך, אויפ'ן קול:

---

## 2.

## „א רובעל א פאר שיך".

„פאר א רובעל א פאאר נייע שיך ביי יוסף פארבשטיין, זשעלנא 22".

— דו הערסט, באשא, ווארשוי איז א שטאדט, פאר א רובעל קענסט דו קריגען א פאאר שיך, א פאר גאנצע שיך פאר ביידע פיס.

אז דאס ווייב און די מוטער האבען איהם געהערט רעדען, איז

אויף זיי געקומען אן ערלייכטערונג, און דאס ווייב האט איהם גע־וואלט בערוהיגען, ער זאל ניט האבען קיין פערדרוס, וואס אין וואר־שוי קאסט אזוי ביליג שיך.

— אז נישט, מיינסטו איז אלעם וואהר, וואס די צייטונגען שרייבען.

— זיי מיינען נאר אויסצונארען דאס געלד און ווייטער גאר נישט — האט די מוטער אונטערגעהאלפען די שנור.

— ווייסט איהר בעסער פון די צייטונג? הע? אין די צייי־טונגען שטעהט בפירוש געשריעבען: פאר א רובעל א פאר נייע גוטע שיך, פארבשטיין, זשעלנע 22, ווייסט די צייטונג נישט, און איהר יא, הע?

די צוויי פרויען זיינען בלייך געווארען פאר שרעק. זיי האבען איהם ניט געוואלט צובייזערען, האט זיך דאס ווייב געוואונקען צום שוויגער.

— איך ווייס, און אפשר איז עס וואהר, אז די צייטונג שרייבט אזוי, מן הסתם מוז דאך עפּעס זיין — האט די ווייב איהם אונ־טערגעברומט.

— אודאי, אין א גרויסער שטאדט קאסט אלעם ביליגער, אין דער קליינער ווערט מען אויסגעריסען — האט די מאמע צוגעבאמקעט.

— איך וואלט געוואלט וויסען וואס זי ליגט צו צו דער קליי־נער שטאדט, דו ווערסט דאך ניט אויסגעריסען. דו ליגסט דאך ניט צו צו דער קליינער שטאדט, הע? — האט לייבעל אנגעשטעלט זיינע אויגען אויף דער מאמא.

— געוויס, איך נישט, וואס האב איך, מישטיינס געזאגט, צו ערשט גאט און דערנאך דו, אבער דו, מיין קינד, דיר געהט דאך אוועק אזוי פיעל געלד אין דער קליינער שטאדט מיך אויסצוהאלטען — האט די מאמע זיך אונטערגעגעבען.

די מוטערס הכנעה האט איהם בערוהיגט, ער האט איהר געוואלט זאגען עפּעס צו בערוהיגען, האט ער זי איינגעשטילט.

— איך האב שוין געהערט דעם שפרוך — און געגעבען א דרעה איבער די צייטונג אויף דער צווייטער זייט.

די מוטער האט זיך דערפרעהט מיט איהר קינד'ס געבייזער און מיט א געווינס.

„דאס בעסטע אבפיהר מיטעל" — לעזט לייבעל הויך, פון די ציימונג, פאר די פרויען.

דר. סאניטאריום פילען זיינען דאס בעסטע און זי־כערסטע מיטעל אויף לייכטע, אהן־שמערצליכע און זאנפטע אבפיהרונג. 50 קאפ. א קעסטעל. פראספעקט און פראבע ווערען ארויסגעשיקט פריי, אונענטגעלט־ליך צו יעדען איינעם, וואס שיקט אריין א צעהן קאפי־קענע מארקע.

— באשא, האסט געהערט? אפשר פרובירען? — האט ער זיך מישב געווען מיט דער ווייב.

— וואס האסט דו צו ריזיקירען? צעהן קאפ. א מארקע? שיק אריין.

— דו ליידסט דאך, מיין קינד, אזוי, אפשר וועט דאס זיין די ישועה — לייגט די מוטער צו — דאס געזונד איז בילכער פון אלעם.

— ווארים ביי אייך איז דען געלד עפעס? צעהן קאפ. א מארקע און 7 קאפ. א בריעף, ווארים ווי אזוי וועסט דו שיקען די מארקע? איז דאך שוין 17 קאפ. א קאפ. דאס בויגעלע פאפיער מיט'ן קאנ־ווערט, און היינט טינט. הכלל עס איז 20 קאפ.

— און אז ניט, מיינסטו, קען דאס עפעס העלפען? — זיי מיינען דאך נאר דאס געלד אויסצונארען — זאגט די מוטער פון ווינקעל ארוים.

— גע שוין, געה, עפעס א פייקער, א גנב שרייבט דארט אין די ציימונג, אז מען זאל איהם אריינשיקען געלד. ער קען נאך אין גאנצען דאס געלד צונעהמען און גאר ניט אריינשיקען — בערוהיגט איהם דאס ווייב.

— און אפשר וועט עס יא העלפען? — זאגט ווי פאר זיך לייבעל — ווארים אייך געהט עפעס אן מיין געזונד? אייך טהוט ניט וועה און דערפאר טאקע וואס אייך איז אזוי א שאד א גראשען אויף מיין געזונד, וועל איך עס דוקא אויסשרייבען. אפילו אז איך זאל וויסען, אז עס איז בלאטע, עס איז גאר ניט, און ניט די פראבע, נאר טאקע א גאנצע פלאש פאר 50 קאפ. ניין, נישט איינעם נאר צוויי טאקע מיט אמאל פאר א גאנצען רובעל. איהר קרעכצט ניט, אייך טהוט ניט וועה — האט ער געזאגט איבערשרייענדיג זיך די

אדרעס פון דר. סאניטאריום אין זיין ביכעל און מיט כעס איבער־געמישט די צווייטע זייט צייטונג.

זיינע אויגען האבען זיך באלד אבגעשטעלט אויף א קעפעל מיט נייעס: „א גרויסע גנבה“. ער איז געווארען אן ערשראקענער און גלייך זיך אנגעטאפט די טאש, ער האט דארט געפונען די שליסלאך פון זיין „קאסע“. האט ער זיך אביסעלע בערוהיגט, אבער איינזיצען האט ער שוין נים געקענט, ער איז אריין אין צווייטען שטוב, צו־געשלאסען די טהיר הינטער זיך און אנגעהויבען צוצופאסען די שלי־סעלאך צו די שלעסער. די שלעסער און די שליסלען זיינען אבער געווען אזוי פיעל און אזוי פערש׳יעדענארטיג, אפענע און בעהאלטענע, אז ער האט זיך אליין פערפלאנטערט אין זיי, ענדליך האט ער די שיפלאד געעפענט און ארויסגענומען די וועקסלען — אלע וועקסלען. דערנאך האט ער אריינגעקוקט אין די משכנות: זילבערנע, גאלדענע, וויבערשע רינגלאך און אוירינגלאך, קאראלען, פעריל, דיאמאנטען, א בארג צונויפגעשאטען און די ליכטיגע שטיינער האבען פער־צעהלט פון מענשליכער פרייד, פון כלה־תנאים און חתונה, ליעבע און נחת צווישען מאן און ווייב — אנדענקען פון גוטע צייטען, אלעס איז געווען אנגעווארפען אין איין קופע, און אלעס איז געלעגען טיעף ביי איהם אין שיפלאד און איבער אלעס איז ער געווען דער בעל־הבית. ער האט געגלעט מיט זיין בליק די אלע ציערונג, און עס האט זיך גע־דאכט, אז ער זעהט ניט קיין טויטע שטיינער, נאר די כלות ביי די תנאים־מאלס, זייערע לייכטענדע אויגען ווען מען האט זיי די ציערונג געשאנקען. ער זעהט די חתונות ווי מען טהיילט דאס דרשה געשאנק, די ווייבלאך אין די ווייסע הויבען אויף זייערע בעטען ביי די ברית׳ן, און די מענער שענקען זיי ציערונג פאר די געבוירענע קינ־דער — לעבעדיגע פרייד און נחת איז ביי איהם אין שיפלאד, און איבער אי איז ער דער בעל־הבית, אויף זיי האט ער ארויפגעלייגט שלעסער, און די שליסלאך אין טאש.

ער איז דאנקבאר געווען זיין ווייב וואס זי האט איהם דאס אלעס געגעבען אין נדן, וואס צוליעב איהר איז ער דער בעל־הבית. די משכנות, די וועקסלען און צירונג ליגען אין די שיפלאדען שוין לאנג, זעהר לאנג, פון יואל־מאיר, זיין ווייב׳ס ערשטען מאן, וואס איז געווען א מלוה. און ער האט גענומען דעם אלטען מלוה מיט די ווייסע

אויסגעקראכענע האָהר און באָרד, מיט די טיפע בלאָע ברילען, ראמ־פעלט אריין מיט די קראנקע רומאטיזם פוס צו די קאסע. טאפט מיט די פינגער די צירונג, די משכנות, די וועקסלען, וואס ער האָט אנגע־זאמעלט, פערשליסט די שיפלאדען און שארט דער־נאָך ארויס מיט זיינע לאהמע פיס און צופריעדען שמייכעלע, אין עס־צימער אריין, וואו זיין יונג־ווייבעל זיצט, וואָס דער אלטער האָט זיך גענומען להכעיס די קינדער און להכעיס דער שטאָדט, דערפאר וואס אלע ווארטען אויף זיין טויט, און ער קריכט צו צו דער ווייבעל און קלאפט מיט זיינע אלטע אהן־ביינערדיגע פינגער אויף איהר האלז, בעקלאך, פלייצעס; קלאפט מיט די פינגער און קוקט געדיכט דורך די שווארץ־בלויע ברי־לען, פונקט אזוי ווי ער האט בעטאפט מיט זיינע פינגער דאס צירונג אין די קאסע און פרעהט זיך מיט דער יונגער ווייבעל, ווי מיט א טהייער משכן, וואס מען האָט ביי איהם איינגעלייגט.

— און יעצט אויף דעם אלטען יואל־מאיר'ס ארט איז ער, לייבעל, דער בעל־הבית פון די אלע משכנות וואס ליגען אין שיפלאד, און פונקט אזוי ווי דער אלטער מלוה, בעטראכט ער יעצט זיין פערמעגענס, און אָט וועט ער באלד אריינגעהן אין צווייטען צימער, וואו זיין ווייב זיצט, די זעלבע פרוי, וואס די אלטע טוידטע פינגער פון מלוה האָבען בעריהרט איהר לייב — איהר פלייש, איהר האלז, און יעצט ליגען שוין די טוידטע אלטע פינגער אין דר'ערד בלייכע און ווערים טאָטשען זיי — אָט יעצט וועט ער מיט זיינע פינגער בעריהרען דאס זעלבע לייב, וואס דער טוידטער האָט בעריהרט — און לייבעל איז טרויעריג געווארען...

ווי אין חלום האָבען זיך אנגעהויבען ביי איהם צו וועקען זיינע אמביציעס בחור־ווייז, בעפאר ער האָט חתונה געהאט מיט דעם מלוה'ס אלמנה. ווי ער האט געטראכט וועגען אריינפאהרען אין דער גרויסער שטאָדט זיך צו לערנען, צו ענדיגען די האנדעלס־שוהלע, און ווערען בוכהאלטער. ווי אין חלום האט ער זיך דערמאהנט אן לאה'ן דעם חזן'ס טעכטער, מיט וועלכער ער איז געגאנגען בחור־ווייז אין געהיים שפאַ־צירען אין די זומערדיגע פארנאכטען אויפ'ן וועג צום בית־עולם, און ווי זיי האבען ביידע געערדט פון די ראמאנען און די ביכער, וואס זיי האָבען געלעזען... און דאס אלעס האָט ער איבערגעטוישט אויף דעם מלוה'ס אוצר, וואס דער אלטער יואל מאיר האָט פערשריבען זיין

יונג ווייבעל, להכעיס די קינדער און להכעיס די שטאדט, דערפאר וואס זיי האבען געווארט אויף זיין טויט.

ס'האט איהם יעצט ניט באנג געטהאן. די בחור'שע אמביציעס מיט די האנדעלס־שולע און מיט לאה'לען, מיט די שווארצע צעפּ — זיינען צורונען ווי זייפען־בלאזען... דאס אלעס איז געווען אזוי לאנג און אזוי קינדיש. פאר דעם איז ער יעצט בעוואוסט געווען פון זיין מאכט, פון די משכנות, די וועקסעלער, וואס עס ליגען אין שופלאר. ביי פיעלע אנגעזעהענע בעלי־בתים האט ער געלד שטעהן, און זיי האבען מורא פאר איהם און גריסען איהם צוערשט און זאגען איהם ר' יענקיל. און ער האט ניט קיין מורא פאר פרנסה, ווי אנדערע. ער איז שטענדיג פערזארגט, און קען שלאפען, ווען ער וויל און ווי לאנג ער וויל. איהם קען גארנישט געשעהן. ער האט געלד און פאר קיינעם דארף ער קיין מורא ניט האבען, און פאר דעם אלעס איז ער שולדיג זיין ווייב.

ער האט זי יעצט ליעב געהאט, ער איז איהר דאנקבאר געווען, און איז ארויסגעגאנגען פון דער „קאסע“ א גליקליכער און צופריעדע־נער, געזעהן דאס ווייב זיצען, א פעטע, שווערליך אביסעל אויף איהר בענקעל — ער האט גאר ניט בעמערקט די אלטע טוידטע פינגער פון דעם מלוה, וועלכע האבען זי אנגעריהרט. עס איז גאר ניט געווען צו בעמערקען... ער האט געוואלט דער ווייב זאגען עפּעס אנגענעהמעס, גוטעס, האט ער זיך אנגערופען מיט א גוט שמייכעלע.

— באשע, דערלאנג מיר דעם ראק, איך וויל ארויסגעהן אין גאס.

דאס ווייב האט זיך דערפרעהט מיט דעם בעפעהל, זי האט אוועקגעלייגט דעם שטריקעכיז, אויפגעהויבען זיך מיט פוילקייט, גע־נומען דעם ראק און דערלאנגט איהם. לייבעל איז געווען אזוי גוט, אז די ווייב האט זיך אפילו געוואגט איהם צו קריטיקירען.

— אז דו קומסט, קענסט דו ניט אוועקלייגען דעם ראק ווי א מענש? זעה, דו האסט דאך איינגאנצען צוקנייטשט.

— אז מען איז א גוט ווייב הענגט מען אויף דעם מאן'ס ראק, הע, מאמא, ווי זאגסט דו? האסטו ניט דעם טאטען דעם ראק אויפ־געהאנגען?

די מוטער איז געווען געריהרט פון דעם זוהן'ס גוטסקייט, וואס ער האט זיך געווענדעט צו איהר, האט זי זיך אויך ערלויבט צו האלטען מיט די שנור.

— מילא אין מיינע יאהרען איז עס געווען אנדערש, אבער היינט בעדיענט א מאן זיין ווייב, זאגט מען.

— הערסט, באשע, וואס די מאמא זאגט, אז היינט בעדיענט א מאן דאס ווייב. נו, באשע, דו ווילסט אז איך זאל דיך בעדיענען? — האט לייבעל אלין אנגעהאלטען די גוטע שטימונג.

— שווייג שוין, שווייג שוין, זאלען דיינע שונאים ריידען — האט איהם די ווייב אנגעטהאן דעם ראק (וואס ער האט זיך גאנץ גוט געלאזט), און פערגלעטענדיג איהם די האהר אויפ'ן קאפ, האט זי ווייטער געוואגט:

— גיב נאר א קוק ווי צופלאשעט דו ביזט. געהסט דאך אין גאס ארויס צו מענשען — לייבעל זילבערשטיין.

נאר דאס איז שוין געווען צופיעל. לייבעל האט זיך דערמאנט ווער ער איז און אז ער געהט אין גאס ארויס צו מענשען. ער האט נאך געשוויגען, נאר אוועקגעשארט די ווייב'ס האנד מיט א בעוועגונג, צוגעגאנגען צום שפיעגעלע, זיך אליין פערקעמט די האהר, גלייך זיך אויסגעצויגען די וואנצעלעך און דאס בערדעל זיך גלייך געמאכט, בעטראכט זיך אין שפיגעלע, אויב זיין אנבליק דריקט אויס די גאנצע ווירדע, וואס ער, לייבעל, וועלכער איז בעזארגט מיט פרנסה אויפ'ס גאנצען לעבען — פערדיענט אויסצודריקען. אביסעל אונצופריעדען געווען פון זיין דינע פיגור און איינגעפאלענע באקען. ער האט זיי געפרואווט אנבלאזען, לאנג אנהאלטען האט ער זיי ניט געקענט, נאר דאס רויטליכקייט אויף די בעקעלאך איז איהם געפעלען, פון די וואנסעס מיט'ן בערדעל איז ער אויך צופריעדען געווען, נור פון דינעם העלזעל און שמאלען קערפער האט ער פערדורס געהאט. ער זעהט אויס ווי א קינד — האט ער זיך געטראכט און געקוקט בייז אויף די מאמא'ן, וואס האט איהם געבוירען אזא דיניטשקען. נאר דאך געערדט האט ער גארנישט. אנגעטהאן זיך דעם הוט, געשפיעגעלט זיך ווי ער זעהט אויס אין הוט, נאך אמאל אויסגעצויגען די וואנסעס, אז ער זאל מענליכער אויסזעהן. ער האט אבער ניט בעקומען קיין צופריעדענע רעזולטאטען. ער איז אוועק פון שפיגעלע א בייזער, און אויפ-

גערענטער, און ניט געפינענדיג דעם שטעקעלע אויף זיין פלאץ, האט ער געגעבען א שטעל אן זיין בליק פון דער מאמע'ן צו דער ווייב און געפרעגט:

— איך וואלט געוואלט וויסען ווער שטעלט מיר אוועק מיין שטעקעל?

—דאס שטעקעלע שטעהט דאך דא, — האט די ווייב געזאגט, דערלאנגענדיג איהם דאס שטעקעלע, וואס איז געהאנגען הינטער זיין שטוהל.

— איך וויל וויסען, ווער עס האט דאס שטעקעלע אוועקגעשטעלט דא אהער? — האט ער געפרעגט אין אזא טאן, ווי עס וואלט געשעהן דאס גרעסטע קרימינעלע פערברעכען.

די ווייב, וועלכע האט נאך געמיינט, אז ער איז אין דער גוטער שטימונג, האט געוואגט צו זאגען:

— דו אליין האסט אויפגעהאנגען אויף דעם שטוהל. קיינער האט דיר ניט געריהרט דאס שטעקעלע.

ער האט קיין ווארט ניט גערעדט, נאר בלייך געווארען. די וואנ־סעלעך האבען איהם געציטערט, די אויגען געגלאנצט און ער האט ארומגענומען די ווייב פון קאפ ביז די פיס מיט זיין בליק:

— איך אליין האב אוועקגעשטעלט, הע? איך אליין? הע?

די ווייב האט איהם שוין גאר ניט געענטפערט. זי האט פער־בויגען איהר בליק אין שטריקען.

— וואס איז דער חילוק וואו עס איז געשטאנען, אבי דו האסט עס — האט די מאמע געפרואווט שלום מאכען.

— עס איז יא א חילוק וואו דאס שטעקעלע שטעהט, א גרויסער חילוק, דו הערסט? — א גרויסער חילוק, אויב דאס שטעקעלע שטעהט ביי דער וואנד אדער עס הענגט אויף דער שטוהל. זאג, איז א חילוק אדער ניט?

— **יא, עס איז יא א חילוק — האט איהם די מאמע נאכגע־געבען.**

ארויסקריגענדיג פון דער מוטער זיין רעכט, האט ער זיך נאך אמאל איינגעקוקט אין שפיגעלע אריין, אויב די אויפרעגונג האט איהם ניט צופיעל בלייך געמאכט, און געפינענדיג, אז ער זעהט ניט

אויס ווי ער, לייבעל זילבערשטיין האט בעדארפט אויסזעהן, האט ער ווידער אמאל געווארפען א בליק איבער זיין ווייב און מוטער, און צוגעווארפען א ווארט:

— אז דער טעלעפאן וועט קלינגען, בין איך אין גאס פאר'ן ראט־הויז. דער טעלעפאן, דו הערסט, ניט דער קלומפער, טעלע־פאן, פאן — האט ער זיך געווענדעט צו דער מוטער.

און אנשטעלענדיג א רוהיג פנים מיט א בליק אין די אויגען, וועלכער, עס האט זיך איהם געדאכט, דריקט אויס די ווירדע, וואס עס בעדארף האבען אזא מאן ווי לייבעל זילבערשטיין, איז ער ארויס אין דער גאס.

---

2

## לייבעל געהט אין גאס ארויס.

אז לייבעל איז ארויסגעקוקען אויף דער גאס, איז ער געווען אין בעוואוסטזיין פון זיינע צעהן טויזענד רובעל, וואס פערזארגען איהם פרנסה אויפ'ן גאנצען לעבען. דער ערשטער איד, וועלכען ער האט אנגע־טראפען אויף דער שוועל פון א סאדא־וואסער קרעמעל, האט איהם דער־מאנט אן די זיכערקייט זיינע. און ווייל לייבעל איז געווען פילאזא־פיש געשטימט האט ער געפרואווט מאכען א פערגלייך צווישען זיך און די אידען, וואס ער האט אנגעטראפען אויף זיין וועג. אלע זיינען זיי געווען בעזארגטע, פעריאגטע, מיט שרעק אין די אויגען, ניט ווי־סענדיג וואו צו כאפען א גראשען אויף פרנסה, און ניט וויסענדיג וואס וועט מארגען זיין — אלע האבען איהם גע'חנפה'ט, אלע האבען זיי איהם צוערשט גוט־מארגען געזאגט — און ער האט געווארט א סע־קונדע ביז ער האט זיי אבגעענטפערט, ווייל ער האט זיך מישב גע־ווען, אויב עס שטעהט אן פאר איהם, לייבעל'ן, אבצוענטפערען אויף א לאדע ועמענס שאקעל מיט'ן קאפ. נאר איבערקלעהרענדיג, אז עס פאסט פאר איהם צו האלטען זיך קליין, האט לייבעל אבגעענטפערט, ווען יענער איז שוין לאנג אוועק . . . ער האט געוואוסט, אז מען קוקט אויף איהם מיט קנאה, אז אלע וויסען דעם גרויסען אונטער־

שיער, וואָס איז צווישען זיי און איהם. זיי, די אַהןַמאָרגענדיגע — וואָס קוקען זיך די אויגען אויס אויף אַ קונד — און ער לייבעל, וואָס האָט ערשט נאָר אָבגעגעסען דאָס גוטע מיטאָג און זיך גוט אויסגע־שלאָפען נאָכ'ן מיטאָג און אויסגעשמירט זיך די האָר מיט פּאָמאָדע און געהט זיך שפּאַציערען מיט'ן שטעקעלע אין דער האַנד — און אַזוי וועט זיין מאָרגען און איבערמאָרגען, און אויפ'ן ווינטער האָט ער שוין אַנגעגרייט זיין ווארימען פעלץ און די מאַמאַ שטריקט איהם שוין די ווארימע זאָקען . . . און געפינענדיג זיך אין אַזאַ העכערען גראַד — זיכערער פון אַלע — האָט זיך באַלד אין איהם ערוועקט די ענערגיע נאָך זיכערער און פעסטער צו מאַכען דעם באָדען אויף וועל־כען ער שטעהט — צו בעוואָרענען זיינע געשעפטען.

פיעל צו טהאָן דערביי האָט ער אָבער ניט געהאַט, דאָס געלד איז מייסטענס געווען ביי פּוילישע פּריצים, אויף היפּאָטהעקען, אויף גרויסע פּראָצענטען, און אַ טאָג איז עס אויך געווען, ווען מען מאָהנט ניט אויף קיין פּראָצענטער — אַ געוועהנליכער, ניט קיין ערשטער און ניט קיין פּופצעהנטער.

נאָר דאַ האָט ער באַלד בעמערקט גדליה לעדער סוחר, אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר, וועלכער איז געזעסען מיט זיין יונג שעהן ווייבעל פאַר דער טהיר פון זיין געוועלב, אויף שטוהלען. די ווייבעל האָט געהאַלטען אַ געזונד קינד אויף איהר שויס, אָפּגעשיילט אַ האַרט איי, און געגעבען דעם קינד צום עסען, און גדליה האָט זיך געשפּיעלט מיט'ן קינד'ס לאָקען און געשמייכעלט צום קינד. ביי גדליה'ן האָט ער געהאַט שטעהן טויזענד רובעל אויפ'ן הויז, וואָס גדליה האָט גע־קראָגען בירושה פון זיין פאָטער, כאָטש דאָס געלד איז זיכער געווען און כאָטש גדליה האָט איהם ביז יעצט געצאָהלט די צינזען רעגעלמעסיג, מיט אַ קליינע פאַרשפּעטיגונג, דאָך איז איהם ניט געפעלען, וואָס גדליה'ס ווייבעל איז אַזאַ פעטע און אַ שעהנע און זעהט אַזוי גוט אויס, און וואָס פאַר זיין געלד גיט גדליה דעם קינד עסען אויסגע־קאָכטע אייער, און עס איז איהם ניט געפעלען די גאַנצע רוהיגקייט, נחת און צופריעדענהייט וואָס גדליה האָט, דערנסמאָל, ווען ער איז איהם שולדיג טויזענד רובעל. וואָרים לייבעל האָט געהאַלטען, אַז אַ מענש, ביי וועלכען ער האָט שטעהן געלד, זיינס אַן אייגענטהום, בעד־דאַרף געדענקען און קלעהרען וועגען לייבעל'ן, און וואָס איז ער אַזוי

צופריעדען? און וואס עסט ער אייער פאר זיין געלד? און כאטש גדליה האט איהם שוין בעמערקט, האט איהם שוין זעהר העפליך בע־גריסט, און ער האט שוין געזעהען, אז איבער גדליה'ס פנים האט זיך איבערגעצויגען א וואלקען און ער שמייכעלט שוין ניט צום קינד, — דאך האט איהם געשטאכען אין די אויגען דאס שעהנע, געזונדע ווייבעל, וואס זיצט פאר דער טהיר מיט'ן קינד, פונקט ווי זי וואלט אזוי געזונד געוועז — פאר זיין געלד. און ער איז אריבערגעאנגען צו גדליה'ן.

אז גדליה האט איהם געזעהען אריבערגעהענדיג צו זיך, איז ער בלייך געווארען און זיין יונג בערדיל האט געציטערט, דאס ווייב האט עס אויך בעמערקט, און, ווי זי וואלט מורא געהאט פאר לייבעל'ן, האט זי בעהאלטען דאס איי, וואס זי האט געהאט געגעבען דעם קינד. לייבעל האט דוקא געקוקט אויפ'ן געזונדען קינד, און דוקא געזוכט מיט זיינע בליקען דאס איי, וואס דאס ווייבעל האט האלב בעהאלטען, און האט געפרעגט מיט א שמייכעלע:

— נו, גדליה, ווי געהען די געשעפטען?

— גאט צו דאנקען, — האט גדליה אבגעענטפערט — אזוי!

— פיעל צו טהאן האסטו ניט, — האט לייבעל געזאגט, אריינ־שטעקענדיג זיין קעפעל אין געוועלבעל אריין.

— זומער. צום הערבסט וועט זיך ווידער אנהויבען.

— אזוי, צום הערבסט ערשט, אזוי, — האט לייבעל פאר זיך געזאגט, — איך פערשטעה, צו די ימים טובים צו, מאכט מען זיך שטיוועל, קויפען די שוסטערס לעדער.

— יא, יא, זעהט ווי ער ווייסט אלעס, פונקט ווי ער וואלט גע־האנדעלט מיט לעדער, — חנפ'ט איהם גדליה.

— פאר וואס זאל איך ניט וויסען, א מענש בעדארף פון אלעס וויסען, — גדליה, קום נור, איך וויל דיר עפעס זאגען.

— וואס איז? — פרעגט גדליה ערשראקען, אבגעהענדיג מיט איהם אין א ווינקעל.

—ווערסט מיר אנגרייטען די טויזענד רובעל. איך בעדארף זיי האבען.

— וואס, איך צאהל דיר דען ניט קיין צינזען? וואס ווילסטו פון מיר האבען?

— ניין. ווער זאָגט דען? אודאי צאָהלסטו פּראָצענט, נור איך בעדארף דאס געלד. איך בעדארף א געשעפט מאכען.

— אָבער, לייבעל, פון וואנען וועל איך דיר נעהמען געלד יעצט אין זומער, וואָס האָסטו צו מיר, ווילסט נאָך אַ פּראָצענט וועל איך דיר געבען. וואָס האָסטו צו מיר?

— וואס איך האב צו דיר? גאר ניט. נאר איך מעג דאך וועלען צוריק מיין געלד, מעג איך — אָדער ניט? — הע!

— געוויס מעגסטו, עס איז דיין געלד, — האָט זיך גדליה אונטערגעגעבען.

— נו, אויב אזוי, וועסטו עס מיר אנגרייטען — די וועקסעלאך וועל איך שיקען נאָך ווארשוי, אין די באנק אריין.

איבערלאָזענדיג גדליה'ן אַ צורודערטען, אַ צובראָכענעם, האָט ער ווייטער אַוועקגעשפּאַצירט אין געסעל מיט'ן שטעקעלע אונטערברומענדיג זיך אַ נגון'דעל פאר צופריעדענהייט, נור באלד האָט ער אָנגעטראָפען דעם שטאָדט'ס־חזן שטעהן פאר א טהיר פון אַ געוועלבעל מיט אידען און שמועסען זעהר בעלעבט וועגען פּאָליטיק. עס האָט איהם ניט געפאסט צו צוגעהן צו די אידען, און פערדראָסען האָט איהם, וואָס דער חזן, וועלכער קריעגט געלד פון שטאָדט, זיין געלד אויך, וואָס ער צאָהלט — שטעהט מיר־ניט, דיר־ניט פאר אַ געוועלבעל מיט אידען און רעדט. וואס האט ער צו ריידען? וואס האט ער צו לאכען? געהט ער אדורך, קומט אן צו די גרופּע אידען און שאקעלט מיט'ן קאָפּ. ענטפערט מען איהם אָפּ מיט א שאקעל פון קאָפּ זאגט ער צום חזן.

— חזן, זייט מוחל, איך האָב מיט אייך עפּעס צו רעדען.

ווערט דער חזן דערשראָקען, וואָס האָט עפּעס לייבעל מיט איהם צו ריידען; אַ בעל הבית איז ער דאָך, געהט ער אָפּ מיט איהם. פרעגט איהם לייבעל:

— איך בעט אייך זעהר, וויפיעל קריעגט איהר אַ וואָך פון שטאָדט?

ווערט דער חזן נאָך מעהר דערשראָקען. ענטפערט ער:

— וואָס איז אייך דער חילוק?

— וו'הייסט וואָס איז מיר דער חילוק? איך בין דאָך אויך אַ

בעל הבית אין שטאדט, ניין? איך צאהל אויך אין שטאדט, און מיין קערבעל איז דאך אויך א קערבעל, ניין? מעג איך דאס וויסען, ניין?

— געוויס, געוויס, ר׳ לייבעל — פערענטפערט זיך שוין דער חזן מיט מורא, — איך קריעג פון שטאדט אזוי גרויס, ווי זיעבען רובעל א וואך.

— זיעבען רובעל א וואך, — זאגט פאר זיך לייבעל — זיעבען רובעל א וואך.

— צו וואס האט איהר דאס בעדארפט וויסען? — פרעגט דער חזן נאך א אונרוהיגער.

— גאר ניט, גלאט אזוי, עס איז גוט צו וויסען — זיעבען רובעל א וואך — זאגט פאר זיך לייבעל, נו, האט מיר א גוטען טאג, חזן; זיעבען רובעל א וואך — געהט אוועק לייבעל און לאזט איבער דעם חזן א אונרוהיגען, א ערשראקענעם הינטער זיך.

נאר דאס אלעס איז איהם ניט איינגעגאנגען, ווען ער האט דער־זעהן וויינשטיינ׳ס געוועלבעל און די קופקע יונגע לייטלעך וואס שטע־הען ארום דעם אלטען וויינשטיין — און דערצעהלען זיך וויצען און לאכען. און ווען ער האט זיך בעוויזען אין געסעל, ווערט דארט אין דער גרופקע בעלעבט, דאס געלעכטער הערט זיך העכער. ער האט גע־וואוסט אז דאס רעדט מען דארט איבער איהם. ער האט מורא געהאט אהין צו קוקען, נור ער האט געפיהלט אויף זיין פלייצע און רוקען די ברענענדיגע בליקען מיט פעראכטונג און קנאה וואס ווערען גע־ווארפען אויף איהם פון די גרופקע.

וויינשטיין איז איינער פון לייבעל׳ס ווייב׳ס ערשטען מאנ׳ס, דעם מלוה׳ס משפחה, וועלכע האבען גערעכנט אויף דער ירושה אז דער אל־טער וועט שטארבען, און דער אלטער האט גאר פערשריבען די ירושה זיין יונג ווייבעל, און לייבעל האט חתונה געהאט מיט דער ווייבעל. די יונגע לייטלעך זיינען זיינע געוועזענע חברים, זיי זיינען יעצט אויף קעסט ביי די שווערס, האנדלען אונטער אביסעל, און אביסעל דרעהט מען זיך אין מארק ארום מיט די שטעקלעך אין די הענד, און מען האט ניט וואס צו טהאן — קומט מען זיך צונויף צו וויינשטיין׳ען פאר׳ן געוועלבעל, און מען נעהמט לייבעל׳ן אויפ׳ן „צימבעל“. דער אלטער וויינשטיין דערצעהלט דערביי ווי אזוי לייבעל האט חתונה געהאט מיט דעם מלוה׳ס אלמנה — און די יונגע לייטלעך לאכען.

לייבעל איז בלייך געווארען, ער האט געוואוסט, אז פון דארט קו־מען אלע שטעכווערטלעך וואס גערען ארום אין שטעדטעל וועגען איהם. פון וויינשטיינ'ס געוועלבעל איז שוין אפילו ארויס א ליעד וואס אי־מיצער האט פערפאסט אויף לייבל'ען, ווי אזוי א שעהנער און געבילדע־טער יונגער מאן האט חתונה געהאט מיט א מיאוס פעט ווייבעל דער־פאר, וואס זי האט געהאט געלד אויסגעריסען פון אלמנות און יתומים. דאס ליעד ווערט געזונגען אין אלע שעפער פון יונגע געזעלען און מיידלעך — נייטהאָרינס.

פון וויינשטיינ'ס געוועלבעל האט מען שוין אפילו אין א וואר־שאווער צייטונג אויף איהם א שטיקעל אנגעשריבען. און זייט ער האט זיך אריינגעשטעלט דעם טעלעפאן אין שטוב אריין לאזט מען איהם ניט צורוה, יעדען נאכמיטאג ווען ער לעגט זיך צו אביסעל אָב־רוהען. מען רופט איהם ארויס צו פריצים, מ'מאכט איהם הוצאות און ער ווערט אויסגעלאכט. ביינאכט שלעפט מען איהם פון בעט ארויס און מ'זינגט איהם דורד'ן טעלעפאן דאס ליעדעל וואס מען האט פער־פאסט אויף איהם. ער האט שוין לאנג געקלעהרט ווי זיך מיט זיי אפ־צורעכענען, נור ער האט ניט געוואוסט ווי אזוי, נור היינט, ווען זיי האבען איהם פון שלאף אויפגעוועקט, האט עס איהם ביטער צוביי־זערט. און ניט קענענדיג נעהמען אין זיי נקמה, האט ער זיך פערזיסט זיין לאגע מיט דער פאנטאזיע, ער האט זיך פארגעשטעלט, ווי ער, לייבעל, גיט פלוצלונג א ווארף אראב פון זיך די קאפאטע און בלייבט שטעהן אנגעטהאן אין פאלנע פארם ווי א גובערנאטאר, מיט ארדענס בעהאנגען, און זיי, דארטען פאר'ן געוועלבעל דערזעהען איהם, זיי ווערען בלאס, דערשראקען — און ער גיט א געה צו און גיט א בע־פעהל:

„אין טורמע אלע נעהמען — אין טורמע", און זיי ווארפען זיך צו זיינע פיס און בעטען זיך ביי איהם: „האב רחמנות אויף אונ־זערע פרויען און קינדער . . . "

אלעס וואלט ער אוועקגעגעבען, ווען ער זאל נאר אויף איין מא־מענט א גענעראל קענען ווערען, א גובערנאטאר, אז ער זאל אין זיי נקמה נעהמען. ער וואלט באטש געוואלט ווערען דער נאטשאלניק פון שטאדט; באטש א געוועהנליכער סטראזשניק, אבי צו קענען בעפעה־לען: „אויף פיער און צוואנציג טעג טורמע, אויף ברויט און וואסער!

אלעמען צונעהמען! . . . איינזעצען אין קארצער אויף ברויט און וואסער!"

נאר אזוי ווי ער האט ניט געקענט יעצט זיין פאנטאזיע פער־ווירקליכען, האט ער געקלעהרט וועגען אן אנדער פלאן, ווי אזוי זיי אנצושרעקען. ער איז גלייך אריין אין טהויער פון ראטה־הויז, אזוי, אז זיי זאלען זעהן, אז ער איז אריין אין ראטה־הויז, אוועקגעשטעלט זיך אונטער דער טהיר פון הויז און אהין געקוקט אויף דער גרופע אידען, צי זיי האבען זיך דערשראקען . . .

נאר באלד האט איהם דער היטער פון ראטה־הויז פון הינטען אנ־געכאפט און געפרעגט איהם:

— העי, מאשקע, וואס זוכסטו דא?

לייבעל האט זיך דערשראקען פאר'ן סטרוזש און זיך פערלארען. נאר ער האט זיך באלד דערמאהנט אן דעם געלעכטער וואס וועט ווע־רען פאר וויינשטיין'ס געוועלבעל, ווען זיי וועלען זעהן, אז דער היטער טרייבט איהם ארויס. דאס האט איהם מוטה געגעבען. האט ער זיך איינגעשטעלט, געפונען א גלאט לשון און געשריען:

— דער נאטשאלניק איז דא, איך וויל צום פאני נאטשאלניק, איך האב א „דיעלא“ צו איהם.

אז דער היטער האט דערהערט דאס ווארט נאטשאלניק, איז ער ווייכער געווארען, און געוויזען איהם מיט דער האנד אויף די טרעפ.

— דער נאטשאלניק איז אויבען, — אז דו ווילסט, געה ארויף און דערלעג.

אין לייבלען האט זיך אנגעצונדען די אמביציע און דער ווילען זיי צו בעווייזען, ווער לייבעל איז אזעלכער, דאס האט איבערגעשטיגען די אימה און פחד וואס ער האט געהאט פאר'ן נאטשאלניק. דאס הארץ האט אין איהם געציטערט, די פיס געטרייסעלט, — דער גאנצער דינער קערפער האט זיך געוואקעלט פאר שרעק. ער איז גלייך געוועזן ווי לייווענד. נאר דער אימפעט און די אמביציע האבען איהם גע־טראגען, שוין צו ווייזען וויינשטיין'ס חברה ווער ער איז אזעלכער. און ארויפקומענדיג אין דער הויף, האט ער נאך העכער אויפגעהויבען זיין שטימע:

— איך וויל צום פאן נאטשאלניק — איך האב א "דיעלא" צו איהם.

דער סעקרעטער, א יונגער אויסגעהונגערטער גוי, וואס איז געזעסען ביי זיין שרייב־טיש, האט דערזעהן ליבלען אן אויפגערעגטען און שרייענדיג, האט ער איהם בערוהיגט:

— ש—ש—ש אידעל, שוויינ. דער פאן נאטשאלניק קומט גלייך אריין. וואס איז געשעהן? מען האט דיך בע'גנב'עט?

— נאך ערגער, גאספאדין סעקרעטער, נאך ערגער.

נאר די טהיר האט זיך אויפגעעפענט און דער פאן נאטשאלניק, אנגעטהאן אין דער שווערד, מיט דער קורצער געשוירענער בערדעל און שטעהענדע האהר, מיט די מעדאלען אויף דער ברוסט און מיט די ארויפגעדרעהטע וואנצעס, איז געבליבען שטעהן פאר איהם.

ליבעל האט זיך פערלארען. ווען עס וואלט א גרוב אפען געווען, וואלט ער אריין. די פינגער האבען איהם אנגעהויבען צו ציטערען, ער האט ניט געוואוסט וואס צו רעדען, פאר די אויגען האט איהם אנגעהויבען צו שווינדלען און דער קאפ צו דרעהען.

— וואס איז געשעהן? — פרעגט דער פאן נאטשאלניק.

ליבעל האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען, דער צונג האט זיך איהם געפלאנטערט, די פיס געבראכען און ער האט אנגעקוקט דעם נאטשאלניק מיט גרויסע אויגען.

— פאר וואס רעדסטו ניט, וואס איז געשעהן?

— פאן נאטשאלניק! — דו ביזט דאך דער פאטער איבער דער שטאדט, — האט ליבעל אנגעהויבען צו שטאמלען און געזוכט דעם נאטשאלניק'ס האנד צו קושען.

— נו גוט, נו גוט, — וואס איז געשעהן, זאג, שרעק זיך ניט — האט איהם דער נאטשאלניק בערוהיגט.

— פאניע נאטשאלניק, — האט ליבעל געפונען זיין לשון, נאכדעם ווי דער נאטשאלניק האט איהם בערוהיגט. איך פרעג דיר, מעג איך האלטען א טעלעפאן אין מיין שטוב?

— געוויס מעגסטו האלטען. וואס איז עס פאר א פראגע?

— פאניע גענעראל, הונדערט יאהר זאלסטו לעבען, דו ביזט דאך אונזער פאטער, (ליבעל קושט די האנד פון נאטשאלניק) און זיי, דער זייגער־מאכער וויינשטיין, וואס ביי איהם קומען זיך צוזאמען די סאציאליסטען, די פיינד פון קיסר, לאזען מיך ניט צורוהe, רעדען אריין אין מיין טעלעפאן שלעכטע זאכען, לאזען מיך ניט שלאפען, גיבען מיר

קיין רוה ניט. זיי פלאגען מיך, זיי יאגען מיך, — פאניע נאטשאלניק, האב רחמנות, בעשיץ מיך!

— און דאס איז אלעס, און צוליעב דעם האסטו געמאכט אזא גע־וואלד צום פאני נאטשאלניק, וואס דו שלאגסט זיך דארט ארום מיט ריינע אידעלאך, און צו דעם ביזטו מיר געקומען שטערען, דו איד, מאשעניק? וויפיעל פראצענט, הע, זאג, רייסט דו פון די שררים אויס? מען האט מיר שוין דערצעהלט וועגען דיר, דו וועסט ביי מיר אין טורמע פוילען.

— פאניע נאטשאלניק, — איך?

— קיין אייןווארט ניט מעהר, און טראג זיך אב פון דאנען מיט דיינע פערשאלטענע אידעלאך.

— פאניע נאטשאלניק!

— צום טייוועל, די מינוט ארויס!

לייבעל איז אראב פון די טרעפען, אבגעשטעלט זיך אין קארידאר און ניט געוואוסט וואס צו טהאן. ער האט מורא געהאט, אז אין שטאדט זאל מען ניט געוואהר ווערען זיין מפלה. עס איז איהם איינגעפאלען א גליקליכער געדאנק. ער איז צוגעקומען צום סטרוזש און אריינגע־רוקט איהם אין האנד א צעהן־קאפיקע שטיק.

— דער פאן נאטשאלניק האט דיר געהייסען, אז דו זאלסט געהן מיט מיר, וועל איך דיר ווייזען, וועלכע אידען מאכען קאליע דעם טע־לעפאן, די סאציאליסטען און די פיינד פון קיסר, און לאכען אויס דעם פאני נאטשאלניק.

דער סטרוזש האט צוגענומען די צעהן קאפיקעס און איז ארויס מיט לייבלען אויף דער גאס. אז לייבעל איז געגאנגען מיט דעם סטרוזש פון מאגיסטראט איבער דער גאס, איז ער געגאנגען פאמעלאך און גע־רעדט צו איהם די גאנצע צייט זעהר בעליעבט, אז זיי דארט זאלען זעהן, אז ער געהט מיט׳ן סטרוזש פון ראטהויז. און ער האט געוואונקען צום סטרוזש מיט די אויגען אויף וויינשטיין׳ס געוועלבעל.

— דו קוק דארט אהין, דו זעהסט דעם זייגער־מאכער׳ס געוועלבעל? דו זעהסט די קופקע אידען וואס זיצען דארטען? — דאס זיינען אלע סאציאליסטען, פיינד פון קיסר. אז דער נאטשאלניק וועט דיך פרעגען, זאלסטו אנווייזען אויף זיי. און לייבעל האט אהין געקוקט, אויפ׳ן גע־וועלבעל, צי מען זעהט ווי ער געהט מיט׳ן סטרוזש פון ראטהויז.

און דארט האט מען טאקע דאס דערזעהן, און די חברה יונגע לייט־לאך האבען זיך טאקע דערשראקען, און איינציגווייז אבגעטראגען זיך.

— זעה, לייבעל געהט מיט'ס סטרוזש פון ראטהויז! — האט איי־נער צום אנדערען צוגעוואונקען.

— לאז מיך נאר ניט זיין דערביי—האט זיך יעדער געטראכט, און אבגערוקט זיך.

און לייבעל האט געזעהן ווי דארטען אנטלויפט מען איינציגווייז. מען האט מורא פאר איהם — מען ציטערט פאר לייבלען, הע, לייבעל ווייזט ווער עס איז אזעלכעס לייבעל — הע?

---

3

## לייבעל און זיין ברודער.

אין אבענד איז לייבעל געזעסען ביי זיך אין צימער, ביים טיש, דער לאמפ האט געברענט און די פענסטער זיינען אפען געווען ארויס אין הויף אריין. אויפ'ן טיש איז געשטאנען פאר איהם דאס אבענד־עסען, די זעמעל, דאס זאלץ־מעסטעל און א געבראטען לעבערעל וואס איז איבערגעבליבען פון מיטאג. נור ער האט נישט געגעסען, די אויגען האבען איהם געגלאנצט, דער שטערן געשיינט, און די וואנצעלאך ארויפ־געדרעהט, און דערצעהלט פאר'ן ווייב און די מוטער (קיין קינדער האט ער ניט געהאט), וואס ער האט אויפגעטהאן ביים נאטשאלניק.

— דו מיינסט, אז איך האב זיך עפעס דערשראקען. פיהר מיך צום נאטשאלניק! האב איך געגעבען א געשריי אין פאליציי. זיי האבען זיך דערשראקען פאר מיר און האבען מיך געגעבען א פיהר אריין אין א סאלע. איין קיסר אויף איין וואנד, א צווייטער קיסר אויף א צווייטע וואנד. און דא שטעהט פאר מיר דער פאן נאטשאלניק אליין מיט די גרויסע וואנצעס און מיט די מעדאלען, און מיט דעם גרויסען געשריי. מיינסט דאס הארץ האט מיר ניט אנגעהויבען צו קלאפען, אז איך האב דערזעהן דעם אדון? דאס הארץ האט מיר געקלאפט נור מורא האב איך ניט געהאט, און איך גיב זיך א שטעל אוועק און זאג: „אדוני נאטשאלניק, דו ביזט דער פאטער פון דער שטאדט,

און איך בין א געטרייער אונטערטהאן דעם קיסר, מעג איך האלטען א טעלעפאן אדער נישט? איך, א געטרייער אונטערטהאן פון דעם קיסר, וואס צאהלט פאדאטקעס — מעג איך האלטען א טעלעפאן אדער ניט? דער קיסר פאזוואלעט מיר; דו, פאניע נאטשאלניק, ערלויבסט מיר, נור עס געפינען זיך דא ביי אונז אין שטאדט א חברה סאציא־ליסטען: וויינשטיין, דער זיינגער־מאכער; ליבערמאן, דער לעהרער, זילבערשטיין, דער פעלדשער, און דער און יענער, אלעמען אויסגערע־כענט מיט'ן נאמען און מיט דעם אדרעס, זיי זיינען פיינד פון קיסר, זאג איך, און דו בעדארפסט עס וויסען, זיי זיינען סאציאליסטען און לאזען מיך ניט האלטען קיין טעלעפאן און איך וויל אז דו זאלסט זיי איינזעצען צוויי חדשים קארטיז אויף ברויט און וואסער, וויל איך".

„דו געה אהיים, זאגט צו מיר דער נאטשאלניק, און מאך ניט קיין גע־וואלדען, און איך ווייס שוין וואס איך האב צו טהאן". מעהר האב איך ניט געדארפט. „שוין, פאני נאטשאלניק, איך פערלאז זיך אויף דיר. אז דער קיסר פערלאזט זיך אויף דיר — פערלאז איך זיך אויף דיר, דו ביזט דער פאטער פון דער שטאדט, דו ווייסט וואס דו האסט צו טהאן". און גיב איהם א קוש אין האנד און גיב מיר א געה ארויס.

דו מיינסט ער האט ניט גלייך מיטגעשיקט מיט מיר דעם סטרוזש, דעם זשענשע, דעם סטראזשניק, אז איך זאל איהם ווייזען וויינשטיין'ס געוועלבעל — מיינסט אז ניט?

דאס ווייב האט איהם שוין א פאר מאל אונטערגערוקט דאס לע־בערעל וואס איז געשטאנען פאר איהם אויפ'ן טיש און איז קאלט גע־ווארען, נור לייבעל איז געווען אזוי פערקאכט אין זיין דערצעהלען, אז ער האט געלאזט דאס עסען קאלט ווערען, און ווען דאס ווייב האט געפרואווט נאך אמאל אונטעררוקען דאס לעבערעל, האט ער גע־געבען א ברום:

— וואס ווילסטו מיט'ן לעבערעל, איך וויל ניט עסען, איך דערצעהל איהר ווי איך רעד מיט'ן נאטשאלניק און זי רוקט מיר דאס לעבערעל!

— לייבעל, עס וועט דאך קאלט ווערען, בערוהיג זיך.

ער האט אנגעקוקט דאס ווייב מיט דער מוטער, ער האט בעמערקט אין זייערע פנים'ער די גרויסע אימה און דרך־ארץ וואס זיי האבען פאר איהם, דאס האט בערוהיגט זיין כעס. ער האט צוגערוקט צו זיך דאס לעבערעל און גענעסען — אין קאפ האט איהם געהיצט, און ער האט

געהאט דאס געפיהל, אז ביי איהם אויף דער ברוסט הענגט א גרויסער מעדאל...

באלד האט זיך די טהיר אויפגעעפענט און עס איז אריינגעקומען זיין עלטערער ברודער העניכ'ל, דער שניט־סוחר. העניכ'ל איז אמאל געווען גוט אב, א פיינער יונגער מאן, קען לעהרנען, א חסיד און א משכיל, און ווייסט וואס אין די ביכלעך, נור צייט ער האט זיין געלד פערלארען האט מען פערגעסען אז זיין לעהרנען און זיין קענען. דער איד איז געווען געפאלען ביי זיך, און כאטש ער האט דעם ברודער פיינד געהאט און א פאר יאהר ניט גערעדט מיט איהם, ווייל ער האט חתונה געהאט מיט דעם מלוה'ס ווייב, נור דאך צייט עס האט איהם אנגעהויבען שלעכט צו געהן האט ער זיך מיט'ן ברודער איבערגעבעטען און אריינגעקומען צו איהם יעדען אבענד. ער האט געוואוסט, אז ער וועט גאר נישט פון איהם ארויסקריגען — נור טהאן האט ער דאך עפעס געמוזט. ער איז דאך געווען אהן פרנסה, האט ער געהאלטען אין איין אריינקומען צום ברודער, אויסהאלטען זיינע קאפריזען, זעהען זיינע מיקען און שווייגען, און איבערטראגען, טאמער וועט ער פון איהם ארויסקריגען געלד קיין אמעריקא צו פאהרען, וואוהין העניכ'ל האט זיך געהאלטען אין איין קלייבען צייט ער האט די פרנסה פערלארען. ליי־בעל האט פאר'ן ברודער אמאל גרוים דרך־ארץ געהאט, ווען יענער איז געווען גוט אב, נור צייט דער ברודער איז געווארען דער דלפן און ליי־בעל האט געקראגען די מזומנים, איז ביי איהם דעם ברודער'ס לעהרנען און אנגעזעהענקייט גאר ניט געווען. לייבעל, עסענדיג דאס לעבערעל, האט אנגעקוקט דעם ברודער און ערווארט פון איהם צו הערען עפעס נייעס, וואס מען רעדט אין שטעדטעל וועגען דעם שטיקעל וואס ער האט אבגעטהאן ביים נאטשאלניק. דער ברודער, וועלכער האט טאקע שוין געהאט געהערט דערפון, און „דאס שטיקעל" איז איהם גאר ניט געפעלען, האט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל — א שווייגעדיגער און א פערשעהמטער.

— דער שוואגער וועט אפשר מיטעסען ? — האט איהם דאס ווייב געבעטען.

דער שוואגער האט אבער געוואוסט, אז מען בעט איהם נישט צו עסען, נור פאר לייבעל'ס טובה וועגען, כדי לייבעל זאל קענען גוט פערדייען און ניט קיין עגמת־נפש האבען, וואס ער עסט און בעט ניט דעם

הונגעריגען ברודער מיטצועסען, און כדי לייבעל זאל טאקע קענען רוהיג אויפעסען דאס לעבערעל, דארף זיך דער ברודער אבזאגען פון עסען און מאכען א פרעהליכע מינע און אבווישען זיך די וואנצעס און זאגען: „איך האב ערשט וואס געגעסען". און צו פעריאגען פון זיך דעם אפעטיט, וואס דאס לעבערעל האט ערוועקט אין זיין הונגעריגען מאגען, האט הענעך'ל גערענקש און געטראכט וועגען אלעס, נור ניט וועגען עסען. אבער לייבעל האט אליין געווארט, אז דער ברודער זאל אנהויבען ריידען וועגען נאטשאלניק. געווארט, און אז ער האט זיך ניט געקענט ערווארטען — האט ער אנגעהויבען צו רעדען דערפון:

— וואס זאגט מען אין בית־המדרש וועגען נאטשאלניק? — זאגט לייבעל עסענדיג דאס לעבערעל.

— איך האב ניט געהערט דערצעהלען.

— גאר ניט געהערט? ניט פון נאטשאלניק, ניט פון מיין שטיקעל וואס איך האב אבגעטהאן די וויינשטיינס?

— גאר ניט געהערט.

— עס קען ניט זיין.

— עס איז אבער דאך אזוי — האט דער ברודער איהם ניט גע־וואלט צוליעב טהאן.

די מוטער, וועלכע איז געזעסען אין ווינקעל נעבען איהר עלטערען זוהן, האט איהם געקנייפט אין האנד, און געשעפטשעט איהם אין אויער:

— זאג איהם, אז דו האסט געהערט, וואס ארט עס דיך? בע־דארפסט דאך זיין טובה.

דער ברודער, כאטש אן ארימאן און כאטש ער האט בעדארפט זיין טובה, נור דאס האט ער איהם ניט געוואלט צוליעב טהאן. אי לייבעל זאל עסען לעבערלאך, אי ער זאל זיצען און צוקוקען און זאל איהם נאך אנטהאן דעם נחת־רוח — דערצעהלען איהם וואס מען רעדט אין שטאדט וועגען זיין בריה'שאפט, דאס האט ער שוין ניט געוואלט, אפילו ער זאל די גאנצע טובה פערלירען ביים ברודער.

לייבעל'ן האט עס פערדראסען וואס דער ברודער האט גאר ניט געהערט דערפון, און ער איז אין כעס געווארען.

— טאקע גאר ניט געהערט? — גאר ניט? — וואונדערט זיך לייבעל.

— ניין, זאגט דער ברודער קאלט.

— אז ער האט ניט געהערט, דערצעהל איהם לייבעל—האט לייבעל זיי געלעגט אין דער ערד, א ווא — זאגט די מאמא, וועלענדיג דעם זוהן ארויסראטעווען. און שטופענדיג דעם זוהן ברוהמט זי:

— גזלן, וואס טהוסט דו, האב רחמנות אויף דיינע קינדער!

— אז ער האט עס ניט געהערט — וועט ער עס שוין הערען — זאגט לייבעל קאלט־בלוטיג.

אבער עס בריהט אויף די צונג צו דערצעהלען דעם ברודער וואס ער האט אבגעטהאן — און פאסען, פאסט דאך עס איהם ניט — קרענקט עס איהם, און ווען עס קרענקט קען ער דאך שוין ניט עסען, און אויסלאזען צום ברודער האט ער ניט וואס, האט ער געגעבען אנצוהערען דעם ברודער, ווער לייבעל איז:

— לאמיר שוין געהן. זאג מיר, ליעבער, ווען פאהרסט דו קיין אמעריקא, נגיד?

דער ברודער האט דערפיהלט דעם שטאך, נאר דאך צוליעב טהאן לייבעל'ן און זיך לייגען פאר איהם האט ער ניט געוואלט, עס זאל איהם אפילו קאסטען די גאנצע טובה.

— איך וועל פאהרען ווען דער רבונו של עולם וועט מיר העלפען, און ווען איך וועל וועלען.

— ווען דו וועסט וועלען, משטיינס געזאגט. דו וועסט פאהרען— ווען לייבעל וועט דיר געבען אויף הוצאות — זאגט די מאמע פון ווינקעל ארויס צום עלטסטען זוהן, קנייפענדיג איהם: גזלן, וואס טהוסט דו? בעדארפסט דאך איהם!

נור לייבעל איז ניט געווען צופריעדען. לייבעל האט געוואלט, אז ניט די מאמע זאל לייגען איהר עלטסטע קינד פאר איהם אויף די קניה, נור דער ברודער זאל זיך אליין לייגען אויפ'ן בענקעל פאר איהם. דערפאר וואס דער ברודער האט אזוי פיעל איינרעדעניש און אזא אביון איז ביי זיך גרויס. טאקע לייבעל האט אמאל פאר'ן ברודער גרויס דרך־ארץ געהאט, פאר זיין קענען און לעהרנען. לייבעל האט געוואוסט, אז ער איז א גראבער יונג געגען דעם ברודער. נור דאס איז אלעם געווען ווען דער ברודער איז געווען גוט אב. אבער לייבעל האט זיך געהאלטען צייט ער האט געלד געקריגען ניט נור קליגער, געבילדעטער פאר'ן ברודער, נור ער איז קליגער פון דער גאנצער וועלט, און אלעם וואס מען האט נור אמאל אויסגעקלעהרט און עס שטעהט נאך פערשריבען אין

א ביכעל, איז לייבעל דאס דערגאנגנעז מיט זיין איינענעם שכל. כאטש ער האט ניט געלעהרענט, נור פון זיין איינענעם שכל. און עס האט לייבעל'ן נעקרענקט וואס דער ברודער גרויסט זיך נאך געגען איהם מיט זיין געבילדעטקייט:

— נו, וואס האסטו אויספילאזאפירט, א לײדיגען מאגען? מיט פילאזאפיע קען מען איהם ניט אנזעטיגען, וואס? — זאגט לייבעל בעלעקענדיג די פעטע ליפען.

נור אין דעם ברודער, דעם ארימאן, האט זיך ערוועקט אן עקשנות לייבעל'ן נישט נאכצוגעבען.

— וואס מיינסטו, אלעס איז עסען? דער מענש לעבט דאך ניט פאר'ן עסען, דאס עסען איז דאך נור כדי צו ערהאלטען דאס לעבען. וואס איז דער חילוק מיט וואס מען דערהאלט דאס לעבען: צו מיט געבראטענע לעבערלאך אדער מיט טרוקען ברויט, אבי דאס מענשליכע לעבען ווערט ערהאלטען — ערקלעהרט איהם דער ברודער.

— דו הערסט, באשע, עס איז ניט קיין חילוק צווישען געבראטענע לעבערלאך און טרוקען ברויט. געבראטענע לעבערלאך זיינען טאקע געבראטענע לעבערלאך און טרוקען ברויט איז א בראך נאך די יאהרען — זאגט לייבעל מיט א גמרא נגון.

— דאס מאכט נאר א חילוק פאר דעם פרעסער, פאר דעם, וואס לעבט פאר'ן עסען, אבער פאר דעם מענשען וואס האט צו טהאן מיט העכערע זאכען — וואס איז עסען? אט נעהמט, למשל, עס זיינען דא נור אונשטערבליכע מענשען וואס עקזיסטירען שוין נישט און דאך לע־בען זיי.

— וואס הייסט זיי לעבען — און עסען נים?

— נעהם, למשל, א משה רבינו, א רמבם, א בעל שם טוב אדער להבדיל א אריסטא; זיי לעבען שוין טאקע נישט, און דאך ווייסען מיר פון זיי. מיר לעבען מיט זייערע ווערטער, מיט זייערע געדאנקען, מיר לעזען זייערע ביכער — מיר לעזען זיי היינט און מיר ווייסען וואס זיי זאגען פונקט אזוי ווי זיי וואלטען גערעדט צו אונז — ווי זיי וואלטען געוועזען מיט אונז און מיר וואלטען זיי געקענט — דאס הייסט לעבען.

נור לייבעל האט נים פערשטאנען די אונשטערבליכקייט:

— אבער לעבערלאך קען ער עסען. אט דער משה, דער רמבם, אדער דער אריסטא, קען ער פיהלען דעם טעם פון לעבערלאך יעצט ווי

איך? וואס האבען זיי דערפון, אז מיר לעזען טאקע זייערע ביכער. זיי ווייסען דען דערפון? ניין, זיי פוילען אין דער ערד. זיי זיינען ניטא — א מען שטארבט באקט מען, ברודער, בויגעל — טריאומפירט לייבעל פאר דער ווייב מיט דער מוטער.

— נו, זעהסט דו שוין, מיט איהם זאלסטו זיך ניט שפארען, מיין זוהן, ער קען אליין בעסער — האט די מוטער געזאגט צום עלטסטען זוהן, כאטש עס האט איהר וועה געטהאן פאר איהר עלטסטע קינד, וואס איז איהם גאר ניט איבערגעבליבען, נור דאס ביסעל קענען. נור זי האט געמיינט אז זי טהוט איהר זוהן א טובה, ביי לייבעל'ן, — האט זי אונטערגעברומט אין דער שטיל:

— שפאר זיך ניט מיט לייבעל'ן, געדענק און דיינע קינדער, בע־דארפסט דאך זיין טובה.

— הע, מיט לייבעל'ן שפארט מען זיך ניט, ער ווייס בעסער אין די ביכער — האט דאס ווייב געזאגט צום שוואגער.

העניך האט איינגעזעהן, אז עס איז טאקע ניטא וואס צו שפא־רען, און אפשר האט ער געדענקט וואס די מוטער האט געזאגט, האט ער אבגעקירצט און געזאגט „א גוטע נאכט", און איז ארויס פון שטוב.

— נו, דער פילאזאף דיינער, אויף איהם האסטו זיך געלאזט קאסטען געלד — איך האב דיר קיין געלד ניט געקאסט און ווער קען בעסער? — האט ער זיך געווענדעט צו דער מוטער.

— מילא דו, ביזט דאך גאר אנדערש — דו ביזט דאך מיין גע־ראטענסט קינד — האט די מוטער ליגען געזאגט פאר שלום וועגען, פון וועלכע זי האט די מינוט פערדרוס געהאט, ניט איבער דעם וואס זי בעדארף ליגען זאגען פאר איהר שטיקעל ברויט, נור דערפאר וואס זי מוז פערלייקענען די אנדערע קינדער.

---

אז לייבעל איז געווען פערקאכט אין גאס וואו ער האט בעדארפט זיין אמביציע ארויסווייזען, האט ער גאר ניט געפיהלט קיין וועהטאג, נור ווען לייבעל איז געבליבען אליין מיט דער ווייב און די מוטער, האט ער זיך אנגעהויבען צו קלאגען אויף בויך־וועהטאג, אויף קאפ־וועהטאג. ער האט זיך דערמאהנט אן אלע קרענק וואס טהוט איהם וועה, און אם מעהרסטען האט יעצט געריסען די ענטצונדענע נאז.

ער האט געקוקט אויף דער ווייב און אויף דער מאמא, צי זיי ווייסען, צי זיי פיהלען, אז איהם טהוט וועה, און אז ער האט געזעהן אז זיי ווייסען גאר נישט און זיי זעהען גאר נישט, איז ער בייז געווארען, און זיך בערויערט וואס ער איז אזוי עלענד און אליין.

— איך האב דען ווער עס זאל קלעהרען וועגען מיר? אנדערע מענשען האבען א ווייב, האבען א מאמא, האבען... (ער האט געוואלט זאגען א קינד — נור דא האט ער זיך צוריקגעהאלטען, ווייל די צרה וואס ער האט ניט געהאט קיין קינדער איז צו־ערנסט געווען, אז ער זאל זי יעצט דערמאהנען).

— וואס איז דיר, מיין קינד? לייגט די מאמא אוועק דאס שטריי־קעכיץ און פערלעגט די הענד.

— לייבעל, עס טהוט דיר עפעס וועה? — פרעגט דאס ווייב א דערשראקענע.

— וואס איז מיר? נא, זעה, זיי ווייסען דאך גאר ניט — פון הימעל ארויסגעפאלען — די נאז טהוט מיר וועה! — האט לייבעל גע־זאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— די נאז? אוי וועה — האט דאס ווייב און די מאמע אב־געקרעכצט.

— לאז מיין קינד, וועל איך דיר די נאז איינשמירען מיט אביסעל גלאצערינע — איז די מאמע צוגעגאנגען.

— ניין, ניט דו: באשע וועט עס בעסער מאכען.

לייבעל האט זיך אוועקגעלעגט אויפ'ן בעט און דאס ווייב האט גע־נומען אויפ'ן פינגער אביסעל גלעצערין און האט זיך געוואלט דער־נעהענטערען צו איהם — נור ווען לייבעל האט זי דערזעהן מיט'ן פינ־גער איז ער אויפגעשפרונגען:

— ניין, ניין, ניט דו, די מאמא וועט עס וועיכער מאכען. — מאמא!

די מאמע האט איינגעשמירט דעם פינגער מיט גלעצערין און איז צוגעגאנגען צו איהם, נור לייבעל איז ווידער אויפגעשפרונגען מיט טרעהרען אין די אויגען:

— ניין, ניין! באשע, באשע!

די מאמע מיט'ן ווייב זיינען ביידע געשטאנען מיט איינגעשמירטע פינגער גלאצערינע, לייבעל האט געקוקט אויף זיי ווי אויף צוויי גזלנים.

— וואס ווילט איהר פון מיר האבען? — האט ער זיך געבעטען.

— לייבעל, ביסט דאך ניט קיין קינד, לאז דיך איינשמירען די נאז,
— האט זיך דאס ווייבעל געבעטען.

— קינד'ל מיינס, נור איינמאל, מארגען אין דער פריה ועסט דו שוין גאר ניט פיהלען.

און דער שרעקליכער לייבעל, וואס האט צעהן טויזענד רובעל, און איז בעזארגט דאס גאנצע לעבען מיט פרנסה און האט אלעמען אין דער ערד, און רעדט מיט א נאטשאלניק, און א שטאט ציטערט פאר איהם, און איז קליגער פון דער גאנצער וועלט, און ער קען עסען לשבער־לאך און משה רבינו ניט — איז געלעגען אן אויסגעטהאנענער אויפ'ן בעט, אויסגעשטרעקט זיין ענטצונדענע נאז און פערשטעלט זי מיטביידע הענד, פון די אויגען האבען איהם געשפראצט טרעהרען, און ער האט געקוקט אויף דער מאמען מיט'ן ווייב וואס זיינען געשטאנען פאר איהם מיט צוויי אנגעשמירטע פינגער מיט גלאצערינע און גע־בעטען זיך:

— פאמעלאך, פאוואלינקע, פאווא־לע.

— פאמעלאך, פאוואלינקע, פאווא־לע — האבען די מאמע מיט'ן ווייב נאכגעזאגט און קוים אנגעריהרט מיט'ן שפיץ פינגער זיין ענט־צונדענע נאז.

— אוי וועה!

— אט שוין, קינד לעבען!

און באלד איז לייבעל געלעגען אין בעט מיט א גלאנצעדיגען נאז פון גלאצערינע, און ער האט געקלעהרט וועגען זיך, וואס פאר א גוטער מענש ער איז. ער בארגט אויס אידען געלד אויף גמילת חסדים. אלע בעדארפען טובות און ער טהוט טובות, און האלט א מאמא ביי זיך. און וועט דעם ברודער געבען געלד קיין אמעריקא צו פאהרען. ווארום סוף כל סוף וועט ער דאך מוזען געבען — ער מוז דאך אלעמען העלפען, און ער איז איינגעשלאפען מיט'ן שלאף פון די גערעכטע.

---

4

## לייבעל קריגט דעם ערשטען פאטש און ווערט בעסער.

אבער לאנג שלאפען האט לייבעל ניט געקענט. אין מיטען דער נאכט האט זיך לייבעל אויפגעכאפט, עס האט זיך איהם דערמאנט דאס געשפרעך מיט'ן נאטשאלניק, און ער איז ערשראקען געווארען דערפאר. ווי אזוי האט ער געקענט אונטערשטעהן אריינצולויפען צום נאטשאלניק און איינצו'טענה'ן מיט א נאטשאלניק. ער האט דאך איהם געקענט נעהמען און אוועקשיקען אין סיביר, געשמידט אין קייטען, פא עטאפו. לייבעל איז פערציטערט געווארען ביי דעם געדאנק: נעהמען מיט אמאל א מענשען, א רוהיגען, וואס איז בעזארגט מיט פרנסה אויפ'ן גאנצען לעבען — און אונגליקליך מאכען. און ווי ער האט געקלעהרט דערפון האט זיך איהם פארגעשטעלט, ווי דארט אין פאליציי, ארבייט מען איבער פאפיערען א גאנצע נאכט, מען שרייבט און שרייבט, און דאס שרייבט מען אלעס איבער איהם, און אט באלד וועט זיך די טהיר עפענען, און עס וועט אריינקומען זשענקע סטראזש-ניק, און געבען א געשריי: „ווסטאוואי יעווריי!" און מען וועט איהם ערגעץ וואו נעהמען און אוועקשיקען... ער האט זיך אויסגע-לאכט פון די שלעכטע געדאנקען וואס זיינען איהם געקומען אויפ'ן זינען און פערדרעהט זיך אויף דער צווייטער זייט און געוואלט איינ-שלאפען. אבער די שלעכטע געדאנקען זיינען איהם נאכגעקומען. און ער האט זיך ווידער דערמאהנט, אז דער נאטשאלניק האט זיך טאקע אויף איהם צובייזערט און געשריען: „פאשאל וואן!" און „איך ווייס פון דיר און האב געהערט פון דיר..." און יעצט וועט נאך קומען זשענ-שע דער גוי און וועט זאגען: „לייבעל האט מיר אריינגערוקט צעהן קאפיקעס אין האנד אריין — און געהייסען מיר אנסטראשען די וויינ-שטיינ'ס, געהן צו זיי אין דיין נאמען, פאני נאטשאלניק". און דאס איז דאך שוין א קרימינעלע דיעלא. ער האט אויף זיך ארויפגעצווי-גען א קרימינעלע דיעלא פאר נארניט, געווען א רוהיגער מענש, א בע-זארגטער מיט פרנסה און נא דיר א קרימינעלע דיעלא, מיט סאנדעס, מיט געפענגענים, און פאר וואס און צוליעב וואס האט ער דאס בע-דארפט — אלץ צוליעב דעם טעלעפאן, וואס די וויינשטיינ'ס האבען

איהם פון שלאף אויפגעוועקט. און איבער אזא נארישקייט האט ער געבראכט אויף זיך אן אומגליק... ניין, עס קען דאך ניט זיין, אז איז ער דאך ערשט וואס געווען לייבעל, וואס אלע האבען געציטערט פאר איהם, וואס איז פערזארגט מיט פרנסה געווען, און יעצט מיט אמאל — ניין, ניין, און אפשר יא, און אפשר שרייבט מען טאקע דארט. האט דאך דער נאטשאלניק געגעבען א געשריי: „איך וויים פון דיר!" און אפשר וועט זיך באלד די טהיר עפענען און דער סטראזשניק וועט קומען — און ווי ער קלעהרט אזוי, דאכט זיך איהם, אז מען געהט, אז רודערט מען הינטער דער טהיר, אז קלאפט ווער אין דער טהיר.

— באשע, באשע!

— לייבעל, וואס איז דיר? דער בויך טהוט דיר וועה?

— ניין, מען געהט ניט, באשע?

— ווער געהט? — קיינער געהט ניט. פאר וואס שלאפסט דו ניט?

— איך האב געמיינט, גוט, גוט, שלאף — האט לייבעל זיך דער־מאהנט ווער ער איז און אויסגעדרעהט זיך אויף דער צווייטער זייט.

צו מארגענס אין דער פריה, אז לייבעל האט געזעהן אז מען איז ניט געווען נאך איהם און אלץ האט זיך איהם נור אויסגעדוכט, האט ער צוריקגעפונען זיין גאנצען „לייבעל". ער האט אנגעהויבען צו קא־מאנדעווען מיט דער מאמא און מיט'ן ווייב ווי תמיד, ער האט פער־געסען אין די שלעכטע געדאנקען וואס ער האט געהאט בייננאכט, און האט געגעבען א געה ארוים אין גאס מיט'ן שטעקעלע און מיט'ן קאפעלושעל און האט אנגעהויבען צו רופען מענשען מיט'ן פינגער צו זיך — און אויסצופרעגען ווי א נאטשאלניק:

— זאג מיר, איך בעט דיך, דו זאלסט מיר לעבען, וואס דרעהסט דו דיך אזוי אין מארק ארום, און טהוסט גאר ניט? — ווענדעט ער זיך צו מרדכי שוסטער, וועלכער פלעגט ליעב האבען טהיילמאל אוועק־לייגען די ארבייט און ארויסגעהן אין גאס אריין און דרעהען זיך צווישען סוחרים, מעקלערס, און שמועסען.

— וואס, איהר גיט מיר פרנסה, וואס איהר פרעגט מיך, וואס איז עס אייער עסק? — פרעגט מרדכי.

— גאר ניט, גלאט אזוי, איך מעג דאך וויסען. א שוסטער או׳

דרעהט זיך אין גאס און טהוט גאר ניט — זאגט ליבעל מיט א קרעכץ און געהט אוועק.

נור אביסעל אונרוהיג איז נאך געווען ליבעל וועגן נאטשאלניק, און ליבעל האט פיינד צו זיין אונרוהיג וואס אנבעטרעפט זיין לאגע. ליבעל האט ליעב אלעס צו האבען קלאהר פאר זיך, אז קיין זאך זאל איהם ניט איבערראשען. פרנסה בעזארגט אויפ'ן גאנצען לעבען, וואריםע זאקען אנגעגרייט פאר'ן ווינטער. און כאטש ער האט שוין יעצט געוואוסט, אז דאס וואס האט זיך איהם אויסגעטראכט בייגאכט וועגען נאטשאלניק איז נארישקייטען, נור דאך טאמער איז עס א הונ־דערסטע טהייל אמת, טאמער קען נור געמאהלט זיין, אז דער נאטשאל־ניק איז בייז אויף איהם, און געהט איהם אונטערשטעלען א פיסעל — דאס אליין מאכט איהם שוין בעזארגט, נערוועז, און ליבעל קען ניט לעבען, און כדי ער זאל קענען אין גאנצען רוהיג זיין און זיכער — האט ליבעל בעשטימט ארויפצוגעהן צום נאטשאלניק און איהם אי־בערצובעטען.

ליבעל האט זיך פארגעברייט א גאנצע רעדע וואס ער וועט האל־טען פאר'ן נאטשאלניק. ער וועט ווייזען דעם נאטשאלניק וואס פאר א געבילדעטער מענש ער איז, אז ער איז ניט אזא פאנאטיקער ווי די אנדערע אידען, און טאמער בעדארף ער אמאל עפעס וויסען וועגען שטעדטעל, וועגען דעם און יענעם — קען ליבעל איהם זאגען, עצות געבען. מיט די גליקליכע געדאנקען איז ליבעל ארויפגעגאנגען צום נאטשאלניק.

„און קענען קען ער מיר דאך אויך שוין פון נעכטען", האט זיך ליבעל געטראכט. ווארים ליבעל איז געווען אזוי איינגעליעבט אין זיך, מיט אזא נאאיוועטעט, מיט אזא אונשולד, אז עס האט זיך איהם געדאכט, אז אלע ליעבען איהם. און וואס פאר א שלעכטס ער האט ניט געהערט פון ווע־מען אויף זיך — האט ער באלד פארגעסען דעריין, און ער האט געקענט אזוי אויסטייטשען יענעמס ווערטער אין זיין קאפ — אז עס איז ארויסגעקומען אז יענער האט איהם גאר ניט געשאל־טען, נור געבענשט.

נור ליבעל האט נאך ניט קיין צייט געהאט אריינצוקומען אין קאנצעלאריע, ליבעל האט נאך ניט קיין צייט געהאט דאס מויל צו עפענען און אנצוהויבען זיין רעדע: „פאני נאטשאלניק, דו ביסט דאך

דער פאַטער פון דער שטאָדט", ווי דער נאַטשאַלניק האָט זיך בעוויזען אין דער טהיר, און ווי ער האָט דערזעהען לייבעל'ן איז ער געוואָרען אַן אויפגעקאָכטער, די וואַנסעס האָבען איהם געציטערט, די מעדאַלען געשאָקעלט זיך אויף דער ברוסט:

— וואָס, דו ביזט שוין ווידער געקומען דרעהען מיר אַ קאָפּ מיט דיין טעלעפאָן — הע? נעהם דעם אידען און זעץ איהם אריין אויף פיער און צוואַנציג שעה קאַרץ — האָט ער בעפוילען דעם סטראַזש־ניק, וואָס איז געזעסען אין אַ ווינקעל.

— פאַני נאַטשאַלניק — פאַר וואָס? — איז לייבעל בלייך גע־וואָרען ווי קרייד, און די פיס האָבען זיך געשניטען אונטער איהם.

נור איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט אַ אַנדער וואָרט אויס־צורעדען, האָט זיך לייבעל געטראָגען פון די טרעפּען אַראָב, און אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך שוין געפונען אין שכנות מיט אַ שכן אַ גוי, מיט אַ גנב הינטער איין שלאָס, אין אַ שמוציגען פינסטערען קאַמער, און ער האָט ניט געוואוסט ווען און ווי אַזוי און פאַר וואָס דאָס איז געקומען.

די פענסטערלאַך פון דער וואַך זיינען אַרויסגעקומען אין מאַרק אריין, פּונקט נעגען איבער וויינשטיין דעם זיינער־מאַכערס געוועלבעל, און פּונקט האָבען זיך אין מאַרק אַרומגעדרעהט די יונגע־לייטלעך, סוחרים, מעקלערס, מיט די שטעקעלעך אין די הענד. פאַר אַ מינוט צוריק האָט לייבעל גערעדט מיט זיי, איז לייבעל געווען איינער פון זיי, ניין, ער איז געווען דער גרעסטער פון זיי, — אַלע האָבען זיי מורא געהאַט פאַר איהם — און יעצט זיצט ער אין דער וואַך — און קוקט פון די גראַטעס אין גאַס אריין.

און באַלד איז דער גאַנצער מאַרק געוואָהר געוואָרען אַז לייבעל זיצט, און גאַנץ וויינשטיינ'ס געוועלבעל מיט אַלע יונגע לייטלעך, מיט אַלע סוחרים און מעקלערס, און אפילו מרדכי שוסטער, האָבען זיך איבערגעטראָגען פאַר די פענסטערלעך פון דער וואַך.

— וואָס איז געשעהן, וואָס? איך האָב דאָך ערשט איהם די מינוט געזעהן, ער איז דאָך נור וואָס דורכגעגאַנגען מיין געוועלבעל — דערצעהלט וויינשטיין דעם עולם.

— ער האָט דאָך נור וואָס גערעדט מיט מיר, געפרעגט מיך וואָס איך דרעה זיך אין אַ פּראָסטען מיטוואָך אין אַ מאַרק אַרום —

און נעה ניט ארבייטען, און שוין זיצט ער? פאר וואס? — הערט לייבעל מרדכי שוסטער'ס שטימע פון הינטער די פענסטערלאך פון דער וואך.

— וואס, ער איז דאך געווען אזא קנאקער ביים נאטשאלניק — נעכטען ערשט געווען ביי איהם, גערעדט מיט איהם, פער'מסר'ט אי־דען — און היינט זיצט ער. פאר וואס? פאר וועו? — וואס, ער האט זיך צוקריעגט מיט'ן נאטשאלניק? טענה'ט דער אלטער וויינשטיין. און לייבעל מוז דאס אלעס אויסהערען און שעהמט זיך דאס פנים ארויס־צו־ווייזען צווישען די שטאכעטען פון די פענסטערלער.

נור באלד דערהערט לייבעל די מאמע'ס וויינענדיגע שטימע, און באשע'ס שווערע עטהעמען. זיי זיינען געקומען צולויפען מיט די טיכער איבער די קעפ אהן אטהעם, ניט טויט, ניט לעבעדיג, מיט א געשריי איבער דער גאס:

— לייבעל, לייבעל, וואס איז געשעהן? — פאר וואס? פאר וועו?

אז לייבעל האט ארויסגעקוקט פון די פענסטערלעך פון וואך איז איהם פינסטער געווארען אין די אויגען. דאס גאנצע שטעדטעל, פון קליין ביז גרויס, זיינען געשטאנען פאר די פענסטערלעך פון וואך. אלע זיינע שונאים: וויינשטיין דער זייגערמאכער, ליבערמאן דער לעהרער, זילבערשטיין דער פעלדשער, — און צווישען זיי די מאמא מיט דער ווייב, פערוויינטע, און אלע גיבען עצות, און ער קוקט ארויס פון די פענסטערלאך.

—יא, דא האט איהר דאך איהם — ווייזען די אידען אויף לייבל'ען.

— זעה ווי ער קוקט ארויס פון די שטאכעטען — זעה דעם קנאַ־קער, זעה . . .

— לייבעל, וואו זעה איך דיך — ברעכט זיך די מאמע די הענד.

— וואס שרייט איהר? וואס לארעמט איהר? גאר ניט, איך האב זיך צו־ווערטעלט מיט'ן נאטשאלניק, האט ער מיך איינגעזעצט אויף א טאג. איך וועל איהם שוין ווייזען דערפאר, האט ניט קיין מורא, געהט אהיים און ברענגט מיר עסען, איך וועל איהם שוין וויי־זען דערפאר, איך וועל זיך שוין מיט איהם אברעכענען — זאגט ליי־בעל גאנץ געלאסען.

— געהט אהיים, ברענגט איהם עפּעס עסען — ער וועט זיך שוין אברעכענען מיט'ן נאטשאלניק — זאגט מרדכי שוסטער צו דער ווייב — איהר קענט זיך פערלאזען אויף איהם.

— וואס האסט דו זיך דא ארייצומישען? ווער פרעגט דיך — קאמאנדעוועט ליבעל ארויס פון דער וואך — אהיים געהט!

— שווייג, שווייג, ער וועט באלד געהן צום נאטשאלניק און דיר בעשטעלען א ביינקעל ביי איהם, פער'מסר'ן דיך אז דו ביסט א סאציאליסט — ער איז דאך א גאנצער קנאקער ביים נאטשאלניק — זאגט דער אלטער וויינשטיין צום שוסטער.

— און מיט אייך וועל איך זיך אויך אברעכענען. איך וועל זיך שוין מיט אייך אלעמען אברעכענען — ווייזט ליבעל מיט דער האנד צום זייגערמאכער.

— אנו, לאמיך זעהען, קום נור ארויס, ליבעל, פּרואוו נור אקארשט ארויסצוקומען — רייצען זיך מיט איהם די אידען.

די מאמא מיט'ן ווייב זיינען אהיים געגאנגען. דער עולם איז נאך געשטאנען פאר די פענסטערלאך פון דער וואך. ליבעל איז געשטאנען צווישען די שטאכעטען און גערעדט ווי עס וואלט גאר ניט געשעהן — כאטש דאס פּנים האט איהם געפלאמט פאר בושה. ער האט בעמערקט אין די אויגען פייערלאך פון נקמה וואס ברענט, און געמאכט זיך פּלענער ווי אבצורעכענען זיך מיט'ן נאטשאלניק, מיט וויינשטיינ'ען — צו ווייזען ווער ליבעל איז.

מיטאג צייט האט העניכ'ל, דער ברודער, איהם געטראגען עסען אין וואך אריין, און אז דאס שטערטעל האט געזעהען ווי מען טראגט ליבעל'ן עסען אין וואך — זיינען אלע נאכגעלאפען און אריינגעשריען אין די פּענסטערלאך:

— ר' ליבעל, ווי שמעקט דאס מיטאג אין דער וואך?

— וואס איז געשעהן? ליבעל, פאר וואס האט מען דיך איינגעזעצט? — פרעגט דער ברודער.

— איך האב זיך צו־ווערטעלט מיט'ן נאטשאלניק — האט ליבעל געוואלט ענטפערען דעם ברודער דעם שטאלצען ענטפער, וואס ער האט געגעבען די שטאדט אידען פאר די פענסטער, נור ער האט זיך אן עפּעס דערמאהנט — האט ליבעל אראבגעלאזט דעם קאפּ און געזאגט מיט הכנעה:

— איך ווייס פאר וואס ער האט מיך איינגעזעצט. — א רשע, מיר זיינען דאך אין גלות — און מיט א אידען מעג מען מאכען וואס מען וויל.

— וואס דארפסטו זיך אזוי צום הארצען נעהמען, פאר קיין גנבה זיצסט דו ניט. און שכור ביסט דו אויך ניט געווען. ביסט דו געזעסען, און וואס איז? — טרייסט איהם דער ברודער.

— נאר איינער, איך וועל זיך שוין מיט איהם אברעכענען — איך וועל פאהרען נאך ווארשוי, צום גובערנאטאר וועל איך פאהרען, איך וועל איהם ווייזען ווי איינצוזעטצען לייבעל'ן — האט לייבעל זיך געוועקט.

— געה, צום גובערנאטאר ועסטו פאהרען — האסטו א דאגה.

און א וואונדערליכע זאך, אז דער ברודער איז אוועק, האט לייבעל ניט מעהר געקלעהרט וועגען זיך, ניט וועגען זיין אמביציע, און ווי אזוי זיך אבצורעכענען מיט'ן נאטשאלניק און מיט די וויינשטיין'ס. לייבעל האט צום ערשטען מאל געקלעהרט וועגען ברודער, ווי עם דרעהט זיך ארום א בכבוד'ער איד אין שטאדט און געהט אוים מיט זיינע קינ־דערלאך פאר א שטיקעל ברויט, און ער, דער ברודער, האט א פולען שופלאר מיט געלד — און ער העלפט ניט אוים זיין ארימען ברודער מיט געלד צו פאהרען קיין אמעריקא. ער שלעפט איהם אב פון וואך צו וואך — שוין צייט צוויי יאהר. לייבעל האט איינגעזעהן וואס פאר א אונרעכט ער איז בעגאנגען געגען זיין ברודער, וויפיעל מאל ער איז געווען ביי איהם אין שטוב, א הונגעריגער, און ער, לייבעל, איז גע־זעסען און געגעסען, און ערשט נעכטען האט לייבעל געגעסען די פעטע לעבערלער, און ער האט געוואוסט אז דער ברודער זיצט פאר איהם א הונגעריגער און די פייכטקייט קומט איהם אין מויל אריין, און ער האט זיך נאך גערייצט מיט איהם, לייבעל האט זיך פערוואונדערט פארוואס ער איז אזוי שלעכט געווען צו זיין ברודער. קען דאס זיין, אז ער, לייבעל, זאל זיטצען און עסען, און דער ברודער זאל זיטצען א הונ־געריגער פאר איהם, ווי קען דאס זיין, אז ער, לייבעל, אזא פיינער און איידעלער מענש, אזא גוטער, זאל לאזען נאכלויפען נאך זיך א ברודער שוין צוויי יאהר, זעהען ווי ער טרינקט זיך און איהם ניט וועלען העלפען. ווי האט דאס געקענט געשעהען? האט זיך לייבעל

געוואונדערט אויף זיך, און ערשט פערשטאַנען ווי אזוי ער איז בע־גאַנגען אזא עולה.

און ווען דער ברודער האָט איהם אין אַבענד געבראַכט דאָס קישען אין וואַד אריין צו שלאָפען, האָט זיך ליבעל פּלוצים אנגע־רופען: „זאָג נור, העניך, וויפיעל בעדאַרפסט דו געלד אויף הוצאות קיין אַמעריקא? הונדערט רובעל וועט געגוג זיין מיינסטו?"

דעם ברודער האָט פערוואונדערט ליבעל'ס פראַגע, ניט פער־שטאַנען ווי איז געשעהן מיט ליבעל אזא פּלוצלינגע ענדערונג. ער לויפט איהם נאָך שוין צוויי יאָהר נאָך הוצאות אויף אַמעריקא, און ליבעל האָלט איהם אין איין אַבשלעפּען, און וואָס איז יעצט מיט אַמאָל געוואָרען מיט ליבעל'ן?

— עס איז דאָך נאָך דאָ צייט צו רעדען — וועסט אַרויסגעהן פון וואַד — וועלען מיר ריידען — האָט איהם דער ברודער אַבגעענטפערט.

און טאַקע אַז ליבעל איז נור אַרויסגעקומען פון וואַד האָט ער אריינגערופען דעם ברודער אין אַ צווייטען צימער און אַרויסגענומען הונדערט רובעל און געגעבען איהם אויף הוצאות קיין אַמעריקא.

און די מאַמאַ מיט'ן ווייב מיט'ן ברודער זיינען געשטאַנען פער־וואונדערטע, ערשראָקענע, און ניט פערשטאַנען וואָס איז געשעהען מיט ליבעל'ן.

---

## 5

## ליבעל פערליערט דאָס געלד און ווערט אַ מענש

נאָך דעם ווי ליבעל איז אַבגעזעסען אַ טאָג אין די וואַך — האָט ליבעל מעהר ניט געקענט לעבען אין דעם שטעדטעל. וואו ער איז נעגאַנגען האָט ער געהערט הינטער זיך אַ געלעכטער: דאָ געהט ליבעל דער „געזעסענער". פון אַלעמענס אויגען האָבען אַרויסגעשיינט די פייערלאַך פון נקמה. און ווי עפּעס איז מיט אַמאָל פערשוואונדען די גאַנצע אימה און שרעק וואָס מען האָט געהאַט פאַר איהם.

— וואָס, זיך שוין איבערגעבעטען מיט'ן נאַטשאַלניק? פרעגט אַ איד גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין, ווען ער טרעפט אַז ליבעל'ן אין גאַס, און ליבעל פערשטעהט דעם שטאָך דערפון.

נור לייבעל האט געקלעהרט, ווי אזוי זיך אבצורעכענען מיט'ן נאטשאלניק און מיט וויינשטיין'ען זיין שונא, און מיט דער גאנצער שטאדט, ווייזען ווער לייבעל איז. גאנצע נעכט ניט געשלאפען, גע־קלעהרט עצות און צום סוף געפונען. אויסגעפונען האט ער, אז דאס הויז וואו וויינשטיין וואהנט בעלאנגט גאר צו זיין ווייב'ס ערשטען מאן דעם סלוה, — און ער האט זיך געהאלטען פאר'ן ריכטיגען יורש, און צוליעב דעם איז דאך ארויסגעקומען די גאנצע שנאה צו לייבעל'ן — האט זיך אריינגעקליבען אין דעם הויז אריין נאך ביים סלוה'ס לעבען און צוגענומען זי פאר חזקה.

— הייסט עס וואהנט ער אין מיין הויז, מיין פראצע, מיין שווערע ארבייט, אויב אזוי ווייס איך שוין וואס איך האב צו טהאן.

— לייבעל, געדענק אין גאט, לאז'ן לויפען, וואס ווילסטו הא־בען ? אז „ער" עליו השלום האט גאר ניט געקענט מאכען מיט וויינ־שטיינ'ס — געסטו דיך איינשטעלען — האט דאס ווייב צו לייבעל'ן געזאגט.

„ער" עליו אשלום האט דאס ווייב געמיינט איהר ערשטען גע־שטארבענעם מאן, נור ניט צו דערמאהנען לייבל'ען אין אן אונאנ־גענעהמעס געפיהל, האט זי געזאגט „ער".

— ער, עליו השלום, איז געווען אן אלטער הינער פּרעסער און ניט געוואוסט וואס טהוט זיך מיט איהם. יעצט האט ער מיט מיר צו טהאן, מיט לייבעל'ן. איך וועל איהם לאזען וואהנען אין מיין הויז — אין מיין פערהארעוועטען געלט? עס איז דאך מיין פראצע — מיין פלייש און מיין בלוט — האט זיך לייבעל צוקאכט, ווי ער וואלט דאס פארמעגענס ניט געווען בעקומען פון זיין ווייב'ס ערשטען מאן נור ער וואלט דערויף שווער געארבייט.

לייבעל האט אויסגעפונען די נויטהיגע פאפּיערען און האט זיך געגעבען א לאז אוועק אין דער שטיל קיין ווארשוי אין דער פּאלאטע, אוועק צו א גרויסען אדוואקאט. און לייבעל האט געגעבען „א ציה און" אן עסק, מיט פּאפּירען, מיט צעהנדליגע עדות — און די נייעס איז אין א פּאר טעג ארום אריינגעפאלען אין שטאדט ווי א באמבע. לייי־בעל געהט אוועקנעהמען דאס הויז פון די וויינשטיינס, און לייבעל איז שוין ווידער ארומגעגאנגען איבער די גאסען פון שטעדטעל מיט ארויפגעדרעהטע וואנסעלעך, מיט'ן שטעקעלע אין די האנד, און די

קליינע אויגעלעך האבען אין זיין מאגער בלייך פנים געפינקעלט און אַרומגעלאָפען ווי צוויי מייזלעך, און אַ שמייכעלע האט זיך איהם גע־וויעזען אויף די מאגערע ליפעלעך. און לייבעל האט געוואונקען מיט איין אויג צו די פערבייגעהענדע:

— נו, וואס זאגט איהר יעצט, הע? אז איך האב געזאגט, אז לייבעל וועט זיך אברעכענען — וועט ער זיך אברעכענען. הע?

נור די וויינשטיינס האבען אויך ניט געשוויעגען. דער אַלטער וויינשטיין מיט'ן זוהן זיינען אוועק קיין ווארשוי אין דער „פּאַלאַטע" אריין, צו א גרויסען אדוואקאט, און האבען געגעבען אויך א ציה אן אן עסק מיט פאפיערען, מיט עדות, — און אין א פּאָאַר וואכען ארום האט מען לייבעל'ן געגעבען א רוף צום סלעדאוואטעל, און געהייסען זיך ווייזען די פאפיערען פון דער ירושה, דעם אַלטען'ס צוואה, די ווייב'ס כתובה. און לייבעל איז געוואהר געווארען, אז ער שטעהט אין אַ קרימינעלען פראַצעס, ער מיט זיין ווייב, אַז זיי האבען געפעל־שעוועט די צואה פון'ם אַלטען מלוה, זיין ווייב'ס ערשטען מאַן, אַרויס־גענארט פון איהם א פאפיער, פאר'ן טויט, ווען דער אַלטער האט שוין ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט איהם, און די אמת'ע צואה דעם אַלטענ'ס איז געווען אַן אַנדערע. אין איהר איז בפירוש געשטאַנען איינגעשריעבען, אַז דער אַלטער מלוה לאזט איבער זיין גאַנץ פערמע־גען צו זיין שוועסטער'ס זוהן וויינשטיין'ען, און לייבעל האט גענומען די צואה, וואס איז געלעגען איינגעשלאָסען אין שופלאַד, און עס בע־האַלטען, פערניכטעט, פערברענט — און אויף דעם האבען עדות גע־זאגט עדות, און פאפיערען האבען עס געצייגט.

איז ווידער שוין אַרומגעגאַנגען דער זייגערמאַכער וויינשטיין מיט זיין זוהן אין די גאַסען פון שטעדטעל מיט פרעהליכע פנים'ער און געריבען זיך די הענד פאַר שמחה און דערצעהלט:

— ער וועט דאָך ביי מיר אַוועקגעהן אין קייטען. אין קייטען וועט ער ביי מיר אוועקגעהן.

האט לייבעל געקלעהרט צו פערקאכען א קאשע, פון וועלכע די וועלט זאל קלינגען, צו בעגראבען וויינשטיין'ען מיט זיין זוהן מיט'ן נאטשאלניק צוזאמען. לייבעל האט שוין פאר גאר ניט מורא געהאט. לייבעל איז שוין געווארען א צוקאכטער, ער איז אוועק ווידער נאך ווארשוי, אין דער פאלאטע, און האט צוגעשטעלט א פאפיער, אז צום

פאראיאהרינגען פריזיוו האט זיך וויינשטיין'ס זיהנדעל געמאכט א לאם פיסעל. דער נאטשאלניק האט איהם בעפרייט פון סאלדאטען, און א טאג נאכ'ן פריזיוו איז וויינשטיין'ס זוהן'ס פיסעל געזונד געווארען. על כן וויל ער, לייבעל, וויסען (אזוי שרייבט ער צו ענדע פון זיין פאפיער) וויפיעל דער נאטשאלניק פון גאראד ק.... האט גענומען אט פאר דעם געמאכטען לאמען פיסעל צו בעפרייען פון סאלדאטען.

איז אראפגעקומען א גאנצע קאמיסיע אין שטעדטעל אריין, און מען האט געשלעפט אידען מיט בערד, פאטערס פון קינדער צוריק צום פריזיוו. און לייבעל'ן אליין האט מען אויך צוריק געשלעפט צום פרי־זיוו, און ער איז שיער א האאר אליין ניט אריינגעפאלען אין סאלדאטען. נור עס האט איהם אבגעהאלטען זיין מאגערער קערפער — און וואס ער האט אונטערגעשמירט וואו מען האט בעדארפט בעפאר עס איז גע־קומען דערצו.

אין צוויי יאהר ארום האט זיך לייבעל ארומגעקוקט, אז די פרא־צעסען מיט די פאפיערען, מיט די עדות האבען איהם זיין גאנין פער־מעגען אפגעקאסט. די גאנצע צעהן טויזענד רובעל, מיט די וועקסלען, מיט די הויז, מיט די משכנות זיינען אוועק ווי אין רויך אין די פרא־צעסען, און לייבעל איז איבערגעבליעבען אן ארימאן אהן פרנסה אויף מארגען. אהן וואלענע זאקען אויף ווינטער, נישט קיין בעזארגטער, נור ווי יעדער איד פון דער שטעדטעל, וואס וויים ניט וואס מארגען וועט זיין.

נור צייט ער האט פערלארען די צעהן טויזענד רובעל און די זיכער־קייט אין דעם מארגענדיגען טאג, האט זיך לייבעל עפעס ווי געאנדערשט. מענשען האבען בעמערקט, אז ווען לייבעל קומט ארויס אין גאס, ווארט ער נישט, ביז מען וועט איהם זאגען צוערשט „גוט מארגען". און לייגט זיך ניט איבער, אויב עס שטעהט איהם אן אבצוענטפערען אויף גלאט אזוי א גוט מארגען, וואס קומט פון א ליאדען אידען, נור לייבעל, היינט אז ער טרעפט אן אן עלטערען מענשען זאגט ער צוערשט גוט מארגען. און נאך א זאך: לייבעל האט אנגעהויבען צו דערקענען מענשען, אמאל האט לייבעל ניט דערקענט קיין מענשען. דאכט זיך א גוטער בעקאנטער, אן אלטער שכן, וואס איז אין איינעם מיט לייב־על'ן געגאנגען אין חדר אריין, געשפיעלט זיך — לייבעל דערקענט נישט. עפעס דאכט זיך איהם אז ער האט דעם מענשען געזעהן נור ער

נערענקט נישט ווען און וואו. ליבעל האט קיינמאל ניט געדענקט קיין נאמען. חיים'ען פלעגט ער רופען משה. משה'ן — חיים. איהם האט זיך געדאכט, אז א נאמען טראגט נור ער אליין, „ליבעל". און ווי קומט א פראסטער חי וקים צו א נאמען? וואס איז פאר אן אונ־טערשיעד מיט וואס פאר א נאמען מען רופט איהם. איצט האט ליי־בעל שוין דערקענט מענשען. ליבעל האט שוין אנגערופען מענשען מיט זייערע ריכטיגע נעמען. משה'ן — משה, און חיים'ן — חיים.

ליבעל איז בעסער געווארען צו דער מאמען. די מאמע האט מורא געהאט צו זאגען דאס ווארט „קלומפער" צייט ער האט אנגעשריען אויף איהר, און האט איהר געגעבען צו פערשטעהן, אז עס איז יא א חלוק צווישען א טעלעפאן און א קלומפער. דער מאמען איז אבער שווער אנגעקומען צו זאגען דאס ווארט טעלעפאן. זי האט לייכטער געקענט זאגען דאס ווערט קלומפער. און מורא האט זי געהאט צו זאגען דאס ווערט, און בעדארפען האט זי עס בעדארפט זאגען, ווייל אין אלעם איז דאך שולדיג געווען דער קלומפער — דער טעלעפאן — און יעצט האט זי געוואגט צו זאגען.

— ווען ניט דער פארשאלטענער טעלע־קלומפער — האט די מאמע ארויסגעזאגט — וואס מען האט אין שטוב ארייגעשטעלט, וואלט מען דאך דיר פון שלאף ניט אויפגעוועקט — וואלסטו דאך צום נאטשאלניק נישט געגאנגען קלאגען זיך — וואלט דאך צו די גאנצע צרה ניט גע־קומען — האסטו א קלומפער.

אז אנדערס מאל וואלט די מאמע שוין געווען געזאגט טע־לע־פאן נישט קלומפער, ווען זי וואלט געזאגט „וואס איז דער חילוק", וואלט ליבעל זיך צוקאכט — עס איז יא א חילוק פון טעלעפאן צו קלומפער. א טעלעפאן איז א טע־לע־פאן און א קלומפער איז א קלומפער, איז א חילוק אדער נישט קיין חילוק? און די מאמע וואלט געמוזט נאכגעבען: עס איז יא א חילוק. דאס מאל האט ליבעל גאר נישט געזאגט, און פער־קעהרט, ליבעל האט די מאמע'ן נאכגעזאגט „קלומפער".

ליבעל איז אפילו בעסער געווארען צו דער ווייב. אז ער איז אהיים געקומען, האט ליבעל אוועקגעשטעלט דאס שטעקעלע אויף זיין ארט, און געדענקט וואו ער האט עס אוועקגעשטעלט, און קוים האט ער עס ניט געפונען אויף זיין ארט, האט ער ניט געפרעגט ווי אמאל מיט'ן טאן, ווי עס וועלט געשעהן א קרימינעל פערברעכען: „וועה האט

מיר אוועקגעשטעלט דאס שטעקעלע?" נור געפרעגט: „באיטע האסט ניט געזעהן דאס שטעקעלע?" דאכט זיך, דאס שטעקעלע איז געשטאַ־נען"... און לייבעל איז זיך געגאנגען זוכען אליין דאס שטעקעלע.

לייבעל איז אפילו געזינטער געווארען, אז ער האט פערלאָרען די צעהן טויזענד רובעל. עפּעס קלאָגט ער זיך ניט מעהר אויפ'ן בויך — און טהוט איהם דער בויך וועה, קאכט זיך שוין ניט אזוי די שטוב מיט הארימע פּלעשער, מיט דאקטאר כאנאטאריום'ס פּילען, לייבעל בעהאלט עס פאר זיך, און אז לייבעל צודראפּעט דעם נאז, ווייס עס שוין קיינער ניט, נור לייבעל...

לייבעל האט אפילו פערגעסען זיין קענען און געבילדעטקייט מעהר פון דער גאנצער וועלט — וואס ער איז דערגאנגען מיט זיין אייגענעם שכל, און האט אנגעהויבען צו גלויבען, אז עס זיינען דא געבילדעטערע מענשען אויף דער וועלט, ווי ער, און איז שוין באלד דערגאנגען צו דעם, אז כאטש ער קען עסען לעבערלאך און משה רבינו קען שוין ניט עסען קיין לעבערלאך, איז דאך משה רבינו גרעסער פאר איהם...

און אז לייבעל איז ארויסגעקומען אויף דער גאס, האט ער שוין ניט געפּראוועט מאכען א פערגלייך צווישען זיך און די אנדערע אידען פון שטעדטעל. און טאמער האט איהם זיין פילאזאפישע אונרוהיגקייט געשטופּט צו דעם געדאנק, האט ער שוין ניט געפונען אזא גרויסען הילוק צווישען זיך און די אנדערע אידען פון שטעדטעל, אז ער איז לייבעל דער פערזארגטער מיט פרנסה, וואס קיין זאך קען איהם ניט געשעהן — און די אנדערע זיינען נידריגע ארימע ברואים, איז ווי קומען זיי צו איהם. ער האט שוין איינגעזעהן, אז אלע זיינען ארימע אידען, וואס ווייסען ניט וואס מארגען וועט זיין, פון וואנען מען וועט דעם מארגעדינען טאג איבערלעבען. אלע זיינען מענשען, וואס מען ווייס ניט וואס הינטער דיר שטעהט. דאכט זיך אט ערשט וואס געווען א גליקליכער מענש, א רוהיגער, א בעזארגטער, אנגעשטאפּט מיט געלד, און א זיכערע פרנסה דאס גאנצע לעבען, האט זיך געמאכט א קלומפּער (ער האט שוין יעצט אליין געזאגט קלומפּער ניט קיין טעלע־פאן). אנגעקלונגען אין קלומפּער, פון שלאף אויפגעוועקט, איז ער צום נאטשאלניק געגאנגען — און שוין. קען מען וויסען וואס מיט'ן מענשען קען פאסירען — האט זיך לייבעל געטראכט און געזאגט צו זיך אליין, און פילאזאפירט: אט דאס איז דער מענש!

ליבעל האָט קיין מאָל נישט געקלעהרט וועגען אַן אַנדערען נור וועגען זיך. אבער ליבעל איז בעזארגט, אבער ליבעל'ן קען גאר ניט געשעהן.. אבער ליבעל האט גענוג כבוד און געלד, און אז מען האט ליבל'ען בעליידיגט, און אז מען וויל ליבל'ען שלעכטס טהאן. נור צייט ליבעל האט פארלארען די צעהן טויזענד רובעל — האט ליבעל אויך אנגעהויבען צו קלעהרען וועגען ווייב, וועגען מאמע. פון וואנען וועט ער נעהמען פרנסה פאר זיי? קיין מלאכה האט ער ניט געלע־רענט. און ווען אפילו יא—וועט ער ליבעל זיך אוועקשטעלען ארבייטען דא אין שטעדטעל, אדער האנדלען, זיך א קרעמעל עפענען, און א קונה שלעפען אין געוועלב אריין, פאסט עס פאר איהם, פאר ליבעל'ן? ער איז געלעגען גאנצע נעכט און געקלעהרט וואו נעהמט מען פרנסה. פערשיערענע געדאנקען זיינען איהם אויפ'ן קאפ געקומען. ביז ער האט זיך דערמאהנט אן ברודער, אן העניך'ען, וועמען ער האט ארויס־געהאלפען מיט הוצאות קיין אמעריקא און ער האט שוין אהין אראפּ־גענומען די ווייב מיט די קינדער, און ליבעל האט זיך דערמאהנט אן די אלע שוסטער יונגען, אן שניידער געזעלען, אן אידען בעלי מלאכות, וועלכע זיינען אוועקגעפאהרען קיין אמעריקא, און האבען דארט אהין גענומען די ווייבער מיט די קינדער, און שיקען פאטאגראפיעס מיט גאלדענע קייטען אויף די וועסטען, און טאלערס צו טאטע־מאמע אויף יום טוב. און האט זיך געגעבען א פערגלייך, א שטעל אוועק זיך געגען זיי, און געגעבען א זאג צו זיך: אז משה חיים שוסטער און בעריל שניידער זיינען געווארען גאנצע קנאקערס אין אמעריקא — וואס וועל איך ליבעל שוין טהאן?

אז ליבעל האט זיך אויפגעהויבען אין דער פריה — האט ער אלע־מען געלאזט וויסען, אז ער פאהרט קיין אמעריקא — איך וויל מעהר דא ניט זיין, מיין פוס זאל דא מעהר די שטיינער ניט בעטרעטען. איך פאהר קיין אמעריקא.

די מאמע מיט'ן ווייב האבען זיך אוועקגעשטעלט וויינען איבער איהם:

— ליבעל, פון וואנען וועסטו נעהמען כוחות אין אמעריקא צו ארבייטען, ביזט דאך א שוואכער, אין אמעריקא מוז מען שווער אר־בייטען.

— איך ארבייטען! — האט לייבעל אויסגעשריען, אז משה־חיים שוסטער און בעריל שניידער זיינען געווארען אין אמעריקא קנאקערם וועל איך ארבייטען? זיי קענען ארבייטען, אבער נישט איך, לייבעל, איך וועל זיי ווייזען אין אמעריקא, ווער לייבעל איז!

---

.6

## לייבעל פאהרט אין אמעריקא.

לייבעל האט שוין איבער'ן וועג קיין אמעריקא אנגעשטויסען זיך אויף מענשען וואס האבען ניט געקענט לייבעל'ן און ניט געהערט פון איהם. עס האט איהם שוין פערוואונדערט וואס דער זשאנדארם ביי דער גרענעץ, די דייטשע קאנדוקטארם און די מאטראזען אויף די שיף, האבען לייבעל'ן בעהאנדעלט ווי א פראסטען חי וקיים, געשריען, געגעבען שטורכעס, און געהאלטען פערשלאסען אונטער'ן שלאס און צוגעווארפען קארטאפעלם מיט הערינג. נור אפילו אמעריקא — דאס אמעריקא, אין וועלכען יעדער שניידער און יעדער שוסטער ווערט אזא קנאקער, האט לייבעלן אויך ניט בעסער בעהאנדעלט, און ניט געהאט פאר איהם קיין מעהר אבשיי. לייבל'ען האט מען פערהאלטען אין עלים איילאנד, בעקוקט איהם פון קאפ ביז די פיס, בעטראכט זיינע הענטלאך — און געשאקעלט אויף איהם מיט'ן קאפ, געהייסען זיך אוועקזעצען אוןווארטען.

לייבעל האט געווארט, געווארט — ביז דער ברודער העניך איז געקומען. לייבעל האט איהם קוים דערקענט אין דעם קאפעלושעל מיט דעם קורצען רעקעל — און העניך האט לייבל'ען אראבגענומען.

— האסט געהערט, דיין אמעריקא געפעלט מיר ניט. עס געפעלט מיר שוין ניט — האט לייבעל געזאגט צום ברודער מיט כעס, ווי עס וואלט ווירקליך דעם ברודער'ס אמעריקא געווען, און דער ברודער איז שולדיג. מילא רוסלאנד — יאק רוסלאנד, אבער אמעריקא — וואס די גאנצע וועלט שרייט אמעריקא — נעהמט מען מיך און מען האלט און מען האלט. וואס איז? ביז דו, העניך — וועסט

מיך, לייבעל'ן אראבנעהמען. — הע, ציימען, אמעריקא — העניך וועט לייבעלן אראבנעהמען — דו קענסט און איך ניט.

— עס איז אזא געזעץ אין אמעריקא. וואס קענסט דו דיר העל־פען — האט איהם דער ברודער איינגעשטילט, זיי מוזען דאך אזוי מאכען. אין אזא גרויסער שטאדט קומט אראב צום ערשטען מאל א גרינער — טאמער וועסטו פערבלאנדזשעט ווערען.

— ווער, איך וועל פערבלאנדזשעט ווערען? און מיינסטו איך האב ניט געזעהען אזעלכע שטעדט ווי אמעריקא? א שפאס! — אז עס קומט אראב א אידעל פון א קליין שטעדטעל, א שניידער'ל, א שוסטער'ל — פערשטעה איך, אבער אז זיי דערזעהן א מענשען ווי איך — וואס א קאפעלושעל האב איך נאך געטראגען אין דער היים, און מיט א נאטשאלניק האב איך אויך געוואוסט ווי צו רע־דען, און אזעלכע שטעדט ווי אמעריקא שוין אויך געזעהען — וואס האלטען זיי? וואס ווארטען זיי?

— זיי ווייסען דען, ווער דו ביזט? פון וואנען זאלען זיי ווי־סען? — פארענטפערט אלץ דער ברודער זיין אמעריקא.

— אז מען קוקט מיך נור אן ווייסט מען שוין ווער איך בין.

— זיי האבען ניט קיין אויגען? עס געפעלט מיר שוין ניט דיין אמע־ריקא.

נור עס איז געווען ניט די איינציגע זאך וואס איז לייבעל'ן ניט געפעלען געווען אין אמעריקא. לייבעל'ן זיינען א סך זאכען אין אמעריקא ניט געפעלען. די ערשטע צוויי טעג איז לייבעל גע־זעסען ביי זיין ברודער אין דער היים, דער ברודער האט קיין צייט ניט געהאט מיט איהם אפילו פיעל צו פערברענגען. העניך האט זיך פריהמארגענס אויפגעכאפט, אבגעדאווענט און געלאפען אין שאפ אריין צו דער ארבייט. לייבעל איז איבערגעבליבען אין דער היים מיט די שווענערין מיט די קינדער. — האט זיך לייבעל אנגעטהאן דאס קאפעלושעל און איז אראפ אין גאס אריין.

אז לייבעל איז ארויס אין גאס ביי זיך אין שטעדטעל, האבען אלע געוואוסט ווער לייבעל איז. אלע האבען נאכגעקוקט און געטייט אויף איהם מיט די פינגער. דא געהט לייבעל איבער די גאס, מענ־שען לויפען פערביי, איילען זיך, שטופען איהם אהין, שטויסען איהם אהער — און קיינער ווייסט ניט ווער עס געהט. און דערפאר וואס

ליבעל איז געווען פילאזאפיש געשטימט. האט ער זיך געטראכט:
וואס וואלט געווען ווען לייבעל פאלט אזוי פלוצים אוועק אין דער
גאס, די מענשען וואלטען ווייטער פערבייגעלאפען, און וואלט זיך
ווער יא אבגעשטעלט קוקען, וואלט קיינער ניט געווען געוואוסט ווער
עס איז געפאלען, ווער עס ליעגט דא אין דער-בלאטע — א איד איז
געפאלען, און דאס איז אלעם. און לייבעל איז דערשראקען געווארען..

שבת האט העניך מיטגענומען דעם ברודער דאוונען אין די קאנגרע־
גיישאן אנשי ק. וואס האבען געהאלטען זייערע שבת'דיגע „מיטינגען"
אין דעם חתונה זאאל „פאריז" אין וועלכען עס האבען אויך „געמיט"
די יאנג מען ק. אסאסיאיישאן, דער דאון־טאונער בייז־באלל קלוב,
און דריי מאל אין דער וואך האט דער פאריזער טאנץ־מייסטער גע־
געבען טאנץ־לעסאנס. אלע סאסייעטים האבען געהאט הענגען אויף
די ווענד פון דעם האלל די צייכענס און די סטאטוטען פון זייערע סא־
סייעטים, און די „פיקטשורס" פון די געוועזענע און יעצטיגע פרע־
זידענטען און וויס־פרעזידענטען, אראבגענומען אין פערשיעדענע
פאזעס, און ניט אויסגעשלאסען דעם טאנץ־מייסטער מיט אלע זיינע
מעדאלען און „סאווענירס" וואס ער האט געקראגען פאר טאנצען.
ארויפגענאנגען אין דער קאנגרעגיישאן אנשי ק. איז מען דורך דעם
סאלון פון טאנץ האל „פאריז". און אז לייבעל האט דערזעהן וואו
דער ברודער פיהרט איהם, איז ער געווארען א פערוואונדערטער, נור
לייבעל וועט ניט פרעגען, לייבעל וויל זיך ניט וואונדערען, לייבעל
ווייסט אז ער איז ניט קיין גרינער, און ער פערשטעהט אז אמעריקא
איז אמעריקא. אין דעם טאנץ האלל האט לייבעל ארויסגערופען א
גרויסע סענסאציע. די לאנדסלייט האבען דערהערט, אז עס איז גע־
קומען צופאהרען א לאנדסמאן, איז אין דעם שבת דאס דאוונען גע־
ווארען בעזוכט פון פיעלע לאנדסלייט, וועלכע זיינען געקומען אב־
נעהמען א גרוס פון דער היים. לייבעל האט דא געטראפען אלטע
בעקאנטע, וועלכע ער האט געמיינט זיי זיינען שוין לענגס טויט
און געפינען זיך אויפ'ן בית עולם אין זיין שטעדטעל ק... עס זיינען
אויפגעשטאנען צו תחית המתים מענשען, וועלכע ער האט געקענט
פון זיין יוגענד, אלטע חדר־חברים, בית־המדרש בחורים, שכנים פון
געסעל, וועלכע זיינען פערשוואונדען געווארען און אויסגעמעקט פון
זכרון ווי טויטע... און יעצט שטעהן זיי פאר איהם. דאס איז חסקיל

היטעל־מאכער, און דאס איז דער דארפס־געהר און עפשטיין מעקלער, און זרח מקוה־איד — אלע שטעהן זיי פאר איהם.

— און, ווער איז דאס? — פרעגט א איד מיט אן ארומגעשוירען בערדעל, די האר ווי דראטען, מיט שווארצע ברעמען — אויף ליבל'ען.

— דו דערקענסט איהם ניט? — ענטפערט אב א צווייטער, — דו קוק דיך נור, גוט איין אין איהם, וועסט דו איהם שוין דערקענען.

— איי בעטש יו עס איז אט דער, וואס האט חתונה געהאט מיט די רייכע אלמנה פון דעם אלטען מלוה — וואס איז געווען אזא קנא־קער אין שטאדט, אלעמען געבארגט געלד און געבלאזען פון זיך, — ווי האט מען איהם דאס גערופען, וואס אלע האבען פאר איהם מורא געהאט.

— ליבעל — זאגט דער צווייטער.

— יעס, ליבעל — אויב אזוי שלום עליכם ברודער, וואס מאכסט דו? הייסט עס אויך אראבגעקומען צו אונז. זעהסט, בעריל, אלץ קומט קיין אמעריקא — איך האב דיר געזאגט, אז קראשנאוויץ וועט אראבקומען קיין אמעריקא, אלע וועלען זיי קומען, מיט'ן דאזאר, מיט'ן רב — זעהסט זיי קומען.

— ווער איז דאס? — פרעגט ליבעל דעם ברודער.

— דו דערקענסט איהם ניט? — עס איז דאך משה פוהרמאן, דער וואס האט ביים טאטען די פערד געשמיסען. דו געדענקסט איהם ניט?

— יא, משה פוהרמאן. נו שעק הענד, ברודער, מיר זיינען אין אמעריקא. דא איז וסיא ראוונא — איין טייוועל!

ליבעל איז געבליבען א פערשטיינערטער. — משה פוהרמאן, א יונג, וועלכער האט ניט געוואגט אין דער היים ליבעל'ן צו גריסען, צו ליבעל'ן צוצוגעהן, קלאפט איהם איבער'ן פלייצע און זאגט איהם „דו" און וסיא ראוונא, איין טייוועל. — נור העניך טרייסט איהם און שעפטשעט איהם אין אויער.

— שווייג, ליבעל, עס איז אמעריקא, און משה קען דיר א דזשאב געבען.

ליבעל האט נאך ניט פערשטאנען וואס דער ברודער מיינט, נור ליבעל האט געשוויגען.

באלד האט זיך די טהיר אויפגעעפענט און עס איז אריין א רונדיג אידעל ווי א באלל, מיט א צילינדער הוט און מיט צוויי רויטע רויהע באקען און אן אונטערגאמבע, וואס פערטרעט די שטעל פון א בארד. — ער זעהט נישט קיינעם, ער קען נישט קיינעם, — צוגעלאפען צום מזרח־וואנד, ארויסגעכאפט פון טאש א טלית'ל אזוי גרוים ווי א נאז־טיכעל און ארויפגעלייגט זיך אויפ'ן קארק — מיט'ן בעפעהל: שמש דאוונען.

— דאוונען! דער פרעזידענט איז דא.

און באלד איז צוגעלאפען צום עמוד ארון מאיר וועשטרעגער, וואס האט נאך אין דער היים געהאט די שוואכקייט צו שטופען זיך צום ברעטעל, און מען האט איהם קיינמאל ניט צוגעלאזט, און מיט זיין פערשלאפען קול'כעל ארויסגעכריפעט: יתגדל ויתקדש!

צום לייענען האט דער פרעזידענט זיך גענומען אלע פעטע עליות. ער האט זיך גענומען דאס אויסהויבען: שלישי און מפטיר. לייבל'ען האט מען אלץ נאסט מכבד געווען מיט חמישי; ביי דער תורה האט דער פרעזידענט לייבל'ען אבגעגעבען שלום עליכם, און אז לייבעל האט איהם געקוקט אין די אויגען אריין, איז ער געווארען א פערשטיינערטער: לייבעל האט דערקענט דעם פרעזידענט מאטעל אכלאף.

— אוי, וועה איז מיר, עס איז דאך מאטעל אכלאף, ער האט דאך ביי מיר גע'גנב'עט די וועש פון בוידעם — רופט לייבעל אוים צום ברודער.

— לייבעל שוויג, געדענק אין גאט, אז מאטעל וועט וועלען וועט וועט ער דיר געבען א דזשאב, און אז מאטעל וועט ניט וועלען וועט ער דיר ניט געבען.

— וואס הייסט, מאטעל... ביי מיר ליגען דאך נאך זיין ווייב'ס אוירינגלאך, וועלכע ער האט ביי מיר געלאזען פאר משכנות.

— שוויג, מאטעל איז מיין באס, ביי איהם נעה איך העמדער, און משה פוהרמאן איז דא א פארמאן ביי איהם, נור אין דער היים האט משה געטריבען פערד, געווען א פוהרמאן איבער פערד, דא איז משה א פוהרמאן איבער מענשען, און אז משה וועט וועלען וועט ער דיך איינשפאנען ביי מאטעל אכלאף צו דער ארבייט, און דו וועסט דאנקען גאט, אז משה וועט דיר וועלען איינשפאנען.

— וואס הייסט?

— ער וועט דיר וועלען געבען א דזשאב — זאגט דער ברודער.

נאכ'ן דאווענען האט משה פוהרמאן צוגעפיהרט לייבעל'ן צו מאטעל אכלאף, און ווייזענדיג אויף לייבעל'ן האט משה פוהרמאן געזאגט:

— דער פעטער דערקענט איהם ניט? — דער פרעזידענט אכלאף איז געווען דעם פארמאנס א פעטער.

דער פרעזידענט אכלאף האט זיך גוט איינגעקוקט אין לייבעל'ן און געפינקעלט מיט איין אויגעל, און געזאגט צו זיך מיט רחמנות:

— ניין, איך געדענק נים.

— דער פעטער דערמאנט זיך ניט, דער וואס האט חתונה געהאט מיט דער רייכער אלמנה, דעם אלטען מלוה'ס ווייב, וואס האט געהאט געלד שטעהן אויף אלע הייזער אין שטעדטעל, איז א קנאקער געווען, און א מאכער א גרויסער, און ניט געטארט רעדען צו איהם, און געבלאזען פון זיך, לייבעל האט מען איהם גערופען.

— אט דאס איז לייבעל, דאס איז ער? — האט דער פרעזידענט אכלאף געזאגט מיט פערוואונדערונג.

— יא, פעטער, דאס איז ער.

לייבעל איז געשטאנען, דאס פנים האט איהם געברענט פאר בושה, און ניט געוואוסט וואו די אויגען צו בעהאלטען. צו איהם רעדט מען אזוי, און וועך? מאטעל אכלאף. נאר דער ברודער איז געשטאנען הינטער איהם און געשעפטשעט איהם אין אויער.

— לייבעל ביזט אין אמעריקא.

— אה, דאס ביזטו? האסט מיר דאכט זיך אמאל געלד געבארגט אויף מיין ווייב'ס אוירינגלאך. האסטו נים?

— יא, — האט לייבעל פערשעהמט אבגעענטפערט.

— נו, וואס ועסטו טהאן אין אמעריקא?

— וואס וועט ער טהאן — וואס אלע אידען טהוען, ער וועט עמדער נייהען, — רופט זיך אן העניך פאר לייבעל'ן.

— אויב אזוי, ברענג איהם מארגען צו דער ארבייט. — משה, וועסט איהם געבען א דזשאב — רופט זיך אן דער פרעזידענט אכלאף צו משה פארמאן זיין קאזין. — א גוטען שבת אידען.

און ער לייגט זיך דאס טלית'ל אין קעשענע אריין און געהט ארוים פון האלל.

— וואס, איך וועל העמדער נייהען ביי מאטעל אכלאף? — האט לייבעל זיך צושריען אויפ'ן וועג אהיים פון דער שוהל.

— דו וועסט נייהען ביי אכלאף העמדער און דו וועסט ראנקען גאט אז אכלאף וועט דיר געבען העמדער. אין אמעריקא, ברודער, ביזטו נים לייבעל.

---

.7

## לייבעל איז טוידט, — לייבעל לעבט.

פאסען ליכט האבען אריינגעשניטען דורך דעם האלבען צוריסענעם בלאהען פארהאנג אויף דעם ברייטען בעט וואס האט אנגעפילט דאס גאנצע קליינע שטיבעל. דאס ליכט האט געשלאגען אויף לייבעל'ס בלייכען פנים'על, וואס איז געווען פערטרונקען אין קאלדרעס און קישענס. דער מויל האלב אפען און עס האבען זיך ארויסגעוויזען די צוויי פאדערשטע צייהן פון די ליידינע קאסטענס, ווי אויסגעהאקטע שויבען אין א פענסטער... און לייבעל'ס אויגען האבען זיך נעקניטשט, געציקט און לייבעל'ס פנים'ל האט געשמייכעלט. לייבלען האט זיך גע'חלום'ט אז ער געפינט זיך אין דער אלטער היים.

אז ער געפינט זיך נאך און דער אלטער היים, און ער איז נאך א לייבעל, געהט אין גאס ביי זיך אין שטערטעל, אידעלאך גריסען זיך צו איהם אויף די שוועלען פון זייערע געוועלבער, און ער ענטפערט ניט אפ און געהט ווייטער, מיט אמאל אויסגעוואקסען א מערא'ל אויף זיין ברוסט מיט אמאל איז ער געווארען א נאטשאלניק. ניין, ער איז געווארען משה פארמאן, און ער איז נאטשאלניק איבער אכלאף'ס שאפ און אט הייסט ער דעם איינזעטצען אויף פיער און צוואנציג שעה, און אן אנדערען הייסט ער איינזעטצען אויף אכט טעג אויף ברויט און וואסער, און פלוצלינג געהט ער צו צו לייבלען, וועלכער זיצט אין א ווינקעל מיט'ן ברודער העניך און נעהט העמדער און לייבעל דער־זעהט ווי לייבעל קומט צו צו איהם הויבט ער אן פלינקער נעהען ביינט איין טיעף דעם קאפ אין העמד און נעהט און נעהט. נור לייבעל איז בייז, און נים א מאך מיט'ן שטעקעל — וואס טהוסטו דא לייבעל?

וואס שטעהסטו דא? וואס זיצטו? ווי הייסטו? — און ליבעל ווערט א דערשראקענער און קען נישט ענטפערען, און ליבעל הייסט אז מען זאל נעהמען ליבלען און איינזעטצען אויף פיער און צוואנציג שעה אויף ברויט און וואסער, ליבעל וויל זאגען אז ער איז ליבעל — און קען ניט רעדען. און ליבעל וואונדערט זיך, ווי אזוי קען ליבעל איינזעטצען ליבלען? — ליבעל, ליבעל — דער זייגער האט געשלא־גען זיעבען, וועקט איהם ווער, — ליבעל דו הערסט ניט — ליבעל!

ליבעל רייסט אויף די אויגען און קוקט זיך ארום מיט פערוואונ־דערונג וואו ער געפינט זיך, דערהערט באשעם שטימע פון דער צווייטער שטוב.

— וואס, ליבעל, דו ווילסט, אז משה'לע פוהרמאן זאל דיר ווידער אבשניידען פון די ווידזשעס, ווילט זיך דיך שוין ווידער פערשפע־טיגען.

די מאמע אבער, וועלכע האט זיך נאך ניט צוגעוואהנט צו רעדען צו ליבעל'ען אין אזא שטרענגען טאן, און זיינע אויגען האבען נאך איהר דערמאנט פון ליבעל'ס אמאליגע גדולה, האט ארייגעשטעקט דעם קאפ פון דער פארהאנג, וואס האט פערשטעלט דאס קיבעל.

— ליבעל, עס איז דאך שוין טאקע שפעט, דו וועסט דאך דערנאך פערדרוס האבען.

און ליבעל האט זיך דערמאהנט, אז עס איז שוין דריי יאהר ווי ער איז אוים ליבעל געווארען און איז געווארען אן אפערייטאר ביי אבלאף'ען אין שאפ. שוין דריי יאהר ווי ער זיצט און נעהט העמדער, ליבעל נעהט העמדער. געמיינט האט ער, אז אט וועט ער נור א פאר וואכען אבנעהען, ביז ער וועט אביסעל בעקאנט ווערען אין לאנד, אין גאס מיט די מענשען, דערנאך וועט ער זיך שוין ארויסכאפען, ער וועט זיך שוין צו עפעס נעהמען, ער וועט שוין עפעס ווערען — א סיילעסמאן, און אפשר אליין אמאל א שטיקעל מאנופעקטשורער און דערנאך נאך ווייטער. וואס הייסט ער ליבעל וועט זיין לעבען פערפאלען לאזען ביי אבלאפ'ען אין שאפ, נור ליבעל איז ביסלעכווייז ארייגעגנארט געווארען אין שאפ, די אמביציע האט נאך געחלום'ט, פאנטאזירט — נור ליבעל האט דערווייל רחמנות געקראגען אויפ'ן ווייב און אויף דער מאמא וואס ער האט זיי אליין אין דערהיים געלאזט, ליבעל האט די

פאמיליע אראבגענומען און לייבעל נעהט נאך אלץ העמדער און חלום'ט ביי־נאכט פון'ם אלטען לייבעל...

נור דער חלום איז באלד אויסגעוועפט געווארען — ווען לייבעל האט דערזעהען דעם גרויען טאג: „אוי וועה איז מיר, עס איז שוין טאקע שפעט" — האט לייבעל אויסגעשריען און פלינק וואסער געגא־סען איבער'ן פנים, אנגעטהאן זיך, ניט קיין צייט געהאט צו דאווענען. דאס ווייב האט שוין איהם ניט געלאזט עסען, די מאמא האט רחמנות געהאט.

— לאז איהם אויסטרינקען דאס ביסעלע קאפע, ער האט דען כוח צו ארבייטען. לייבעל אן ארבייטער, וועה צו די יאהרען.

— שוויגער, עס איז איהם קיינער ניט שולדיג, ער האט זיך אלעם אליין אנגעמאכט, אלעס אליין, — האט דאס ווייב אפגעענטפערט.

— אודאי, דער קלומפער, דער פערשאלטענער קלומפער, ווען מ'וואלט דעם קלומפער אין שטוב ניט געווען אריינגעשטעלט — וואלט דאך צו גאר ניט געקומען.

— שוין ווידער מיט'ן קלומפער, קלומפערסט שוין וויעדער. איך האב שוין געהערט — וואס ווילסטו? דו האסט דיך ניט וואס צו קלאגען דאכט זיך, — וואס ווילסטו?

די מאמא האט דערקענט אין לייבעלס אויגען די פייערלאך, און אויס געוואהנהייט האט זי זיך דערשראקען און געוואלט צוריק כאפען די ווערטער, נאר די שנור איז איהר צו הילף געקומען:

— שוין, שוויגער, איהר מעגט שוין זאגען קלומפער, איהר האט שוין ניט וואס מורא צו האבען, שוין אויס טעלעפאן, אויס לייבעל. — לייבעל איז א וויסטער אפערייטאר, ביי אכלאף'ן, און משה פוהרמאן איז זיין באס — עס איז זיך שוין ניטא וואס צו שרעקען.

לייבעל האט זיך נאך געפיהלט שטארק געגען דער מאמא'ן, אבער געגען דעם ווייב האט ער דא אין אמעריקא זיין גאנצע ממשלה פער־לארען. אביסעל האט זיך לייבעל געפונען שולדיג געגען איהר וואס ער האט א תל געמאכט פון איהר געלד, און אביסעל צוליעב עפעס אנדערש. — זינט באשקע איז אראפגעקומען אהער אין אמעריקא, און האט זיך צוגעהערט און צוגעקוקט ווי איהר שכן'טע א פעטע רומענישע אידענע בעהאנדעלט איהר מאן, ווי אלע ווייבער בעהאנדלען די מענער אין אמעריקא האט זי זיך באלד אויך אויסגעלערענט אז אין אמעריקא

איז „ליידים פוירסט", און לייבעל האט ביי איהר די גאנצע גרולה פערלארען. לייבעל האט שוין ניט קאמאנדעוועט, מען האט שוין מיט איהם קאמאנדעוועט. און נישט באשע נור לייבעל האט שוין געמוזט וויסען וואו באשע האט עפּעס אין שטוב אוועקגעשטעלט. „לייבעל וואו שטעהט דער בעזים?", לייבעל האט שוין באשען געמוזט אבגעבען דין וחשבון פון יעדען גראשען וואס ער האט אין גאס אויסגעגעבען. לייבעל האט אליין נישט געוואוסט ווי אזוי עס איז געווארען. מיט אמאל איז ער אוים לייבעל געווארען און באשע איז לייבעל געווארען. און אזוי ווי לייבעל האט אמאל געקענט הערשען אזוי האט ער זיך באלד אויסגעלערענט בעהערשט צו ווערען — ער האט שוין מורא געהאט דאס מויל אויפצועפענען, געכאפּט דאס פוטער און ברויט אין טאש און אויסגעשריען א ווארט און איז אראב אין גאס.

נור צייט לייבעל איז אין אמעריקא און נעהט ביי אכלאפ'ן העמדער, האט ער אנגעהויבען צו טראכטען. צו טראכטען האט ער שטענדיג א נייגונג געהאט, נאך פון דער היים. נאר דא, אין אמעריקא, זיצענדיג גאנצע טעג ביי די מאשין נעהענדיג העמדער, האט דער קאפּ צייט גע־האט צו טראכטען און איבערצוקלערען זיין גאנצען לעבען. זיצט ער גאנצע טעג און טראכט: אט דאכט זיך ערשט געווען לייבעל און — שוין אוים. און פאר וואס איז עס אזוי? טראכט ער און טראכט און קען זיך ניט דערטראכטען. ביי אכלאפ'ן אין שאפּ האט זיך געלאזט טראכטען, ווייל דארט האט זיך געפונען גענוג מאטעריאל וואס האט בעשעפטיגט ניט נור בלויז די הענד, נור אויך דעם מוח.

ביי אכלאפ'ן אין שאפּ האט זיך געפונען גאנץ קרושנעוויץ. יעדעס מאל האט זיך בעוויזען א נייער בעל־הבית פון קרושנעוויץ. וואס איז אין דער היים געווען א סוחר, א געשעפטסמאן, א נגיד, א דאַזאַר, אן אנגעזעהנער מענש. איינציגווייז זיינען זיי ארויפגעקומען, ווי אויפגעטאַרטע גייסטער צו אכלאפ'ן אין שאפּ און גענעהט העמדער. די גאנצע מזרח־וואנד פון קרושנעוויצער שוהל געפינט זיך שוין ביי אכלאפ'ן אין שאפּ. אט קוקט זיך לייבעל ארום, געגענאיבער איהם זעהט ער זיין שונא, דעם זייגער־מאכער וויינשטיין, צוליעב וועלכען דאס גאנצע אונגליק איז געשעהן — ביידע שונאים זיצען יעצט אינ־איינעם און נעהען העמדער. אביסעל ווייטער, דער לערער־סוחר ביי וועלכען ער האט געהאט שטעהן טויזענד רובעל. ר' יחיאל ברכיה,

דאזאר און משה אהרן ציגארמאכער, דער פאליטיקער פון שטאדט. אלע זיינען זיי דא, און איבער זיי איז אויפזעהר משה דער פוהרמאן. די זעלבע האנד וואס האט די פערד אנגעיאגט אין דער היים, די זעלבע האנד יאגט אן די בעלי בתים פון קרושנעוויץ אין אמעריקא צו דער ארבייט. און אזוי ווי די מתים נאכ'ן טויט וואס ליגען אויף איין בית־עולם האבען ניט וואס צו טהאן נור צו דערמאנען זיך אן זייער געוועזענעם לעבען, אזוי דערמאנט זיך קרושנעוויץ, ביי אכלאפ'ן אין שאפ, דאס געוועזענע לעבען פון קרושנעוויץ. יעדער פערוואָרפענער שטיין פון קרושנעוויצער מארק ווערט דא דערמאנט. יעדע געשעהנים פון פערצייטען ווערט דא איבערגע'חזר'ט. און האט מען ניט קיין נייעס, דערמאנט מען זיך אן אלטען.

— דו געדענקסט, לייבעל, ווי דו האסט מיך אמאל מיט'ן שטע־קעלע גערופען צו זיך און געפרעגט מיך וואס איך דרעה זיך אויפ'ן מארק ארום — ווי דו וואלסט מיר פרנסה געוועזן געגעבען? — פרעגט לייבעל'ן מרדכי שוסטער, וועלכער זיצט שוין אויך ביי אכלאפ'ן אין שאפ.

— דו געדענקסט, לייבעל, ווי דו האסט אמאל געטראָפען מיך זיצען מיט מיין ווייב און קינד פאר דער טהיר, און פאר גאר ניט אין דער וועלט ביזטו צוגעקומען צו מיר און דו האסט מיך געגעבען א פרעג, אויב איך האב דיר אנגעגרייט די טויזענד רובעל, וואס איך בין דיר שולדיג, כאטיש איך האב דיר געצאהלט ציגזען און דו האסט דאס געלד ניט געדארפט, נור גלאט אזוי, עס איז דיר ניט געפעלען, וואס מיין קינד עסט אן איי. זעהסט איבער דיר זיין איך היינט אין אמעריקא און נעה העמדער ביי אכלאפ'ן. און ווען דו וואלסט מיר דאן ניט פערקויפט דאס הויז מיט דעם לעדער־געשעפט, וואלט איך נאך ביז היינטיגען טאג געווען א סוחר, — זאגט צו איהם דער לעדער־סוחר.

און לייבעל געדענקט אלעס. ער ווייס טאקע, אז עס איז אזוי גע־ווען, און קען ניט פערשטעהן פאַרוואס עס איז אזוי געווען; צי איז ער טאקע אזוי שלעכט געווען. ווי האט ער, לייבעל, געקענט זיין אזוי שלעכט, און פאר וואס האט ער דענסטמאל ניט געוואוסט וואס ער ווייכט היינט.

זינט דער זייגערמאכער וויינשטיין איז אראבגעקומען און איז

אויך אריינגעפאלען צו אכלאף'ן אין שאפּ, האבען זיך די לאנדסלייט געוואלט אריינלעגען און מאכען א שלום צווישען זיי. נור ביז איצט איז דאס זיי ניט געלונגען. וויפיעל מען האט ניט אויסגעארבייט מיט זיי אין דער קאנגרעגיישאן אנשי קרושנעוויץ אום יום־כפּור, אז זיי זאלען זיך איבערבעטען האט גאר ניט געהאלפען. דער זייגערמאכער וויינשטיין, וועלכער איז געווען א איד אן עקשן, האט געשריען.

— איך זאל זיך איבערבעטען מיט דעם יונג, וואס האט געפאלשעוועט די צוואה, מיך בערויבט פון מיין ירושה און האט מיר און מיין זוהן אונגליקליך געמאכט?

און ליבעל האט געשריען:

— צוליעב איהם האב איך דאך מיין גאנץ פערמעגען פערלוירען. ער האט דאך גע'מסר'ט, און צוליעב איהם בין איך דאך קיין אמעריקא אראבגעקומען.

נור משה'לע פוהרמאן מאכט צווישען זיי שלום. אז די לאנדסלייט צורעדען זיך צופיעל פון היימישע ביזנעס, קומט משה'לע אריין און גיט א קלאפּ מיט דער האנד:

— קרושנעוויץ, שאט אפּ! דא איז אייך ניט קרושנעוויץ. ווערט איהר ארבייטען, איז אללרייט, אז ניט נעהמט די ביינער און טראגט אייך אב. — און ער גיט א געה צו ליבעל'ן, און א בעקוק א קופּקע העמדער וואס ליגען ביי איהם:

— דאס איז אלעם וואס דו האסט געמאכט היינט? וואס מיינסטו דא ביזטו ליבעל? דא איז דיר ניט קרושנעוויץ! — און גיט איהם א שנייד אב פון טאג, און שפּיעלט די זעלבע חתונה אב דעם זייגערמאכער. בלוטיגען זיי ביידע.

האבען די לאנדסלייט א נאמען געגעבען דעם פּארמאן „ליבעל".

און אז משה פוהרמאן צולאזט זיך אויף זיין קול און שרייט:

— וויא קרושנעוויץ, איילט זיך צו, איילט זיך צו!

זאגען די לאנדסלייט:

— „ליבעל ליבעלט שוין!"

הערט דאס ליבעל און דערמאנט זיך אן דעם חלום וואס ער האט געהאט, ווי ליבעל איז געקומען צו ליבעל'ן, און ליבעל האט געיאגט

און קאמאנדעוועט איבער לייבעל'ן. און ער הויבט אן צו פערשטעהן דעם חלום.

און טיילמאל ווען לייבעל זיצט אזוי ביי דער ארבייט און ער דערמאנט זיך אן דער אלטער היים, וואס ער איז געווען אין דער אלטער היים, און וואס עס איז געווארען דא פון איהם, רופט ער זיך אב צום ברודער העניך, מיט וועלכען ער האט נאך ליעב געהאט צו פילאזאפירען אין דער היים:

— וויסטו, העניך, מיר דאכט זיך אז איך בין געשטארבען און ווידער אויפ'ס ניי געבוירען געווארען. דאס לעבען דארט אין קרוש־נעוויץ איז געווען פון אן אנדערען לייבעל, און יענער לייבעל איז אב־געשטארבען, און דא בין איך ווידער געבוירען געווארען און בין א שניידער, אן אפרייטאר ביי אכלאפ'ן. איך בין נאר שלעכט געבוירען געווארען. און איהר אלע דא, גאנץ קרושנעוויץ, איז אבגעשטארבען און ווידער געבוירען געווארען אין אמעריקא ביי אכלאפ'ן אין שאפ פאר שניידערס, און משה פוהרמאן טרייבט זיי אן.

— ניין, לייבעל, דו ביזט ניט געשטארבען — רופט זיך אב דער ברודער מיט זיין פילאזאפישער איבערלעגונג, און איך בין ניט געשטאר־בען און גאנץ קרושנעוויץ איז ניט געשטארבען. דער לייבעל האט זיך ניט געענדערט. דארט אין דער היים ביזטו געווען „לייבעל" און דא, איז משה פוהרמאן „לייבעל". וואס איז דער חילוק? דארט איז געווען שלעכט און דא איז שלעכט. וואו „לייבעל" איז, דארט איז ניט גוט.

— וועט טאקע לייבעל קיינמאל ניט שטארבען? איך בין דאך שוין געשטארבען!

— דו, יא, נור לייבעל ניט, לייבעל לעבט אייביג. אין יעדען דור, אין יעדען לעבען לעבט לייבעל. ווייל לייבעל לעבט אין אונז, אין יעדען פון אונז איז דא א שטיקעל לייבעל, ער שטארקט זיך און זעטיגט זיך מיט אונזער בלוט. און מיינסטו, ביי דיר, לייבעל, איז לייבעל שוין טויט? — רעדט אליץ דער ברודער — ווארט נור אביסעל. יעצט ביזטו געשלאגען, דער'הרג'עט. אבער ווארטסטו נור אביסעלע פעסטער גע־שטאנען אויף די פיס אין אמעריקא; ווען דו ווארטסט נור אביסעלע

בעסער אב געווען: ווען דו זאלסט האבען צו ואגען איבער משה'ן און ניט משה איבער דיר — וואלסטו געזעהן ווי דער גאנצער „ליבעל" וואלט זיך מיט אמאל אבגעפונען און נאך מיט מעהר שטארקייט און מיט מעהר חוצפה, אז עס וואלט געווען א שרעק פאר דיר.

ליבעל האט נאכגעקלערט און געשוויגען, ווייל ער האט איינגעזעהן, אז דער ברודער האט געטראפען דעם אמת.



